# באַמערקונג

אין דעם בוך גייען אַריין כמעט אַלע לידער, וואָס י. קיסין האָט געשריבן און די מערסטע פון זיי געדרוקט ביי זיין לעבן. פון די אומצייליקע לידער, וואָס ער האָט איבערגעזעצט פון אַנדערע שפּראַכן, נעמען מיר אַריין די דריי גרעסערע פּאָעמעס: דעם „רובאַיאַט פון אָמאַר כאַיאַם" פון פידזשעראַלדן, מיט באַמערקונגען און מיט אַן אַריינפיר, אויפן סוף פון דעם בוך; „דער אַלטער מאַטראָז" פון סעמיועל טעילאָר קאָלרידזש, און „דער ראָב" פון עדגאַר עלען פּאָו, און עטלעכע קלענערע לידער פון פּאָו און אַנדערע דיכטער. קיסין האָט אַמאָל געפּלאַנט די דריי גרעסערע פּאָעמעס צוזאַמען מיט זיין איבערזעצונג פון ראַינער מאַריאַ רילקעס עסיי וועגן אויגוסט ראָדען אַרויסצוגעבן אין אַ באַזונדערן בוך.

פון דער גרויסער צאָל אַרטיקלען און רעצענזיעס, וואָס קיסין האָט פאַרעפנטלעכט אין „פאָרווערטס", „צוקונפט" און אין אַנדערע זשורנאַלן און צייטונגען, גייען אַריין אין דעם בוך בלויז אַ טייל פון די אַרבעטן וועגן יידישע שרייבער און דיכטער און זייערע ביכער.

י. קיסין האָט ביים לעבן ניט אַרויסגעגעבן קיין איינציקע זאַמלונג פון זיינע אייגענע לידער. עס זיינען אָבער יאָ אַרויס עטלעכע ביכער, וואָס ער האָט איבערגעזעצט פון אַנדערע שפּראַכן: אַ באַנד „לידער און עסייען" פון עדגאַר עלען פּאָו; „דער וועג צו פרייהייט", ראָמאַן פון אַרטור שניצלער; „דער ייד", ראָמאַן פון א. מ. גאָלדשמידט; „אינפערנאָ", ראָמאַן פון ע. שטילגעבאוער; „אין רוסישע און פראַנצויזישע תפיסות" פון פּעטער קראָפּאָטקין; אַן אייגענע עסיי וועגן פּאָו, און אַן אַנטאָלאָגיע „לידער פון דער מלחמה", געדרוקט אין 1943.

באַלד נאָך קיסינס טויט זיינען עטלעכע חברים זיינע זיך צוזאַמענגעקומען אין אָפיס ביי דר. מענדל סודאַרסקין און מ'האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ באַנד פון קיסינס לידער און קריטיק. ביי דער באַראַטונג זיינען געווען: דר. סודאַרסקי, ע"ה, א. לעדערמאַן, סאָטשע דילאָן, מאַני

לייב און נפתלי גראָס. די אַרבעט צוזאַמענצושטעלן דאָס בוך האָבן גענו־מען אויף זיך מאַני לייב און נפתלי גראָס. קיסינס איינציקער זון, דר. סאול גאָרן, האָט זיך אונטערגענומען צו דעקן די גייטיקע הוצאות, וואָס דאָס בוך וועט קאָסטן אַרויסצוגעבן.

נישט גרינג איז געווען דאָס צונויפזוכן קיסינס לידער און עסייען. קיסין האָט איבערגעלאָזט גאַנצע פּעק מיט אַלערליי שריפטן און אויס־שניטן, נאָר קיין זאַמלונג פון זיינע לידער און אַרטיקלען האָט מען צווישן זיי נישט געפונען. דאָס איינציקע, וואָס מ'האָט יאָ געפונען, איז אַ פאַרצייי־כעניש פון אַן 80 לידער זיינע.

אין טייל פון די לידער און עסייען, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך, האָבן מיר, איבער פאַרשידענע טעמים, זיך דערלויבט צו מאַכן קליינע ענדערונגען, בפרט אין די אַרטיקלען, וואָס די מערסטע פון זיי האָט קיסין געשריבן צו באַשטימטע געלעגנהייטן.

קיסין האָט ביי זיין לעבן פאַרנומען אַ פּלאַץ אין קרייז פון די „יונגע“. ער האָט זיך געדרוקט אין די זשורנאַלן פון די „יונגע“ און האָט זיך באַ־טייליקט אין זייערע ליטעראַרישע קאַמפן. מיט דעם בוך וועט דערדאָזי־קער פּלאַץ נאָך מער באַפעסטיקט ווערן.

צום סוף, אַ דאַנק דעם זעצער און איבערזעצער צבי שטאָק, וואָס איז באַהילפיק געווען ביים לייענען די קאָרעקטור פון דעם בוך.

מאַני לייב, נפתלי גראָס.

ניו־יאָרק, 1953.

# וואָגלער פון דער ערד

אַלץ, וואָס דו האָסט אונז געגעבן,
וועלן מיר דיר אָפּגעבן צוריק.
מיר, דיין שפּראַך, דיין גרינס, דיין לעבן, —
אונזער אויפגלי, אונזער גלויבן, אונזער גליק.

האָסט געגעבן אונז צו זען און וויסן
אויף דיין אָטעמדיקער פלאַך.
האָסט אין פעלד געגרייט אַ שטיין אונז פאַר אַ קישן,
ברייטע הימלען פאַר אַ דאַך.

פון דיין אינגעווייד דיר ברענגען מיר אַ קרבן,
אונזער אָפּערונג אין שפּראַצנדיקן וואָרט.
און אויף אייביק בלייבט אין רוימען ניט פאַרשטאָרבן
יעדע רגע אַן אַקאָרד.

# נאָך פּערל

נאָך פּערל האָב איך זיך אין טיפן ים געלאָזן.
אין גרינעם אָפּגרונט האָבן מיך באַגריסט
די ווילדע ווידמונגען פון וואַסערוויסט.

און צווישן חיות — ביימער, שטיין און גראָזן
האָט מיך דערבליקט אַ שוואַרצער מאָנסטער־שפּין.
איך האָב געוואָלט אַנטלויפן, נאָר — וואוהין?

דער אָכטפּוס איז מיך אין איין בליק באַפאַלן,
געשפּיגן מיט זיין שליים ווי בייזע הינט
און אין אַ קלעפּיקן געוועב פאַרשפּינט.

און צווישן פיש און שטערן און קאָראַלן
אַרומגענומען מיט באַמוילטע הענט.
ווי איבלדיק האָט מיך זיין אויג געברענט!

בין איך שוין גרייט געווען אַריינצופאַלן
אָן ווילן און אָן קראַפט אין מאָנסטערס מויל,
אין פוילן אָפּגרונט פון דעם לעצטן גרויל.

האָט דאָ גאָטס האַנט אין אָפּגרונט מיך דערהויבן
און מיך באַפרייט פון מאָנסטערס אָנגעזיכט
צו ערד און הימל, לעבן, לופט און ליכט.

שטיל אָטעמט דאָ, מיט האָפענונג און מיט גלויבן
דער ברעג אונטער דער זון פאַר גאָט און לייט
אויף טיף און שפּין פון האַס און העסלעכקייט.

באַגלייט פון שוים, וואָס רוישט און פליסט דאָ אויבן
און רוקט אין ווייט דעם רונדן הימלראַנד,
גיי איך מיין וועג מיט פּערל אין דער האַנט.

## מיר שפּילן...

מיר שפּילן דאָך, ווי ליב איז אונז דאָס שפּילן,
ווען מיר באַגעגענען צופעליקע בליקן,
באַגעגענען זיך, צעשיידן זיך און פילן,

ווי אומבאַקאַנטע פרייד וואָלט ווער אונז שיקן,
מיר זעען דורך די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן,
ווי לופטיק־דינע קופּאָלן און בריקן.

געוועבט פון פעדים פון דעם רעגנבויגן,
ווי שפּינוועבס האָבן אונז אַרומגענומען
און אַלע וועגן צווישן אונז פאַרצויגן.

אונז האָט דער ליבער שפּיל אין פאַנג גענומען.
די וועלט איז אָנגעפּילט מיט אָרגל־טענער.
מיר האָבן בענקשאַפט, פּיין און פרייד פאַרנומען.

און יעדע גרענעץ ווערט אַלץ קלענער, קלענער,
און יעדער צוג אין שפּיל ווערט אונז אַלץ ליבער,
און יעדער ריר, און יעדער בייג אַלץ שענער.

אַמאָל נאָר שימערט וואָס, ווי אין אַ פיבער,
אַ זעאונג ציט און וויגט זיך, פאַלט אַנידער
און ווערט פאַרשוואונדן, ווי אַ שטראַל אַ טריבער.

וואָס איז געשען? ווער ווייס... מיר שפּילן ווידער.

## וואָרט

די אותיות זיינען אונז געהאָרכזאַם:
נאָך לייכטער פון דעם אַנטלאָף
בייגט יעדער אות פאַר אונז דעם קאָפּ,
צום רוף פון וואָרט געטריי און פאַרכטזאַם.

מיר זיינען זייערע באַשווערער:
זיי לויפן אָן אויף אונזער רוף,
און פילן אָן פון וואָרט דעם גוף,
די לאַסט פון וואָרט זאָל זיין וואָס שווערער.

צעבליען ווערטער, פולע זאַנגען,
און אָטעמען ווינט, און צירן שטיין,
מיט גראָזן־ריח און מיט חן
פון אומגעזונגענע געזאַנגען.

# גייסט

האָסט אונז הימל געבלויט,
לוסט געפאַרבן אונז רויט,
אונזער ניי־ערד געגרינט,
אונזער בענקשאַפט געשפּייזט,
וועג און ווייל אונז געוויסט —
גייסט.

עס דערהייבט זיך דיין לויב
אין געזאַנגען פון שטויב,
פון די זאַנגען אין פעלד,
און פון ערדישן העלד,
וואָס זיין לעבנס־בוך רייסט
אַזוי לייכט, אַזוי דרייסט,
בלאַט נאָך בלאַט אַזוי דרייסט, —
גייסט.

ווּעסט באַשיצן דיין רעכט
און באַשירמען דיין קנעכט,
וואָס האָט אַ וואונדער געגאַרט
און אין חושך געשטאַרט
און אין תוהוס געשפּרייזט
און געהאָפט און געגרייזט, —
גייסט.

# אין אַ זומער-נאַכט

מיר גייען אין אַ זומער־אָוונט זוכן
דעם אמת און אַ געטלעכן באַשייד.
די ליפּן מורמלען פרומע, קלוגע שפּרוכן,
און ס׳האָרכט די גאַס די שטילע טריט און רייד.

און ווינט און שאָטן ווילן אונז פאַרהילן,
נאָר אונזער בליק איז גלייך פאַראויס געווענדט,

וואו קעגן אָוונט רוימיקן און קילן
רואיק אינפערנאָ׳ס רויטער טויער ברענט.

מיט טויזנט אויגן שלומערט איצט ניו יאָרק,
הימל און האָדסאָן צינדן זיך און וואַכן.
פסיכיע, ניט ציטער: ביי דיין זייט געאָרג
קוקט לאַנג שוין אין די אויגן טיף דעם דראַכן.

## אומרו

צונויפליינגן פליגל און הענט?
וואו זיינען די שטאַרקע, די שיינע,
וואָס האָבן זייער שטערן דערקענט,
פון זאָרגן דערהויבן פון קליינע,
פאַר דיר אַלע פאָנען פאַרבענט?

איך האָב צו דער זון, צו די שטערן
געבוקט זיך און אייפעריק געדינט.
און נאַכט נאָך נאַכט פלעג איך הערן
אין ווילדער מוזיק פון דעם ווינט,
ווי ס׳ווערן געבאָרן כימערן
אין שווערן שטורמיקן ווינט.
אין ווינטער־נעכט פינצטערע, לאַנגע,
געהאָרכט דעם ימס צאָרניקן קול.
און דאָ אין אַספאַלטענעם טאָל
געמישט יענעם רויש מיט געזאַנגען
פון ערד, פון פייער, פון שטאָל.
און האָבן די אַלע געזאַנגען
דיך, אומרו, געוועקט דען אַמאָל?

געשטיגן געצונדענער, בונטער,
אין אַ זוניקער שטורמיקער וועלט.
פון ים־רויש געגנערט און געקוועלט,
געמערט און באַוועלטיקט די וואונדער
אין אונזער פאַרגענגלעכער וועלט.

ווער ציילט דען די וועגן פון ימען,
די קלאַנגען פון רוישיקער גאַס ?
ווער ווייס אַלע זודיקע סמען
געבאָרן אין פלאַמען פון האַס ?

## אין וואַלד ביי אַ טייך

אַ מאָרגן־ליד

דער טייך איז האַלב דערוואַכט,
פליסט אַט אַזוי, פאַרטראַכט,
און בענקט און זוכט די אָרעמס פון דער נאַכט.

אַ ווינט אַ יונגער ווייט,
זייך לייכטן אָרעם שפּרייט,
די זיפצן פון אַ יונגער ליבעס־פרייד.

און וואו ניט וואו אַ בוים
פאַרציטערט שטייט אין טרוים
און שטרעקט די הענט פאַרבענקטע אויס אין רוים.

און צוויטשערן נעמען באַלד
די פייגל אין דעם וואַלד,
און ס׳ווערט דער וואַלד פון מאָרגן־רויט באַשטראַלט.

אַ יונגפרוי, ביי אַ בוים
שטייט ווי אַ ווייסער טרוים
און ווי אין טרוים באַוועגט די ליפּן קוים.

אַ, וואַנדערער, היט זיך, היט,
שטעל פאָרזיכטיק די טריט,
דאָס איז פון נייעם טאָג אַ צויבער־ליד.

זע, ס׳האָט דער טייך דערוואַכט,
און שטראַלט און שפּילט און לאַכט,
פאַרטראָגט מיט זיך די סודות פון דער נאַכט.

# רעגנס

רוימען צעזעגן, פליען פון אויבן,
קלאַפּן אין שויבן, אין טויטע שויבן —
לויף און אַנטלויף.

פאַרוויסטן, פאַרווישן גאַסן און סקווערן,
גאָרניט מער הערן, פאַרטויבן, פאַרשווערן —
לויף און אַנטלויף.

פאַרלויפן, פאַרשטערן, פאַרפּלייצן די שטעגן,
גאָרניט מער הערן, נאָר רעגן און רעגן, —
קוק ניט אַרויף.

קייקעלעך — פּינטעלעך שאַרן און איילן,
קענען קיין רגע אין רעגן ניט ווײלן,
אין טראָפּן געלויף.

מיליאָנען, מיליאָנען שפּיזן און פיילן,
שטאָל און שטיין אַליין, פאַרשווינדן צו קאָנען,
לייזן זיך אויף.

מיט ערד און מיט הימל, אין כאָרן, אין שטימען,
מיט אָרגל און הימנען אָן סימן פאַרשווימען
אין טראָפּן געלויף.

גאָר ניט מער רעגן, גאָר ניט מער רייצן,
פלייצן און פלייצן אויף הייזער און וועגן, —
איין הויז און איין הויף.

קום אין מיין מבול־זיפּ, קום אין מיין טויף,
אין מיינע גאַלאָפּן, אין שטייגנדיקן לויף,
מיט מיינע טראָפּנס גיס זיך צונויף.

# אָוונט

ריטער פון שוואַרצן צייכן,
קומט אין פאַראָוונטס רויט,
אין וואָלקנס פון ווייטע הייכן,
וועיט אייער אָטעם פון טויט.

גייט אויף די בבל טורעמס
פון פריילעכקייט און פרייד,
פאַרוועיט אַלע פאַרבן און פורעמס,
פאַרלעשט די לעסטערערס רייד.

שפּרייט די שוואַרצע פלאַמען
אויף אַלץ, וואָס אָטעמט און העלט.
מיט דער שוואַרצער ערד צוזאַמען
לייטערט אין לערקייט די וועלט.

ריטער פון שוואַרצן צייכן,
קומט אין פאַראָוונטס רויט.
ריטער פון שוואַרצן צייכן,
וועיט אייער אָטעם פון טויט.

# אָוונט

וואָס רופט אַזוי, און ציט
דיך אין די גאַסן פרעמדע ?
דו הערסט קוים דיינע טריט,
און עפּעס רופט און ציט.

עס וועבט די אָוונט־רויט
אַ בלוטיקע לעגענדע
פון אומרו, נויט און טויט,
און פאַרבט די שויבן רויט.

לאַנג שלאָפט די שטאָט אַרום,
קיין פוסגייער, קיין פאָרער.
און שאָטנס פאַלן קרום,
און וויסט איז אַלץ אַרום.

ווי שטיל דער שיין פאַרגייט,
ווערט בלייכער און אומקלאָרער.
אַ קילער ווינטל וועיט,
די נאַכט פון הינטן גייט.

די נאַכט מיט ריזן שריט
ברענגט פינסטערניש צו טראָגן.
צעשפרייט אַרום און היט
מאַכט שווערער דיינע טריט.

וואו איז דער אָוונטשיין ?
דו קענסט אים ניט דעריאָגן.
גיי אין דיין הויז אַריין
און שלאָף אין פרידן איין.

## דריי אמתן

.1

דריי אמתן, דריי וועלטן, דריי געבאָטן :
דער ערשטער איז מיין ניט־געצוימטער ווילן,
מיין ניי־ערד, גרין, פון מיר נאָך ניט באַטראָטן.

דער צווייטער — דאָס איז וועלט און פלאַם און שאָטן.
אים מוז מיין הויט אַן אויפהער פאַרשן, פילן, —
אַ וועלט פון זיין און הייליקע פאַרבאָטן.

און אומעטום באַגעגנט אונז אַ דריטער,
און ער איז אונזער גוטער גרויער היטער,
און אים אַנטפּלעקט אַ הויכער, ווייסער שניטער.

.2

און אַז ער האָט דערזען, אַז אויף דעם זוניקן פלאַטאָ
איז קיינער ניט געבליבן אין דער מאָרגן־שעה,

אַז ס׳האָט די טריקעניש שוין אַלעמען פאַרטריבן,
און צווישן זיינע שטיינער איז נאָר ער געבליבן,

האָט ער פאַרלאָזן הייליקן רויך, זיין קיטל און זיין מיץ
וואָס האָבן קיינעם ניט געלויכטן, ניט געשיצט.

דעם גאָלדענעם שליסל און די חפצים פון זיין שטאָם
האָט ער פאַרוואָרפן אין אַ וויטן ים.

מיט הענט, וואָס האָבן לאַנג די לאַסטן הייליקע געוואויגן
און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן

האָט ער זיך צו דער ווייסער וויט געקערט,
אַ פּילגער צווישן פּילגער אויף דער ערד.

3.

פול־קלאַנגיקע, שווער־אָטעמדיקע ווייל.
מיט דיינע אָרגל־אָרגיעס צעשמעטער
דיין גרויען טאָוול־שטיין אין דיין געאייל.

צעטראָג די ווענט. דער שפּילער אויף די ברעטער
האָט דורכגעשפּיזט דיין ברוסט מיט בליציקער פייל
און שטייט פאַר דיר — דיין מערדער און דיין רעטער.

און דו פאַר אים — אַ ווייסער פלאַמען־זייל,
און דו — אַ שטאָלן בוך מיט ראָזע בלעטער,
און דו — אַ וואָלקן־זעאונג אויף דערווייל.

ניטאָ קיין פריער און ניטאָ קיין שפּעטער, —
אין שעה פון פלאַכע ברעטער שטייגן שטיל
בערג אויפגעוואָרפענע אין שפּילן — קלעטער!

דו געטלעך־טיפע, ווייסע וואונדער־ווייל!

# אין דער פרי

דער מאָרגן טרעט אָפּגעקילט־שלעפעריק
אויף אַ נאָר וואָס געעפנטן וועג.
פאַרהאַוועט לויפט שוין דער וועוורים,
מגושמדיק וואַרפט מיטן עק.

דיביימער באַשאָטן מיט פערל,
די שפּיצן פון מויערן — ראָז.
עס פאַלט ווי אַ לופטיקער שפערל
און פאַרשפרינגט אין דעם פייכטן גראָז.

פאַרבייגייער, שרעק ניט די טויבן
מיט דיינע אָפּגעלאָזט־זאָרגלאָזע טריט,
וואָס האָבן טאָג־טעגלעך מיט ווילן און גלויבן
דיין רו און דיין ברויט דיר געהיט.

ערשט ווי מיט אַן אומגליק־שמייכל,
מיט צווייפל אַהינטער איר בליק,
קומט די זון און צעעפנט דעם היכל
פון טאָגיק צעגרינטן גליק.

ווי די אַלע מאָרגנס, אַמאָלן,
אין איין מאָרגן עס זאַמלט אָן,
און עס קוואַלט אונטער בלויע קופּאָלן
פון אַ נאָר וואָס געפונענעם טאָן.

# דורך נעפל

דורך נעפל־גרוי, דורך הורבעס פוילע בלעטער,
זומערס טויטע ווערטער,
וואָס וואַלגערן זיך אויף דער בלייכער ערד,
פון נעפל אַ פאַרצערטער,
אין שעה אין פריער צי אין שפּעטער,
מיט וואָרט באַשוואָרן און באַשווערט —
צו דער זון.

דורך נעפּל, וואָס האָט אַלץ מיט בליי פאַרשטראָכן,
וואָס האָט פאַרגרויט דער וואָכיקייטס געשטאַלט,
ווי אַ ריטער דורכגעפלויגן,
צי ווי אַ וואָרים דורכגעקראָכן
דורך אַ שמאָלן, שוואַרצן שפּאַלט —
פּאָראויס.
גאָטס קיילעכדיקע שטייג איז גרויס,
און ס׳האָט דער נעפּל נאָך ניט אויסגעזויגן
די לעצטע קראַפט פון זעענדיקע אויגן
און דאָס ליכט פון זון.

דורך טויזנט־טויערדיקן נעפּל,
וואָס שפּרייט זיך אויף דער ערד אין גליווערדיקער שרעק,
ווי קאַלטער, גרויער פּעך און שוועבל
אויף שווערן, שוואַרצן, לערן שטרעק,
דורך טויזנט־אויערדיקן נעפּל,
דעם גרויען לויערער און בייזן שפּעטער,
דורך הורבעס פוילנדיקע בלעטער,
פון צאָרנדיקן שטורעם־ווינט פאַרלענדט,
פאַר טונקעלע אַנטבלויזטע צווייגן,
פאַר גאַס און סקווער און ראָג,
און אויסגעשטרעקטע ווי די דאַרע צווייגן הענט
און מיט געזאַנג פון שוויגן —
צום שטילן, אויסגעחלומטן פאַרטאָג,
צו דער זון.

## דער פויגל פעניקס

אַ טויזנט יאָר — אַ טויזנט רגעס.
חלום און וואָר אין קלאָרע רגעס.

ער ווייס די פרייד פון אייביק לעבן,
פון לעבן — טויט, פון פרייען שוועבן.

און קאָן אַליין פון זיך אַנטלויפן,
און איז אַליין זיין שייטערהויפן.

עס שלאָגט אים ניט קיין ווינט, קיין האָגל,
עס שרעקט אים ניט קיין דאָרן און נאָגל.

אַ טויזנט יאָר — אַ טויזנט רגעס.
חלום און וואָר אין קלאָרע רגעס.

ביז אים זיין אייגענער וואונדער דערעסט,
ווערט ער דער צינדער, און ברענט זיין נעסט.

און ווידער שטייט באַנייט און יונג, —
אַליין, אַליין זיין לייטערונג.

מיט לייכטע גלידער פון אַש אַנטשטיין,
און שוועבן ווידער פריי און אַליין.

אַ טויזנט יאָר — אַ טויזנט רגעס.
חלום און וואָר אין קלאָרע רגעס.

דאָס צו דערקענען איז אים געגעבן
אין אייביק ברענען, אין אייביק לעבן.

## טעראַ-קאָטאַ

.1

דאָ צווישן ליימוואַרג שטייט אַ קרוג:
ווי חנעוודיק און קלוג
זיין קערפּער, האַלז און ראַנד.

דער קרוג איז לער און שווער,
און ווער
האָט אים געפורעמט מיט אַ פיבערישער האַנט?

עס רייפט אין זוניק-טונקעלן שיין
פון קרוג דער ווייַן פון פרעמדנס פּיין,
פון אים און פון זיין חלום-לאַנד.

זיין קלוגשאַפט און זיין פרייד — זיין לוין,
אין זיין געשאַף, אין גאָלדיק ברוינער קרוין,
אַנטקעגן אונז, וואָס שטייען דאָ ביינאַנד.

זיין שמייכל שפּילט אויף אָפּגעבּרענטן ליים,
דערציילט אונז פון זיין הימל און זיין היים,
און אָן אַ נאָמען איז ער אונז באַקאַנט.

2.

ביים וועג פון שטויב און שטיין,
ביים זוים פון וואַלד,
זיצט אַ געשטאַלט
אַליין.

ביים וועג פון שטויב און שטיין
זינגט יעדער פאַלב
פון לאַנגן קלייד
מיט לויטערקייט פון רייפער פרייד,
מיט קלוגן חן.

צוויי יונגע אויגן שטייף פאַרבונדן,
נאָר שניידן דורכן באַנד,
אין ווייט געווענדט,
אַריבער אויסגעשטרעקטע הענט,
געשטרענגט און אָנגעצונדן.

און אין דער שאָל פון יעדער האַנט,
די לויטערע געשטאַלט
האַלט —
אַן אָנוועזנהייט,
וואָס בליט און רייפט מיט זון און צייט.

## טעראַ-קאָטאַ

ס׳איז זון און ווייס און ציכטיק אויפגעראַמט
עס שפּילט זיך מיטן פאָרהאַנגל אַ ווינטל.
אויפן טיש געשליפן גלאָז,
געהאַמערט זילבערוואַרג.
איןווינקל שפּילעכלעך אַ באַרג.
די מאַמע שטייט פאַרפלאַמט,
צום יינגל איינגעבויגן,
און האַלט אין ציטערדיקער האַנט
אויף העלפט מיט מילך אַ גלאָז
מיט אָפּגעביסענעם ראַנד.
דאָס קינד, ווי אַ פאַרשולדיקט הינטל,
קוקט גלייך אַרויף אין אירע אויגן:
— ניט איך, דער צאָן
האָט דאָס געטאָן.

## לעבן

פאַר אונז דאָס לעבן אין אַ פאָעט...
איוואַן רוקאַווישניקאָוו.

.1

דו ים פון לעבן, שטורעמסט, שפּילסט
און קענסט דיין דורשטיק האַרץ ניט שטילן.
זאָג, וועמעס ווילן דו דערפילסט,
ווען לעבנס־ים, דו שטורעמסט, שפּילסט?
אָ טראָג מיך, ים, וואוהין דו ווילסט,
איך שווים דאָך לאַנג אָן ציל, אָן ווילן.
דו ים פון לעבן, שטורעמסט, שפּילסט,
ביז ס׳וועט דער טויט דיין דורשט ניט שטילן.

.2

ביסט שלאַנק און שיין, ווי אַ סאָנעט,
און מאַיעסטעטיש, ווי טערצינען,
דיין חן — אַ ליבער טריאָלעט,

ביסט שלאַנק און שיין, ווי אַ סאָנעט.
און אין דיין שפּיל וועט דער פּאָעט
זיין גליק און זיין מוזיק געפינען.
ביסט שלאַנק און שיין, ווי אַ סאָנעט,
און מאַיעסטעטיש, ווי טערצינען.

.3

די אייביק־שיינע קינדער־יאָרן,
די מאָרגנס, אָוונטן און טעג.
איר ווערט אין ליבע ניי געבאָרן,
אָ, וואונדערלעכע קינדער־יאָרן!
און אויך פאַר דעם, וואָס איז פאַרלאָרן,
און שווער און טריב איז אים זיין וועג.
געדענקען וועט ער יענע יאָרן,
די מאָרגנס, אָוונטן און טעג.

# אַ דיאַלאָג

.1

אין נייע, אומבאַקאַנטע ערטער,
קען זיין, וואַרט לאַנג אויף דיר דיין גליק.
דער אויגנבליק דער לאַנג באַשערטער.
אין נייע, נאָנטע, ווייטע ערטער.
נאָר אין אַ שיינעם שפּיל פון ווערטער
באַהאַלטסטו אַלץ דיין טריבן בליק.
און אין די אומבאַקאַנטע ערטער
וואַרט לאַנג אויף דיר פיל אומגליק, גליק.

.2

זאָג, קען דען גליק ווען גיין פאַרלאָרן?
אויב ניט, געבענטשט איז דאַן מיין אָרט.
אין גרויען תהום פון טעג און יאָרן,
זאָג, קען דען גליק ווען גיין פאַרלאָרן?

איז שטויב פון שיינקייט ווען געוואָרן ?
וועט אויך ניט לעבן דאַן מיין וואָרט ?
זאָג, קען דען גליק ווען גיין פאַרלאָרן ?
אויב ניט, געבענטשט איז דאַן מיין אָרט.

## אין אַלטן גאָרטן דער אָרקעסטער

אין אַלטן גאָרטן דער אָרקעסטער
שפּילט אונדז אַן אַלטן, ליבן וואַלץ.
דו ביסט מיר ווי אַ ליבע שוועסטער.
עס שפּילט אין גאָרטן דער אָרקעסטער.
אָ, שיינער אָוונט, שיינער טרייסטער!
ווי גוט ס'איז צו פאַרגעסן אַלץ,
ווען ס'שפּילט אין גאָרטן דער אָרקעסטער
פאַר אונדז אַן אַלטן, ליבן וואַלץ.

## אין אַ רינג

די טוישונגען פון אַלע נעכט און טעג,
די שטרויכלונגען פון זייטיק־קרומען שטעג,
פרייד, אַנגסט, נאָך שאָטנס שטענדיקער געיעג.
פאַרצווייפלונג, צווייפלען, ליכט פון ווייטן ברעג.

און יעדער ים און יעדער ברעג און לאַנד,
אין נאַכט־וואַנדלונגען יעדער אָפּגרונט־ראַנד, —
אַלץ האָט שוין לאַנג געצייכנט אויף דער וואַנט
אין ענגער צעל אַן אומבאַקאַנטע האַנט.

די ווייטע האַנט פאַרלאָזט אונז קיינמאָל ניט,
דאָך קומט זי אויך אונז קיינמאָל ניט אַנטקעגן,
נאָר ווי אַ גנב, כישופט אונז די טריט.

און אין דער פינצטער, ביי אַ שטעגן־שייד,
רויבט אונדזער רו און אין אַ רינג אונדז דרייט,
און אומדערקענבאַר זיינען אירע וועגן.

## צ י י ט

האָרך — דער שטילקייט׳ס פרייד.
וואָלקנס — ווייסע לעמער,
לאַנען — רו צעשפּרייט
פאַר באַלאָדענע ברעמען.
גלעקלעך בלוי־געקלאַנג,
וואַלד־גראָז פון געדאַנק.

לופטיקער זון־וועג בריק,
וואַנזיניקע ווייטן,
שטייפער וועלט־געניק,
גאָלדענער וואָלף פון צייטן —
הענג אויף מיר און זויג
בליצן פון מיין אויג.

זון־וועב שווערד און שפּיז
וועג פון שטויב און דערנער,
ליכט פון פּאַראַדיז.
פייער פון אינפערנאָ —
רויטע מערב זון
אונטערגאַנגס טריבון.

## אין האַרבסט

ס׳וועט אין דיין וועג נאָך אויפגיין ניט איין ליכט,
און רוען וועלן דיינע מידע גלידער,
ס׳וועט ניט איין מאָל פון וואונדערלעכע לידער
דיין האַרץ זיין פול און לייכטן דיין געזיכט.

דו וואָלטסט געקענט אַ מידער טאָן דיין פליכט
און אין דיין היימלאַנד אומקערן זיך ווידער,
דו וואָלטסט געקענט פאַרבאָרגן צווישן ברידער
דיין שווערן קאָפּ פון שרעקלעכן געריכט.

דו וואָלטסט געקענט אַ ליבן האַרץ פּאַרטרויען
דעם טרויער פון אַ שיינער, וויסטער וועלט, —
איז דיר דער וועג צו יענעם האַרץ פאַרשטעלט.

דו וואָלטסט געקענט דיין קעניגרייך דיר בויען, —
נאָר איבעריק איז דיר אַלץ, וואָס האָסט און אַרבסט,
ווען ס'קלינגט אַרום דיר און אין דיר דער האַרבסט.

## ווען ס'פּאַלט דער ערשטער שניי

דער ערשטער שניי וועט בלייבן אייביק ביי פאַר דיר.
דו שטייסט ביים פענצטער, טוסט זיך ניט קיין ריר,
דער נעפּל איז געדיכט, די לופט איז קאַלט,
אַן אויפהער שווערער שניי פון גרויען הימל פאַלט,
דו ווערסט אַליין זיך פרעמד אַזוי און אַלט.
דו ווייסט, עס וועט דער שניי ניט אייביק פאַלן,
ווייל אייביק איז דאָך נאָר די אייביקייט אַליין.
באַלד וועט די זון אין בלויען הימל שטיין
און וואַרפן אירע קרענקלעך־בלייכע, קרומע שטראַלן
אויף הויז און בוים, וואָס שטייען איינגעהילט אין ווייסע קיטלען
און איילן וועלן קינדער מיט אַ יובל־שאַלן,
צו יעדן בערגל, וואו מען קען זיך שליטלען,
און פייגל וועלן אומפליען פאַרלאָרן.

נאָר דו ביסט ביי דעם ערשטן שניי ווי ניי געבאָרן.
דו ווייסט, ער קומט און אין זיין צייט פאַרגייט,
דו ווייסט, ער וועט נאָך אייביק קומען ווידער,
און דאָך ביסטו פאַר אים קיינמאָל ניט גרייט —
אַזוי קומט אויך דער טויט.

פאַראַנען אַלטע, וואונדערלעכע לידער,
דו טראָגסט זיי פון דער קינדהייט אין דיין וויטן וועג,
אין פינצטערניש פאַרשווינדן דיינע גרויע טעג,
נאָר יינגער, רייציקער און ליבער ווערן יענע לידער.
און גוט איז צו דערמאָנען זיך אָן זיי,
ווען ס'פאַלט דער ערשטער שניי.

## האַרבסטיקע פרייד

פאַרטאָג איז האַרבסט אין שטאָט געקומען
אין אַ קרוין פון לויטערן גאָלד,
און דער ווינט איז זיין העראָלד.

האַלט אײַן די גאַס איר טאָגיק ברומען,
און טויבן קרייזן אַרום פאַרווירט,
אויף הייזער — זעלבער פון זון געפירט.

און ביימער בייגן זיך פאַר זיין קומען,
און יעדער בוים פון קאָפּ צעשיט
גאָר דאָס גאָלד פאַר זיינע טריט.

האָט ווער היינט די וועלט אַרומגענומען,
די ווייסע וועלט וואָס גאַרט נאָך רו,
פליט איצט זיין פרייד צום פענצטער צו.

זי האָט זיין רוף אין דער לופט פאַרנומען,
דאָס קינד פון ווייטן גאָלדנלאַנד,
זי פלאַטערט פון פרייד און שפרינגט אויף זיין האַנט,

און פליט אַוועק און ווערט פאַרשוואומען
אין טיפן פון בלויען נעפּלגרונט,
און ווערט פאַרשלונגען אין זוניקן שלונד.

## צו אַ פריינט

ווען ס׳האַרץ וויל גלייבן,
זיי בלינד און גלייב.
אַ ראָב איז אַ טויב,
ווען ס׳האַרץ וויל גלייבן.
דו קענסט פון שטויב
אַ טויב דערהייבן, —
ווען ס׳האַרץ וויל גלייבן,
זיי בלינד און גלייב.

ווען ס׳האַרץ וויל גלייבן,
גלייב ווי אַ קינד.
ניטאָ קיין זינד,
ווען ס׳האַרץ וויל גלייבן.
ניט לאָז קיין זינד
דיין גליק דיר רויבן, —
ווען ס׳האַרץ וויל גלייבן,
גלייב ווי אַ קינד.

## עכאָס

ווייטע אָפּקלאַנגען פון לאַנג פאַרשאַלטער פרייד
שווימען אויף אין שווער באַלאָדענעם זכרון,
קומען מיט פאַרווירטע, צופעליקע רייד,
שטייען אויף אין שטויב פון יאָרן.

ווי אַ ריטער איינגעוויִט און איינגעשוואָרן
איז ביים רוף צו דינסט פון קבר אויפשטיין גרייט,
קומען עכאָס אויף. זיי גייען ניט פאַרלאָרן, —
עכאָס ווייסן ניט פון טויט.

עכאָס זיינען ריטער, וואָס מען האָט געווייט,
איידער נאָך זיי ווערן אין דיין מאַרך געבאָרן.
עכאָס, עטער וועלן, ווייט אין רויך פאַרשפּרייט,
פון לאַנג לאַנג פאַרקלונגענע כאָרן.

ווייטע אָפּקלאַנגען פון לאַנג פאַרלאָרענע וואָרן
גייען אויף אין ווערטער אומגעריכטערהייט.
שטימען ציטערן, צעשאַלט דאָס באַלד אַ האָרן,
און דער וואַלד־גאָט נעמט זיין פלייט.

און עס דרייט זיך אַ פילצייכנדיקע קייט
אין אַ קאַרוסעל אין קאַרניוואַל פון יאָרן,
און עס טאַנצן עכאָס פון פאַרשאַלטער פרייד
אין דעם שטויביקן זכרון.

## דער שפּיגל

דײַן נידעריק הויז איז אײַנגעהילט אין נעפּל,
פֿאַרשלאָסן און פֿאַרשפּאַרט אויף שלאָס און ריגל.
דו האָסט אין אים געלייגט דײַן שווערן זיגל
אויף אַלץ אַרום, אויף פֿענצטער, ווענט און מעבל.

אין אָוונט, צווישן פֿענצטער, ווענט און מעבל,
דײַן האַרץ ווערט ווי אַ קינד פֿאַרוויגט אין וויגל.
נאָר וואָך איז איצט דער טונקלער אַלטער שפּיגל,
דו זעסט אין אים דײַן קאָפּ אין הייסן נעפּל.

אין זײַנע טיפֿן ליגן לאַנג באַגראָבן
אַזוי פֿיל שאָטנס, שטראַליקע געשטאַלטן.
אין זײַנע טיפֿן ליגן לאַנג באַהאַלטן
אַזוי פֿיל שאָטנס, נאַכטיק־שוואַרצע ראָבן.

און זאָלסטו שפּילנדיק אים ווען צעשפּאַלטן,
פֿאַרשווינדט אַלט מיטן גלאָז דעם גלאַטן, קאַלטן.

## נאַכט־ליד

קומט די נאַכט
אין איר טרויער,
שטיל פֿאַרמאַכט
ווערט מײַן טויער,
און ער וואַכט...
זילבער־שטראַלן
פֿאַלן, פֿאַלן
אויף מײַן שוועל.

ליכטיק העל
ווערט מײַן צימער.
לייכט און שנעל
קומט דער שומר
אויף מײַן שוועל.
אין מײַן שלומער
אַלץ אַרום מיר
זעט מײַן זעל.

ס׳הייבט אָן צוועלף
לאַנגזאַם שלאָגן.
וואָיען וועלף?
באַלד וועט טאָגן.
שרייט מען: העלף?
אַנגסט און מורא, —
העלף זיי, בורא,
אין דער נויט!

## אַ דערינערונג

דערוואַכט האָסטו פון שלאָף, אומדייטלעכע פאַרלאַנגען
האָסטו געבראַכט פון יענער צויבערלעכער וועלט.
דאָ רוישט דער טאָג, און שאַרף באַטויבענד זיינע קלאַנגען —
זיי רייסן זיך אַריין אין נידריקן געצעלט.

נאָר פייערלעך בענקסטו איצט נאָך אַנדערע געזאַנגען
און נאָך געשטאַלטן פון דער הייסער זון פאַרשטעלט.
און יענע אַנד׳רע זון, זי איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען,
איין שטראַל געבליבן איז, ער רופט און ציט און קוועלט.

דאָך מעכטיק איז דער טאָג, ער קעניגט און באַפעלט...
אומזיסט פאַרשלאָסן זיך, די פענצטער שווער פאַרהאַנגען,
די אויגן צוגעמאַכט, די נאַכט זיך פאַרגעשטעלט.

געפאַנגען האָט דער טאָג דיך מיט צעגליטע צוואַנגען,
און אין דעם פייער וועלקט די רופענדע געשטאַלט,
און די נשמה פון דעם וייטן ליכט באַשטראַלט.

## פרייד

(אָקטאַוון)

איבער פאַרשטויבטע געלע קאָרעקטורן
בין איך געזעסן אין אַ טונקעלער שעה.
עס רוישן דרויסן מענטשן, אַוטאָס, פורן,
האַלב טונקל, גרוי און פיינלעך שטיל איז דאָ.
נאָר וואו ניט וואו געבליבן זיינען שפורן
פון די, וואָס זיינען מער שוין דאָ ניטאָ.

מיין קעצל גאַלאָפּירט נאָר אומדערמידלעך,
אָדער עס זיצט און וואַשט איר פּיסל פרידלעך.

„איך וואָלט געוואָלט אַ קעצל זיין, ווי דו,
און אויפן טיש מאַי־גלעקלעך זאַרגלאָז רייסן
און זוכן וואו פאַרגעסנהייט און רו.
וואָלט געגאַנגען, אַנגעקליידט אין ווייסן.
געשען איז עפּעס, כ׳ווייס ניט ווען און וואו.
נעם, קעצל, מעגסט מיין האַנט, מיין האַרץ מיר בייסן.
מיין האַרץ איז אַ פאַרשטויבטע קאַרעקטור,
פון פרייד איז איצט ניטאָ אין אים קיין שפור.

„כ׳וויל פון מיין נאָמען מער די לאַסט ניט טראָגן.
געשען איז עפּעס, כ׳ווייס ניט וואו און וואָס".
אַן אומבאַקאַנטע שטים דאָ הער איך זאָגן,
אַ שאָטן אין דעם קאַלטן שפּיגל־גלאָז:
„ווערסט מיך פאַרראַטן, איידער נאָך ס׳וועט טאָגן,
זיי שטיל און נידריק, נידריקער פון גראָז".
איך האָב דאָס גלאָז באַהאַלטן און פאַרהאַנגען,
דאָך העל זיין וואָרט אין מיר איז אויפגעגאַנגען.

ווען נאָר דו טראָגסט אין זיך דיין אייגן ליכט,
גייט אויף דיין שטערן אין אַ טאָג אַ העלן.
אין נעפּלדיקע טעג שטראַלט דיין געזיכט,
און ס׳וועט דיין ליכט קיין זון דיר ניט פאַרשטעלן.
דיין גרויסע פרייד, אומשטערבלעך אין איר ליכט,
אַנטקעגן קומט פון אַלע פרעמדע שוועלן.
און אַלץ איז דיינס, אַ בעטלער — ביסטו רייך,
באַקאַנט און ניי איז יעדע נעץ דיר גלייך.

איר טראָגט וואוהין איר ווילט, צעשפּילטע וועלן.
דער וועג איז ליכטיק, לייכט די לאַסט פון פליכט,
דער פאַרבן־שפּיל פון ווערן, זיין און וועלן
איז הערלעך, ווי אַ וואונדערלעך געדיכט.
קיין זאַך קען אויף דער וועלט קיינמאָל ניט פעלן,
און יעדע קליינע פרייד קומט אומגעריכט.
און יעדע פּיין איז אַזוי פאַרשטענדלעך,
די פרייד איז טיף און ווי די וועלט אומענדלעך...

## עראָפּלאַנען

פון דאַנען און ביז דאַנען
פליען אין באַשטימטע צייטן עראָפּלאַנען.
קלוגע מאָנסטערס אין דעם יאָך פון פרידן איינגעשפּאַנט,
געהאָרכזאַם צו אַ פלינקער אויסגעפּרואווטער האַנט, —
רו פאַר מענטשן, קריג פאַר אַלע אַלטע וואַנען.

דער וועג איז פאַרגעשריבן און באַקאַנט.
פון דאַנען און ביז דאַנען, גראָד, ניט אָפּצואווייכן,
און אַלע לופטשלעסער אַנטפּלעקן און דערגרייכן,
און איבערטרעטן אַלע גרענעצן און קעניגרייכן, —
פון דאַנען און ביז דאַנען.

און זייער שליחות איז: פון לאַנד צו לאַנד
דעם זיג פון פאָלק, דעם זיג פון פרידן צו פאַרזיגלען,
און אַלטע הערשאַפט צו אַנטקרוינען און אַנטפּליגלען —
פון דאַנען און ביז דאַנען.

## די נשמה פון שטורעם

.1

פון עק צו עק מיין פלאַמענדיקער שויבער
אין וויכער פליט מיט חושך און מיט שרעק,
מיין פליגל פאַכט, און מיינע ווינטן־רויבער
פאַרלענדן אַלץ אין טייטלעכן געיעג.

פון ערד צו ערד קיין כוח און קיין צויבער
האָט ניט געוואַגט צו צוימען מיר מיין וועג.
און נאָר דיין ברוסט, פאַרעקשנט־שטילער גלויבער,
מיידט ניט אַנטקעגן מיר דיין שטילן שטעג.

פאַרנעמסטו מיין פאַרדאַרבנדיקן צאָרן,
און שרעקן דיך ניט מיינע שדים־כאָרן,
ווען פלוצלינג רייס איך אָפּ אַ דאַך, אַ טיר?

אַרום דײַן רו מײַן גליווערדיקער קלאַמער, —
איך קלאַפּ צו דיר: דו עפן מיר דײַן קאַמער,
דו נעם מיך, מענטש, און מאַך מיך גלײַך צו דיר.

.2

די ביימער, טורעמס, מויערן און בריקן,
וואָס זײַנען זיי פאַר מיר? — געוועב פון שפּין.
בין נע־ונד, איך פאַרש און זוך מײַן תיקון,
דערווײַדער איז מיר אַלץ, וואָס איך געפין.

פאַרווייען און צערײַסן און דערשטיקן.
אין דעמערן פאַרלעשן פלאַם און זין.
דורך תוהו טראָגן זיך מיט בלינדע בליקן,
אויף טראָן און חושך — וואָגל קעניגין.

דײַן פלעמל ברענט נאָר צווישן טויטע פלאַמען,
און ווינטען ווילסטו אײַנצוימען אין ראַמען,
באַלעבסט מײַן טויט, באַזינסט וואָס איך פאַרוויר.

איך בין די זעל אין העלישדיקן שטורעם.
דו אָטעם מיך אַרײַן אין ענגן פורעם.
דו נעם מיך, מענטש, און מאַך מיך גלײַך צו דיר.

## אָפּשייד

ס׳איז דער וועג אַזוי גרוי, אַזוי שטויביק,
ס׳קרעכצט דער וואָגן דער אַלטער. איך פאָר —
כ׳וועל אַזוי פאָרן אייביק
צווישן חלום און וואָר.

דאָס געררויש פון די רעדער פון וואָגן
וויגט מיך אײַן. און איך פאָר אַלץ און פאָר —
איך וועל אייביק זיך טראָגן
צווישן חלום און וואָר.

פאַרביי מיר שוועבן וועלטן מיט וואונדער
איין געשטאַלט צווישן זיי פעלט מיר נאָר.
כ׳וויס, מיר שוועבן באַזונדער
צווישן חלום און וואָר.

און אַן אָפשייד־ליד ציטערט אַרום מיר,
מיך באַגלייט אַ פאַרבאָרגענער כאָר.
זינק איך פאַמעלעך אין שלומער
צווישן חלום און וואָר.

בין איך וואַך צי אין חלום פאַרלאָרן?
ס׳איז אַלץ איינס. כ׳וויל פאַרגעסנקייט נאָר.
כ׳וויל פאַרגעסן די יאָרן
צווישן חלום און וואָר.

# אַ נייער פרילינג

אַ נייער פרילינג — און איך בין אַלץ ווי אין אַ תפיסה,
פאַרכישופט אין מיין קרייז.
וועט אויך מיין זון ווען אויפגיין? וועט פון מיין נשמה
אויך ברעכן ווען דאָס אייז?
שיין, הייסע זון! צעבליט זיך, בלומען! שיינט און בליט פאַר יעדן!
דערוועקט אַ נייע פרייד!
מיין צייט איז האַרבסט מיט זיינע טרויער קלאַנגען
און מיט זיין גרויען קלייד.

# איך און דו

1

כ׳האָב פאַרברענט מיינע שיפן, די בריקן צעשטערט,
זיך געלאָזן חלומות און פיין אויף דער ערד:
דורך דער ערד פירט מיין פיין אין גן־עדן אַריין,
טראָגט מיין חלום אַהין אין אַ זילבערנעם שיין.

האָסט די אויגן פאַרמאַכט, פון חלומות געלאַכט,
דיך פאַרבלענדט האָט דער טאָג, זיין פאַרגענגלעכע פראַכט:
דאָך אַ שקלאַפין ביסטו, וועסט געבויגן דאָ שטיין,
און די שאָטנס פון טויט — זע, זיי היטן דיך שוין.

2

דו ביסט אַ געפאַלענער מלאך,
דיין האַרץ אַ פאַרוואונדעטע טויב,
דו ביסט אַ געפאַלענער מלאך,
דיין זעל איז פאַרבאָרגן אין שטויב.

דו האָסט דיינע הימלען פאַרגעסן,
איך האָב דאָ מיין לעבן פאַרברענט.
דו האָסט דיינע הימלען פאַרגעסן,
איך האָב זיי קיינמאָל ניט געקענט.

דו וועסט אין דיין היימאַט ווען קומען,
איך וועל ווי אַ שאָטן פאַרגיין,
און ביז מיין דערלייזער וועט קומען,
דאָ וואַנדערן מוז איך אַליין.

## ווייל...

ווייל איך קען דיך ניט פאַרמיידן,
וועל איך ליידן, וועל איך ליידן,
ווייל איך קען דיך ניט פאַרמיידן,
נעם איך אָן די שטראָף.

איז דען וואָס ביי גאָט אוממעגלעך ?
וועט מיין קלעגלעך, אומדערטרעגלעך
לעבן זיין שוין גאָר אוממעגלעך, —
קען אַ נס געשען.

ווייל איך קען דיך ניט פאַרמיידן,
וועל איך ליידן, וועל איך ליידן,
ווייל איך קען דיך ניט פאַרמיידן,
וועל איך דיך דערזען !

## צופּעליקייטן

די טוישונגען פון מיינע נעכט און טעג,
פאַרצווייפלונג, אַנגסט און צווייפלען, — אַלטע פריינט.
ווער קען דען זען, וואוהין איר פירט מיך היינט,
אַ פריינט־באַגלייטער, אין מיין לאַנגן וועג?

נאָך שאָטנס אין אַ קינדערשן געיעג!
און צופעליק אַ ווייטע זון מיר שיינט.
נאָר די געשטאַלט פון אַ געהיימען פריינט
פאַרבאָרגן לייכט אויף יעדן קרומען שטעג.

כ׳האָב ליב דיך, פריינט! אָפט שטרויכל איך אַ מידער,
באַרירט דיין האַנט מיך, ווער איך יונג באַלד ווידער,
נאָר כ׳ווייס, אַז זען דיך וועל איך קיינמאָל ניט.

און ס׳וועט אין מיר דיין בענקשאַפט אייביק גליען,
מיין האַרץ צו דיר וועט אייביק, אייביק ציען,
איך קען פאַר דיר נאָר קומען אין מיין ליד.

## פון אונזערע טעג

### א.

ניט זוך, מיין פריינד, אין נעפּלדיקע הייכן דיין גליק,
וואו משוגעים־פּאַיאַצן האָבן געטאַנצט אויף שטריק.

וועסט נאָר לערקייט געפינען. באַריר זי ניט מיט דיין וואָרט,
דען הייליק, צי אומהייליק, נאָר פרעמד איז דיר יענער אָרט.

וואַרף ניט קיין שטיינערנעם בליק אין פויגל: איין אויגנבליק,
און זיי זיינען ניטאָ, נאָר דער שטיין, דער שטיין פאַלט דאָך צוריק.

דו ווענד דיין בליק, מיין פריינד, צו אונדזער אָרימער ערד,
וואו עס שלעפּן זיך מידע פיס מיט ווייפולע לאַסטן באַשווערט.

וואו הענט פאַרמאַטערטע שטרעקן זיך אויס נאָך רו,
און קרעפּטיקע הענט — נאָך ציגל. זיי זייער פירער — דו.

און רו מיט זיי און זע אין זייערע אויגן גליק
און פאַרגעס, פאַרגעס אָן הויכע פּאַלאַצן שטריק.

ב.

גאָלדענע מאָרגנס פון הילכיקע טעג.
אין געדרענג און געדריי, אין גערויש און גערודער
פון רעדער און פליגלען און פיס אין פולקלאַנגיקע טעג
דערקענסטו אין אומפריינט אַ ברודער.

גאָלדענע מאָרגנס פון שוימיקע טעג.

אין געיעג פון די וואָלקנס אין הימל, פון וועלן אין ים,
אין געפּייף און געבריל פון פאַבריק און פון באַן
פאַרנעמסטו די לאַוואַ, וואָס שטייגט אין ווולקאַן.

גאָלדענע מאָרגנס פון שטורמיקע טעג.

אין דער ווייט אַ צעשאָטענע טריקנט די זאַמדיקע וויסט,
און אַ נאַכטיקער וואָלקן פון האָריזאָנט קוקט אַרויף;
דרייען זיך זאַמדיקע זיילן מיט וואָלקנס צונויף.

גאָלדענע מאָרגנס פון פלאַמיקע טעג.

פלאַמיקע פאָרהאַנגען וויגן זיך, דרייען זיך, ווייען פאַרביי,
פליען אַרויף, און פלאַקערן אויף פון דאָס ניי,
אויף ברענענדיק, בלענדיקע שטעט.

גאָלדענע מאָרגנס פון פאָרכטבאַרע טעג.

אייער אָנזאָג אָטעמט אין אייך —
דאָ אַ לייב און אַן אָדלער, אויף פעלזן אַ פלאַמיקער גריף,
דו אַ מויז צווישן מייז אויף אַ טייטלעך פאַרוואונדעטער שיף.

אָ גאָלדענע מאָרגנס פון הילכיקע טעג,
פון פאַרכטבאַרע, פלאַמיקע, פריילעכע טעג.

ג.

פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון שוואַרצן חם,
דאָס לאַנד פון שאַנד און בלוטיקן בראַנד,
חמ׳ס האַרץ איז שוואַרץ און אומריין זיין האַנט,
און גאָר זיין געוועזר — מעסער, האַק און לאַר, —
פאַרלאָזן קנעכטשאַפטס תהום.

אויף איר בלויען רייטוואָגן פאָרט די וועלט,
און אייביקייט טראָגט דורך וואָלקנשוים
און גרויסער פרייד פון רוים צו רוים,
און איר אָנריר באַפליגלט, איר אָנריר באַזעלט,
איר זוניקער אָנריר באַהעלט.

פון הינטן יאָגט דער מצרי שטאָם,
נאָר בלייבן זאָל ער אויף זיין ליימיקער ערד,
ניט באַשערט איז אים גרייכן מיט ראָסטיקן שווערד
דעם וואונדער, וואָס איז נאָר געוועזן פאַר אים סם, —
ניט פאַר אים שפּאַלט זיך דער ים.

דורך דעם שוואַרצן מצריס וועג און גאַס
און איבער שטיינער און איבער גריבער
פליען מוטיקע קריגער אַריבער
צו פריילאַנד אַוועק פון שרעק און האַס
אויף פליגלען פון עקסטאַז.

צו פריילאַנד אויף פליגלען פון פרייען ווינט
געטראָגן די שטרויכלער פאַר שטרוי וועלן ווערן,
און יעדער מכשף זיין אייגענעם שטערן
וועט נאָכגיין דורך וויסטן, אַליין און בלינד,
צו זיין הייליקן קינד.

## ניו-יאָרק

אַ ערשטע, וואונערלעכסטע צווישן שטעט!
דו הערשסט מיט דיינע באַנען און פאַבריקן
און מויערן, טונעלן, שיפן, בריקן,
דיין אָטעם — דאַמף און עלעקטריציטעט.

דו ציסט און ציסט צו זיך ווי אַ מאַגנעט,
און זויגסט ווי אַ וואַמפּיר מיט דיינע בליקן.
בלייך ווי דיין הימל, פליסט פאַרביי פאַבריקן
און מויערן דיין האָדסאָן אין מיין בעט.

ווי וואונדערלעך דיין צויבער און באַרוישונג!
ווי בלינד דיין טאָג אויף דיין שטאָל־האַרטער ברוסט!
ווי העל דיין נאַכט! ווי אומגעצוימט דיין לוסט!

ווי טיף דיין תהום פון טרויער און אַנטוישונג!
ווי שיין דיין האַרבסט, ווען הויך און פאַרבנרייך
די פּאַליסאַדן דרימלען אויף דיין טייך!

## אין ברוקלין

אַ גרויסע שטאָט ליגט ברייט צעשפּרייט אַ גלייכע
און קוקט פאַרשטויבט מיט בענקשאַפט און מיט זאָרג
צום אַנדערן ברעג, וואו דער וואַמפּיר ניו־יאָרק
שטרעקט אויס די טויזנט העלזער שטייפע, הויכע.

און מענטשן אין דעם רויש און שטויב און רויך,
ווי נאַכטוואַנדלער אין טיפן טרוים פאַרלאָרן,
פאַרזאָרגטע שלייכן אויף די טראָטואַרן
און אויף די גאַסן שרייען עפּעס הויך.

אין אָוונט טרעפסטו דאָ אַ היימיש ווינקל.
עס קומען שכנים ביסלעכווייז אַרויס
און פאַר די שוועלן זעצן זיי זיך אויס.
די הייזער האָרכן, האָרכן אין דער טונקל.

און ליב־באַרואיקט מיטאַמאָל ווערט אַלץ,
אַט זעצט זיך פּאָר זיין קראָם אַן איטאַליענער,
הייבט אויף זיין פּלייט, — צעפּלאַטערן זיך טענער,
פּאָרטרויטע טענער פון אַן אַלטן וואַלץ.

אַן אַלטע וועלט שטייט אויף דאָ אין דער פינצטער,
אַ טויטע מוטער צו די זין צעשטרעקט
די הענט אין דער דעראינערונג דער דינסטער
און אין דער פינצטער אַלטע בענקשאַפט וועקט.

## ניו־יאָרק: איסט־סייד

פון וואָלקן־טורעמס זעט מען בלייכן הימל נאָר
און ים און קעניאָנס אונטן. ס'רירן זיך אויף ברוקן
אין פּלאָנטערס פליגן, זשוקעס. בונטע פלעמלעך צוקן.
און ברעגן, בריקן אין זיגזאַגיקן אוזאָר.

ביי ברעג און בריק — אַ שטאָם, וואָס קוקט פיר טויזנט יאָר
אין בלייכער ווייט און ווערט ניט זאַט אין איר צו קוקן.
מיט פרידן און געדולד אין טראַט, מיט גלייכן רוקן
שפּינט דאָ אַ בונטע וואָר פון חלום דור נאָך דור.

דאָס איז איסט־סייד — דילענסי, גרענד און איסט בראָדוויי,
ניי־יידנלאַנד מיט גרויער מי און טויזנט וואונדער,
מיט ריינעם גאָלד פון חלום יעדן מענטש באַזונדער,

מיט וויטן ליד פון פרעמד, זאַגעס פון גליק און ווי,
מיט שטילער נויט און בעטלערס אויגן, וויאָלע גראָזן,
וואָס זינגען אויס: „מיין גאָט, וואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן?"

## ניו־יאָרקער גאַסן

### אויף ריווערסייד

אַ פּאַס פון גרינער, אָפּגעצוימטער ווייט,
אַן אָרט פון איינזאַם־שטילע פּראָמענאַדן,
וואָס גריסט איבערן טייך די פּאַליסאַדן
און גלעט מיט רויש און רו פון גרינעם זייד.

געדרייטער וועג. פון זייט, ווי שטיקער קרייד,
אַ שימער פון באַהאַלטענע פּאַסאַדן,
עק־וועלט פון שטאָט און אירע מיריאַדן,
אין נעפּל־שלייער דרימלט ריווערסייד.

עס שלייכט זיך צו זיין רו אַ נאַכטיק ווינטל.
עס איילט פאַרביי אַ דאַמע מיט אַ הינטל.
די לבנה שפּילט אין הימל סאָליטער.

ליכט־קרוינען צינדן זיך, און שטערן בלינקען.
אויף האָדסאָנס סאַמעט העפט אַ האַנט אַ פלינקע
פעדים פון גאָלד אין לענג, אין ברייט, אין קווער.

## בראָדוויי

רעוואָלט פון הימלען אומגעוואָרפענע — בראָדוויי.
פאַרפלייצונג פון פאַרווירטע טאַנצנדיקע טריט.
געיעג פון יעדן שטאָל־געריפּטן מאָנאָליט
איבער דערשטיקטן אונטערערדישן געשריי.

ווירוואַר פון מאַרק און באַל, אַנטציקונגען און ווײ.
אַ בונטער קאַרניוואַל פון פלאַמען אויף גראַניט.
אין טאַנץ־צעשטראָלטן זאַל פון רוים אָן סוף, אָן מיט,
אין בליקן פלעמלען זיך רובינען אונטער שניי.

ווער פרעגט — פון וועלכער פינצטערניש דו ביסט געקומען?
ווער פרעגט — אַוועלכע לויטערקייט האָט דיך געבאָרן?
אַלץ איינס — ביסט איינער דאָ אין בליציקן געדריי.

אַ טראָפּן אין אַ פלייץ, אַ שטויבל אין סאַמומען,
אַ קול אין כאָר פון אויפגעשטורעמטע טרוימוואָרן
אין טורעמדיקן פורעם פון דער וועלט — בראָדוויי.

## די באָוערי

בונטער געמיש פון קעלער פינצטערנישן,
פאָר זון און פאַר עלעקטרישע לבנות.
על, אויטאָס, קאַרס, געשטאַלטן — טויט־משכנות,
האָטעלן גראָשנדיקע, „האָולי מישאָן״.

פּאַסאַדעץ — שמוציקע טיכער, אַלטוואַרג טישן
מיט ביכער וועגן הייליקע און נאָנעס,
געמיש פון רו מיט יאוש און סכנות.
און מאַכטלאָז — צווייפלדיקע אויגן צישען. —

דער זיג פון ווערים. אונטער הימל־בלוי,
אין האַלבע רעק, אין נייע היט פון שטרוי,
מיט קאַלטון־בערד — צעדריקטע וואַגאַבונדן.

און פרויען, נעכטיקער גאַטס מאַרגנטוי,
דאָ — ברוינע הויפּנס גאַל און אייטער־וואונדן,
צי שטיקלעך ליכט, צום לעצטן מאָל געצונדן.

## שטאָט

האָסט אונז פאַרשמאָלצן אין דיין פייערדיקן טיגל,
גרויסע שטאָט.
און אונזער קאָפּ געבויגן פאַר דעם ריגל
פון טעמפּל פון דיין גאָלדענעם גאָט.

אויף אייביק אונזער בלייכן פּנים אָפּגעשפּיגלט
אין דיינע בלענדיקע יואוועלן.
און אונז די איילנדיקע טריט געזיגלט
צו דיינע פייערדיקע שוועלן.

און אונזער אויער האָסטו לאַנג געבויערט
צום קלאַנג פון דיינע העלישע געזאַנגען.
נאָר אונזער מערב־וואַנט, דעם פּפּור־בלויען טויער,
אים האָסטו ניט געפאַנגען.

און אונזערע געמיטער האָסטו לאַנג פאַרביליקט.
אין אוניסאָן צו אייזערנע געזאַנגען־זאָרגן.
און דאָך האָסטו פון אונז נאָך ניט פאַרטיליקט
דעם אייביק קוואַלנדיקן מאָרגן.

## פאַרטאָג

מחנות נאָך מחנות ריזן
בלויע, מיט גאָלדענע שפּיזן,
קומען אין הימל אַרויף.

די אויגן מיט בלוי פאַרלאָפן,
ווייס און לער און אָפן,
שטייען די מויערן אויף.

ציט זיך דער ים פאַרשלאָפן
און צום אויפגעוועקטן האַפן
די ערד איר ברוסט שטרעקט גרין.

מיט דינע גאָלדענע שפּיזן
וויקלען די זוניקע ריזן
אין מזרח דאָס בלוט פון באַגין.

## אין דער אויפגאַנג־שעה

און האָרך מיט פינגער אויפן מויל,
און זאָלסט קיין וואָרט פון אַנגסט ניט זאָגן.
הערסט: העגער קרייען, באַלד וועט טאָגן.
דו האָרך מיט פינגער אויפן מויל,
צעלויפן וועט דער שאָטן־קנויל
און וועט די שטילקייט וויט צעטראָגן,
דו האָרך מיט פינגער אויפן מויל,
און זאָלסט קיין וואָרט פון פרייד ניט זאָגן.

דען איין דערהייבונג נאָר, איין שטאַפּל,
און ברייט צעבליט זיך דער באַגין.
דעם וועג צו וואונדער־וועלט געפינ —
נאָר איין דערהייבונג, נאָר איין שטאַפּל,
און נאָכן לעצטן ציטער־צאַפּל,
די ערד באַזוניק און באַדין,
נאָר איין דערהייבונג, נאָר איין שטאַפּל,
און ברייט צעבליט זיך דער באַגין.

# אַ גאַזעל

אַ טיף שפּיגלדיק וואַסער
איז די רו פון דיין האַרץ.
אַ שטיל, שפּילנדיק וואַסער
איז די רו פון דיין האַרץ.

ווען פון האַס אָדער צאָרן
וואַרפט אַ שטיין ווער אין דיר,
קרייזן גיפטיקע שלאַנגען
פון דיין בלוטיקן האַרץ.

ווען אַ וואָרט פון דערלייזונג
וואַרפט אַ קריגער אין דיר,
קרייזן שלאַכטרופן קלאַנגען
פון דיין מוטיקן האַרץ.

קומט אַ שטערן פון הימל
זיך צו שפּיגלען אין דיר,
גייען אויף די געזאַנגען
פון באַלויכטענעם האַרץ.

קומט אַ קינד ווען זיך שפּילן,
וואַרפן שטיינדלעך אין דיר,
מיט אַ שמייכל אַ באַנגען
קומט דער גרוס פון דיין האַרץ.

טרעפט, אַ האַרץ אַ באַשערטע
שפּיגלט אָפּ זיך אין דיר,
אין אַ בליק אייביק לאַנגען
ווערט פאַרלאָרן דיין האַרץ.

און עס שטאַרבן פאַרלאַנגען
אין דער רו פון דיין האַרץ,
און אויף אייביק געפאַנגען
ווערט די רו פון דיין האַרץ.

# אויף דער שוועל...

אויף מיין שוועל שטייט אַ שומר,
בלענדענד העל איז מיין צימער,
ס'זעט מיין זעל כאַאָס, שימל,
ס'ווערט מיין הימל בלוטיק־רויט.

ס'שטאַרבט די נאַכט, דער לאָמפּ נעמט צאַנקען.
כ'זיץ פאַרטראַכט אָן געדאַנקען
עמעץ וואַכט...

כ'וויס ניט מער אין קיין קומער
פון דעם לעבנס־מער אַרום מיר,
קאַמף, געוויער, זיג און וואונדן —
אַלץ פאַרשוואונדן.

כ'זינג אַ ליד פון באַפרייאונג,
מיין געמיט איז פול פאַרצייאונג.
לייכטע טריט...

# אַ ראָנדאָ

די שעה פון אונטערגאַנג... זי איז באַשאַפן,
די לעצטע, שפּעטסטע שעה, די טויטע שלאַנג
צו זיין דער לעצטער טרוים און טרייסט פון שלאַפן,
דער ציל פון מידנס ציללאָז־לאַנגן גאַנג.

דער קריגער שפּירט אַמאָל אין שטרייט און דראַנג,
שטיל שלאָגט די שעה אין קלאַנג פון זיינע וואָפן, —
דער ליבער אָנזאָג אין דעם קלאַנג פון וואָפן, —
די לעצטע שעה, די שעה פון אונטערגאַנג.

און האָט ווען דער באַרוישטער זיין פאַרלאַנג,
אויך ער קען זען זי אין זיין שטילן האָפן.
נאָר איבריק איז זי די, וואָס גייען לאַנג
אין אומרוס פאַנג, ווי גוטע, טרייע שקלאַפן, —
די טויטע שלאַנג, די שעה פון אונטערגאַנג.

## ווי די ליבע האַרבסט-זון אין דער פרי

ווי די ליבע האַרבסט־זון אין דער פרי,
בליט ווען אויף אַ שמייכל און אַ בליק אַ צאַרטער,
גייט ווען אויף אַ וואָרט, אַ האַנט־דרוק אומדערוואַרטער
און פאַרגייט דאַן אומבאַמערקט, ווי זי.

נאָענט און ווייט און פרעמד און ליב, ווי זי,
וואַרעמען אונז ביט לאַנג אַזעלכע בליקן, ווערטער,
און פאַרוועלקן מיט אַ פרייד אַן אומבאַשערטער,
ווי די מידע האַרבסט־זון אין דער פרי.

לייכט און ליב און טיף און מיד, ווי זי,
לייכטן אונז אַזעלכע שמייכלען נאָר סעקונדן,
און אין גאַנג פון לעבן ווערן זיי פאַרשוואונדן,
ווי די בלייכע האַרבסט־זון אין דער פרי.

## באַרוישונג

אַלץ, וואָס דו הערסט, האָסטו געהערט שוין לאַנג,
אַלץ, וואָס דו זעסט האָסטו שוין לאַנג פאַרנומען,
מעג דיך די בענקשאַפט האַלטן אין איר פאַנג, —
ביסט פריי, ווען האָסט אַליין זיך בייגעקומען.

זינג. אין געזאַנג פאַרגעס פאַרלאַנג און צוואַנג,
און מעג אונטער די פיס דער אָפּגרונט קומען,
גיי אויף דיין שטעג דעם זייטיקן און קרומען
און זע דיין גאַנג און הער דיין פריי געזאַנג.

און איז דיר דאָ די בענקשאַפט נאָר געבליבן,
וועסטו זי ווי די ערשטע ליבע ליבן
און אויסשטרעקן מיט פרייד צו איר די הענט.

באַרויש זיך. דעם געדאַנק לאָז פינקלען, שוימען
און גלייב: אין זיינע טיפע טרוימען רוימען
פאַרגעסטו פון דיין ציל, די ענגע ווענט.

## ביים ים

איך בין אַ קליינע וועל,
און דו דער ברייטער ברעג.
פון אַ פאַרבאָרגענער האַנט געטריבן,
לויף איך שנעל
אויף מיין אָנגעמערקטן וועג
צו דיר, מיין ברייטן, שווערן, טריבן ברעג;
און אין אַן אייביק ליבן ליגן
וועט דיך מיין ליד פאַרוויגן, —
איך בין דיין טרוים.
באַלד וועסטו מיך פון דיר פאַרטרייבן,
וועט אויף אַ ווייל פון מיר דאָ בלייבן
אַביסל שוים.

## אָוונט אויפן האָדסאָן

אויסצוג

1

די געלע זון דורך ברייטע שלייערן
אין הייליק־שטילע רוימען.
אַ גאָלדענער מזבח אין אַ הייליקן פאַרשלאָסענעם וואַלד.
לאַנג צעשפּרייטע לילא־פליגלען ווייט אַרום
מיט באַגילדטע זוימען.
ביי דער זייט שטייט שטרענג און שטום
אַ ברייטע, ריזיקע געשטאַלט
און האַלט ביים גאַרטל שווערע שליסלען אין אַ בונט
און קלינגט מיט זיי און קלינגט אין הימל־גרונט.
און ווייטער, העכער, וואו־ניט־וואו,
ברענט דאָ און דאָרט אַ שטילער שייטערהויפן, —
עס רייסן זיך די פייערן און קאָנען ניט אַנטלויפן.
שטיל. אָוונט. רו.

און אונטן וואַרפט דער טייך די טונקעלע שווערע וועלן
פאַרביי די שווערע שוואַרצע שוועלן
פון דער שטאָט, וואָס שמידט אין פייער אירע נעצן.
און רויך פון יעדן דאַמפער קוימען
גייט אויפן טייך, און גאָלדענע קייטלעך ציען זיך אויף אים
אין דער לענג און אין דער ברייט און אין דער קרים.
און ביי די ברעגן וועבן זייערע נעצן
גרויע מאָנסטער שפּינען,
און שנירלעך פון אָפּאַלן און טאָפּאַזן און רובינען
צינדן זיך און ציטערן געדרייט, געקרייצט, געפלאָכטן...

2

דער לעצטער קרבן איז שוין אויפן האָריזאָנט געשאָכטן.

די לופט ווערט פול מיט שטאָטישן געזאַנג.
דאָ אויף דער ברייטער ברוסט פון אַ געמויערט־גלייכער וואַנט
גייט געדרייט פון טייך אַרויף די דימענטענע שלאַנג,
צוגענאָגלט פון אַן אומבאַזיגבאַר־שווערער האַנט,
און נאָכאַנאַנד
מיט אַ ווילדן ברילן
צוויי שורות אומגעלומפּערטע אויטאָמאָבילן
לויפן, לויפן, לויפן.

אין הימל האָט דערברענט דער לעצטער שייטערהויפן.

## אויפן האָדסאָן

אין בלויליכט אין פריילעכן,
העלן
אונטן די וואַסערן,
ליגן:
פירן אומענדלעכע
קריגן
פריידיק־פאַרוואָגלטע
וועלן.

און אויבן אויף שוואַרצע
גערשטעלן,
ווי מאָנומענטן
פון זיגן,
שטייגן אומענדלעכע
שטיגן,
זינגען פאַרשלאָסענע
שוועלן.

שרייען די צאָרניקע
וועלן:
„אַז איר זאָלט גאָטס ווערק
ניט פאַרשוועכן,
וועלן מיר די שטיינער צעברעכן
פון אייערע ווענט,
די צוימען פון שוואַכע, פון מענטשלעכע הענט.“

שטום ענטפערן די שוואַרצע געשטעלן:
„מיר האָבן גאָטס פורעם געפאַנגען,
„גאָטס וואָרט געפאַנגען
„אין די איבערפולע געזאַנגען
„פאַר אונזערע שוועלן.
„און דער פאַנג וועט נאָך אָנגיין
„מיטן שטייגן פון אונזערע שטיגן,
„מיטן פאַרמערן פון אונזערע שוועלן.“

## לילית

זי האָט קיין היים ניט, ווי אין פעלד דער ווינט,
פון זינט זי איז פאַרטריבן פון גן־עדן.
זי קומט אין שלאָף צום אומשולדיקן קינד,
און ס'שמייכלט דאַן דאָס קינד און הערט זי רעדן.

און ווײַנט דער ווינט ווען, און די נאַכט איז בלינד,
דאַן בענקען מיר נאָך אומבאַקאַנטע פריידן.
זי איז דער פיינט פון זעטנדיקער זינד,
זי ברענגט אונז טויט און לייטערנדיקע ליידן.

נאָר דער, וואָס גייט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן
אין ליכט פון טאָג, וועט זי זען אויפן וואָר,
די וואונדער־שיינע צויבערין פון נאַכט.

זי וועט מיט ליבע וועגן צו אים זיך בייגן,
צעוואַרפן אירע לאַנגע, לאַנגע האָר,
און ער וועט זען די קעניגין פון נאַכט.

## דער בוים

וואָס קלערט אַנטקעגן הויז דער בוים?
זיך שטרעקן ווייט און הויך אין רוים,
אַרויף, אַרויף אַלץ ווייטער שטייגן,
צעשפּרייטן מער די יונגע צווייגן,
און גראָבן טיף און אומגעשטערט,
די שטאַרקע וואָרצלען אין דער ערד.

און ווערט געדיכט דער וואָלקן־שוים,
וועט נאָך מער ליכט זיין אין רוים.
מעג בליצן, שטורמען, — ער וועט שווייגן
און מיט די צווייגן שטייגן, שטייגן.
ער שטייט אַנטקעגן הויז און קלערט:
ס'איז בלוי דער הימל, פעט די ערד.

און טרעפט, דער ווינט צעוויגט זיין טרוים,
דעם טיפן טרוים פון שוואַרצן בוים,
צופרידן רוישן זיינע צווייגן:
ס'איז גוט צו שטייגן און צו שווייגן.
אונז, צווייגן, וואַקסן איז באַשערט
פון בלויער לופט און פעטער ערד.

# בלעטער-פאַל

דער בלעטערפאַל! ס׳איז גוט צו ווערן מיד,
זיך פילן, ווי אַ בלאַט אין בלעטערפאַל.
ס׳האָט ווער אַמאָל דיר דיינע טריט געהיט,
און מיט ליבע דיך געפירט צום לעבנס־באַל.
ביסט לאַנג געווען דאָרט איינזאַם און פאַרבלענדט.
איצט ביסטו דאָ, אַ בלאַט אין בלעטערפאַל,
אין גרוי געקליידט, פון קיינעם ניט דערקענט.
דער גאָרטן איז אַ שלאַכטפעלד נאָך דער שלאַכט.

אָט שטייט אַ בוים מיט אַמפּוטירטע הענט,
פאַרדאַרטע, שוואַרצע, הוילע, שטייט פאַרטראַכט.
ווער ווייס, צי נאָך איין פרילינג בליען וועט ער,
צי וועט ניט קומען באַלד זיין לעצטע נאַכט.
דער טרויער־שפּיל פון געלע, רויטע בלעטער.
זיי דרייען זיך אין ווינט ווי אין אַ טראַנס.
אַראָפּ, אַראָפּ, ניטאָ, ניטאָ קיין רעטער.
דער ווינט צעשטערט דעם גאָרטנס לעצטן גלאַנץ,
און אין זיין אָטעם וויגן זיך די צווייגן
שווער הין און הער, ווי אין אַ קאַבראַ טאַנץ.

דער לעצטער רויש. באַלד קומט אָן נאַכט און שווייגן.
נאָר מעגן צו דער ערד די בלעטער פליען,
מעג דאָס, וואָס פאַלט קיינמאָל אַרויף ניט שטייגן, —
ווען אַלץ פאַרבליט, די שענסטע לידער בליען.

# אַ שטיין אין פעלד

אַ שטיין פאַרשטויבט און אָפּגעריבן,
פאַרוואָרלאָזט ליגט אין מיטן וועלט.
די זון איבער אים מיט פאַרבן זיבן,
שיקט זיבן פאַרבן אַ שטיין אין פעלד.

קיין מענטשנהאַנט האָט אים ניט געפורעמט,
קיין מידקייט האָט ניט פאַרוויגט זיין גרויע וואָר, —
שטורעמס האָבן איבער אים געשטורעמט,
ווינטן און וואַסערן נאָר.

און מיט קרומע ווערקצייג האָט אים געשליפן,
געקאָרבט די מכשפה צייט,
געקריצט געהיימע הירעאָגליפן,
סודות פון פאַרגענגלעכקייט.

פון אַ באַרג־שפּיץ האָט זי אים אפשר גענומען
וואו וואָלקנס זייען געווען זיין קלייד,
פאַר אַ וועכטער, פאַר אַן עדות אַ שטומען,
אַ גרויען אין גרויען פעלד פאַרזייט.

פון זיין ברוסט שפּראָצט אַ גרעזל איילעק,
דין, קליין, שרעקעדיק אַרויף,
וואו די צייט פאַרצייכנט יעדערווייליק
צייכנס פון איר בייט און לויף.

וואָס בלייבט פון גרעזל? עס מוז פאַרדאַרבן
פון סם אין דעם אָטעם פון דער צייט.
דער שטיין אין שיין פון די זיבן פאַרבן,
ער ליגט אין מיטן וועלט און שרייט:
„לייען, וואָגל־ברודער, מיינע ווערטער־קאַרבן,
צייכנס פון דער צויבערצייט".

## ראָזנעזל

מיין קעצעלע ראָזענזל איז פריצטע צווישן קעץ.
מיין קעצעלע ראָזנעזל אַנטלויפט פון שמאָנט און פעטס.

עס שאַרט זיך ניט בגנבה, ווען ס'עפנט זיך אַ טיר.
ניטאָ פאַר איר קיין סודות, ניטאָ קיין שרעק פאַר איר.

זי קייקלט מיט דער לאַפּקע אויף דר'ערד אַ פאָדים־שפּול,
זי דרייט זיך ווי אַ רעדל נאָכן עקל אויף אַ שטול.

זי יאָגט זיך ווי אַ וויכער איבערן גאַנצן הויז,
צערייסט מיר מיינע ביכער, ווי ס'וואָלט געווען אַ מויז.

„סמבטיון״ רופט זי מאַמע, זי איז אַ קאַץ אַ ברען,
זי לאָזט ניט דורכגיין קיינעם, ווי אַלץ וואָלט אירס געווען.

און פּרוווט זי נאָר אַ כאַפּ טאָן, זי נעמען אויף די הענט,
אַן אַנדער קעצל ווערט זי, איר וואָלט זי ניט דערקענט.

באַלד ווערט זי מיט אייך גוט־פריינט, וואָס גוט־פריינט קאָן גאָר זיין.
זי רייבט זיך מיטן קעפּל אין צוטרוי אייך אַריין.

פאַרזשמורעט צאַרט די אייגלעך, פאַרשוועבט אין כישוף־לאַנד,
פאַרגעסט איר ווייכע לאַפּקע אין אייער גרויסער האַנט.

מאַכט „פּורר״ אַזוי צופרידן און האַלט דאָס עקל שטיל :
„איך מיין דאָך גאָר קיין בייז ניט, מיין יאָגן זיך איז שפּיל.

„ווען כ׳האָב אַריינגעביסן מיין ציינדל אין דיין הויז,
„ווער האָט געקאָנט דען וויסן, אַז דו ביסט ניט קיין מויז ?״

מיט „פּורר״ שלאָפט איין ראָזנעזל, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען.
זאָגט — נאָך אַזאַ ראָזנעזל האָט איר דען וואו געזען ?

## פאַרסמט

כ׳בין פאַרסמט פון אַ שלאַנג, פון דעם סם פון אַ שלאַנג —
אויף אייביק.
איז מיר דאָרניק מיין וועג, גרוי און דאָרניק מיין וועג,
און שטויביק.

ס׳פירט מיין וועג אין דער וויסט, מיין רויטער שטערן אין דער וויסט
וועט פאַראויסגיין.
מיט דעם קוש פון אַ שלאַנג, פון אַ גיפטיקער שלאַנג
וועל איך אויסגיין.

## XCVI

פֿאַרמאַכט איז יוגנטס דופטיקער מאַנוסקריפּט,
דער פֿויגל האָט געזונגען און געליבט —
אַוועק מיט פֿרילינג און מיט רויז — וואוהין?
פֿון וואו? צו וועלכע סיבות אַנגעקניפּט?

## XCVII

וואָלט אין דער וויסט אַ קוואַל נאָר אָפּגעשטעלט
כאָטש אויף אַ ווייל דעם פּילגער אויף דער וועלט,
ער זאָל, נאָך טויזנט ווינטערס — זיין צוריק
באַלעבט, ווי גראָז אויף אַ צעטראָטענעם פֿעלד!

## XCVIII

ווי לאַנג ס׳איז צייט, וואָלט וואו אַ מלאך נאָר
פֿאַרשטעלט די האַנט, וואָס שרייבט אין בוך פֿון וואָר,
און צווינגען זי אונז שרייבן אַנדערשוואו
דעם נאָמען — אָדער אויסלאָזן אים גאָר!

## XCIX

אין בונד מיט אים, וואָס פֿרייהייט אונז פֿאַרוועררט,
מיר וואָלטן לייכט דעם סדר אומגעקערט,
מיר וואָלטן אים צעשטערן, איך און דו,
באַשאַפֿן נייע הימלען, נייע ערד.

## C

איצט שיקט אונז די לבנה ציטער־שיין.
ווי אָפֿט וועט זי נאָך שפּעטער מיט איר פּיין —
ווי אָפֿט וועט זי דורך צווייגן זוכן אונז —
ווי אָפֿט — און קיינער וועט שוין דאָ ניט זיין!

## CI

און ווען, ווי זי, וועסטו דאָ זאַרגנלאָז,
צווישן די געסט, די שטערן אויפֿן גראָז,
פֿאַרביישוועבן און קומען צו מיין אָרט,
מיין שטענדיקן, — קער אום אַ ליידיק גלאָז.

# באַמערקונגען

**II.** פאַלשער שיין. — „פאַלשער מאָרגן", אָדער „וואָלפס עק" — דער אָפּשיין פון די ערשטע שטראַלן פון דער זון, וואָס גייט ערשט אויף שפּעטער, ווען עס איז שוין דער „אמתער מאָרגן". דער אָפּשיין איז לאַנג און גרוי, און דערפון נעמט זיך דער נאָמען. אַ געוויינלעכע דערשיינונג אין אָריענט.

**IV.** דאָס פּערסישע ניי־יאָר הייבט זיך אָן ביי דער טאָג־און־נאַכט גלייכקייט אין פרילינג, אַרום דעם 21טן מערץ. דאָס איז דער אָנהייב פון פרילינג און ער ווערט נאָך עד היום געפייערט מיט אַ יום־טוב, וואָס זאָל האָבן איינגעשטעלט געוואָרן פון דעמזעלביקן דזשאַמשיד, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין „רובאַיאַט", און וועמעס קאַלענדאַר אָמאַר אַליין האָט געהאָלפן אויסבעסערן.

משהס האַנט. — שמות ד' ו': „און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט, און זי איז געווען ווייס גלייך ווי שניי". — קאָראַן, VII, 105, און XXVI, 32. „און ער האָט אויסוועשטרעקט זיין האַנט, און זי איז געווען ווייס פאַר די, וואָס האָבן דאָס געזען." אין דער פּערסישער פּאָעזיע, באַמערקט ר. א. ניקאָלסאָן, מיינט „האַנט" (דאסט, כף) אָפטמאָל אַ בלאַט פון אַ בוים.

ישוס אָטעם, גלויבן די פּערסיער, האָט דעם כח צו היילן און אַרויסצוברענגען געוויקס פון דער ערד. ער גיט אויך די זיסקייט פון אַ דערפרישנדיקן ווינטל.

**V.** איראַם. — אַ לעגענדאַרישער גאָרטן, וואָס איז פאַרפלאַנצט געוואָרן פון קעניג שאַדאַד און איז איצט פאַרזונקען ערגעץ אין די אַראַבישע מדבריות, ווערט דערמאָנט אין קאָראַן. די פּאָעטן מאָלן אים ווי אַ מין גן־עדן אויף דער ערד, מיט אַ סך שיינע פּאַלאַצן און פּאַוויליאָנען.

דזשאַמשיד — אַ מלך פון אַ לעגענדאַרישער דינאַסטיע, אַ מין פּערסישער שלמה המלך. ער זאָל האָבן געגרינדעט די שטאָט פּערסעפּאָליס, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן „דזשאַמשידס טראָן". ער האָט געהאַט אַ בעכער מיט זיבן רינגען אינעווייניק. די רינגען האָבן סימבאָליזירט די זיבן ערד־טיילן, זיבן הימלען, זיבן פּלאַנעטן, שבע ימים, א. אַז. וו. זיבן איז אַ הייליקע צאָל ביי די מאַכמעדאַנישע מיסטיקער, און דער בעכער איז באַנוצט געוואָרן פאַר נבואות.

**VI.** דודס קול. — דער נביא האָט איינמאָל געהערט עמיצן לייענען פאַר אים דעם קאָראַן. ער האָט דעם לייענער געליובט און אים געזאָגט, אַז ער פאַרמאָגט „דודס קול". די מוסולמאַנער האַלטן דוד המלך, דעם זינגער פון די פּסאַלמען, פאַר אַ מוסטער פון מעלאָדישקייט אין געזאַנג.

פּעלעווי — אַן אַלטע פּערסישע שפּראַך. „אין דער פּערסישער פּאָעזיע, — באַמערקט ניקאָלסאָן, — איז די נאַכטיגאַל („בולבול" אויף פּערסיש) שטענדיק דער געליבטער פון דער רויז („גול"), אַ שיינע פאַנטאַזיע, וואָס שטיצט זיך יעדנפאַלס אויפן גראַם, אויב ניט אויפן שכל." געל איז ביי די פּערסיער אַ קאָליר פון קרענקלעכקייט.

**X.** קאַיקאָבאַר און קאַיכאָזרו — צוויי מעכטיקע מלכים פון דער מיטישער קאַיאַני דינאַסטיע. — האַטים טאַי — אַ גוט־באַקאַנטער טיפּ פון אָריענטאַלישער גרויסמוטיקייט און פרייגעביקייט. — רוסטעם — דער פּערסישער הערקולעס, פון וועמעס העלדישע מעשים עס ווערט דערציילט אין דער נאַציאָנאַלער עפּיק „שאַך־נאַמע" פון דעם פּאָעט פירדוסי.

**XIII.** קרעדיט — די הבטחות פון גן־עדן אויף יענער וועלט, וואָס זיינען ווי דער פּוסטער קלאַנג פון אַ ווייטער פּויק.

**XIV.** אוצר — דער גאָלדענער צענטער פון דעררויז.

**XVIII.** באַראַם גור — באַראַם פון דעם ווילדן אייזל, אַ מלך פון דער דינאַסטיע סאַסאַנידן, וואָס פלעגט ליב האָבן צו גיין אויף יאַגד אויף ווילדע אייזלען. ער האָט

(ווי דער קעניג פון בעמען) אויך געהאַט זיינע זיבן שלעסער פון פאַרשיידענע קאָלירן. אין יעדן שלאָס איז געזעסן אַן אַנדער קעניגלעכע געליבטע, און יעדע געליבטע פלעגט אים דערציילן אַ מעשה, — ווי דאָס ווערט דערציילט אין איינער פון די באַרימטסטע פערסישע פאָעמען, פון ניזאַמי כּוזרא. לויט דער אָריענטאַלישער מיסטישער אויסטייטשונג, סימבאָליזירן די אַלע זיבנס די זיבן הימלען; און אפשר איז דאָס בוך אַליין דאָס אַכטע, אין וועלכן די זיבן גייען אַריבער, און אין וועלכן זיי דרייען זיך. — די פויערים זיינען נאָך איצט אויך אַן אויף די רואינען פון דריי פון יענע טורעמס, און אויך אויף דעם זומפּ, אין וועלכן עס איז פאַרזונקען באַראַם, נאָכיאָגנדיק אַ ווילדן אייזל.

**XIX.** רויטע רויזן. — עס איז פאַראַן, זאָגט פיצדזשעראַלד, אַן אַלטער ענגלישער אבערגלויבן, אַז אַ געוויסע בלום, וואָס וואַקסט לעבן קעמברידזש, וואַקסט נאָר וואו עס איז פאַרגאָסן געוואָרן דעניש בלוט.

**XXI.** זיבן טויזנט יאָר — צו טויזנט יאָר אויף יעדן פלאַנעט.

**XXXI.** סאַטורנוס טראָן. סאַטורנוס, דער האַר פון זיבעטן הימל. — אייניקע פאַרשער האַלטן, אַז דער פערז איז געשריבן געוואָרן פון דעם גרויסן געלערנטן אַוויצענאַ, וועמעס תלמיד אָמאַר כאַיאַם איז געווען. לויט דעם פטאָלאָמייאישן סיסטעם, שטייט די ערד שטיל אין צענטער, און אַרום איר דרייען זיך ניין פוסטע קאָנצענטרישע שאָלן, וואָס ווערן אָנגערופן ספערן, אָדער הימלען, און וואָס גייען איינער אין דעם אַנדערן, ווי די שאָלעכצן פון אַ ציבעלע. צו די זיבן אינעווייניקסטע זיינען צוגעפעסטיקט די זיבן פלאַנעטן אין אַזאַ אָרדענונג: לבנה, מערקור, ווענוס, זון, מאַרס, יופּיטער, סאַטורנוס.

**XXXII.** מיר און דיר: אַ געטיילטע עקזיסטענץ, אָדער פערזענלעכקייט חוץ דעם גאַנצן. דאָס איז אַ באַרופונג אויף דער פאַנטעאיסטישער לערע פון די סופיס, אַז עס איז ניטאָ קיין עקזיסטענץ חוץ דער איינער, פון וועלכער אַלע דערשיינונגען פון דער זעבאַרער וועלט זיינען נאָר עמאַנאַציעס. אומרעאַל איז אויך די מענטשלעכע פערזענלעכקייט און עקזיסטירט נאָר אַזוי לאַנג, ווי עס ליגט דער שלייער אויף דער וועלט פון דערשיינונגען. אַ שפּעטערדיקער גרויסער פּאָעט־מיסטיקער, רומי, זאָגט:

„עס איז ניטאָ קיין צוויי, סיידן דו פאַרגעטערסט די פאָרם:
פאַר אים, וואָס איז אָן פאָרם, ווערט אַלצדינג איינס,
ווען דו באַטראַכטסט פאָרם, האָסטו צוויי אויגן.
קוק אויף זיין ליכט, וואָס איז איינציק.
דאָס אויג, ווען עס פאַלט אויף איינס, מוז אַליין ווערן איינס.
„צוויי" קאָן ניט געזען ווערן."

**XXXVII.** איינער פון די פערסישע פּאָעטן, באַמערקט פיצדזשעראַלד, פאַריד אַטאַר, האָט וועגן דעם אַ שיינע מעשה. אַ דאָרשטיקער וואַנדערער שטעקט אַריין זיין האַנט אין אַ קוואַל, כדי אָנצושעפן אַ טרונק. באַלד קומט צו אַן אַנדער וואַנדערער, טרינקט פון אַן ערדענער שיסל, גייט אַוועק און לאָזט די שיסל איבער. דער ערשטער וואַנדערער נעמט די שיסל אויף נאָך אַ טרונק, אָבער ווי דערשטוינט איז ער, ווען דאָס וואַסער, וואָס איז פריער פון דער האַנט געווען זיס, האָט איצט פון דער ערדענער שיסל אַ ביטערן טעם. אָבער אַ קול, — דוכט זיך, פון הימל, — זאָגט אים, אַז דאָס ליים פון דער שיסל איז אַמאָל געווען אַ מענטש, און אַז אין וואָס פאַר אַ פאָרם ער זאָל ניט באַנייט ווערן, קאָן ער קיינמאָל ניט פאַרלירן דעם ביטערן טעם פון שטערבלעכקייט.

**XXXVIII.** חומר ביד היוצר, פון אונזערע נביאים איז דער פאַרגלייך פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. ער געפינט זיך אויך אין עוואַנגעליום (רוימער, IX, 21). (זע ווייטער רובאַיען XC—LXXXII, „דאָס בוך פון טעפּ", ווי דער טייל האָט זיך גערופן אין פיצדזשעראַלדס ערשטער אויסגאַבע.)

**XXXIX.** דער מנהג אָפּצוגיסן אַ טראָפּן וויין אויף דער ערד פאַרן טרינקען עקזיסטירט נאָך אַלץ אין אינדיע, און אפשר בכלל אין אָריענט. דאָס איז אפשר אַן אַלטער אבערגלויבן; אפשר אַ קרבן צו דער ערד, כדי זי איבערצובעטן אָדער מאַכן זי פאַר אַ מיטשולדיקע אין ניט־דערלויבטע פאַרגעניגנס? אָדער אפשר אַ קרבן פון איבערפלוס, פונקט ווי ביי די אַלטע פעלקער פון מערב? ביי אָמאַרן זעען מיר איין אַ טיפערע באַדייטונג. דער טייערער געטראַנק גייט דאָ ניט לאיבוד, נאָר ער זינקט אַריין אין דער ערד, כדי צו דערפרישן דעם שטויב פון אַן אָרעמער פאַרלאָרענער באַשעפעניש.

אַזוי געפינען מיר אויך ביי חאַפיזן, וואָס האָט אויף אַזויפיל אופנים קאָפּירט

אַמאַרן: „ווען דו טרינקסט ווײַן, גיס אויס אַ ביסל אויף דער ערד. וואָס זאָלסטו מורא האָבן פאַר אַן עבירה, וואָס איז אַ געווינס פאַר אַן אַנדערן?"

**XLIII.** לויט אַ שיינער אָריענטאַלישער לעגענדע, דערפילט אַזראַעל זײַן שליחות מיט דעם, וואָס ער ברענגט צו די נאָזלעכער פון דעם שטאַרבנדיקן אַן עפּל פון דעם בוים פון לעבן.

**XLV.** דער סולטאַן — די נשמה אין גוף.

**XLVI.** דאָ, זאָגט פיצדזשעראַלד, לאַכט אָמאַר אָפּ פון זײַן אייגענעם שטודיום.

**LII.** לעצטע שורה, דערמאָנט אָן דער סופיסטישער לערע פון אייניקייט. ניקאָלסאָן ברענגט אַ שורה פון דעם באַרימטן פּערסישן פאַנטעאיסט באַיאַזיד פון ביסטאַם: „איך בין אַליין דער טרינקער פון ווײַן, דער ווײַן און דער שר המשקים."

**LV.** ווײַנרעבס טאָכטער. — אַ געוויינלעכער פּערסישער מעטאַפאָר פאַר ווײַן.

**LVII.** אַן אָנדייטונג אויף אָמאַר כאַיאַמס גרויסן אויפטו. ער האָט, מיט דער הילף פון נאָך זיבן געלערנטע, אויסגעבעסערט (אין 1079) דעם אַלטן קאַלענדאַר און האָט איינגעשטעלט די „דזשאַלאַלי ערא". גיבאָן זאָגט, אַז זײַן לוח איז אַ סך בעסער פון דעם יוליאַנער און איז כמעט אַזוי גענוי, ווי דער גרעגאָריאַנער סטיל.

**LIX.** דער נביא זאָל, לויט אַ טראַדיציע, האָבן געזאָגט, אַז פון דריי און זיבעציק סעקטעס, וואָס וועלן זיך אַמפּערן צווישן זיך, וועלן צווי און זיבעציק געשליידערט ווערן אין אייביקן גיהנום.

**LX.** באַרופט זיך אויף סולטאַן מאַכמודס זיגרייכן מאַרש קעגן די שוואַרצע אומגלויביקע פון אינדיע.

**LXVI.** פּען און טאָוול. — די אייביקע גזירות פון אַלאַ, גלויבן די מוסולמאַנער, ווערן געשריבן מיט אַ געטלעכער פּען אויף אַ טאָוול אונטער זײַן טראָן.

**LXVIII.** די מאַגישע לאַנטערנע ווערט אָפט באַנוצט אויפן אָריענט. דער אַבאַזשור דרייט זיך לייכט אַרום, און אויף אים זײַנען אויסגעמאָלן פאַרשיידענע סילועטן.

**LXXV.** מושטאַרי—יופּיטער, פּאַרווין—פּלעיאַדן.

**LXXVII.** הייליקע וואַנט. ווי בײַ אונז אין גלות איז די מזרח־וואַנט די ריכטונג פון ירושלים און בית־המקדש, אַזוי האָבן אויך די מאַכמעדאַנער אַ הייליקע וואַנט, אין דער ריכטונג פון מעקאַ, וואוהין זיי קערן דאָס פּנים, ווען זיי דאַווענען.

**LXXXVII.** לויט דער סופיסטישער לערע פון אייניקייט זײַנען „טעפּער און טאָפּ איינס". זע באַמערקונגען צו ר. **XXXVIII** און ר. **LII**.

**XC.** ראַמאַדאַן איז בײַ די מוסולמאַנער אַ חודש פון תענית. מען קוקט דעמאָלט אויס די אויגן אויף דער נײַער לבנה, און מען באַגעגנט זי מיט גרויס שמחה.

(די מערסטע באַמערקונגען זײַנען פיצדזשעראַלדס, אַנדערע — ר. ע. ניקאָלסאָנס, ע. ג. בראַונס, ע. ה. ווינפילדס און מײַנע. — י. ק.)



# דער אַלטער מאַטראָז

## פון סעמיועל טיילאָר קאָלרידזש*)

## ערשטער טייל

### I

אַן אַלטער מאַטראָז באַגעגנט דריי צו אַ ח ת ו נ ה געלאַדענע געסט און פאַרהאַלט פון זיי איינעם.

קומט אָן אַן אוראַלטער מאַטראָז
און פון דריי נעמט ער איינעם אָן.
„וואָס פאַרשט אין מיר דיין פייערדיק אויג,
גרויבאָרדיקער אַלטער מאַן?"

### II

„דעם חתנס טיר איז אָפן ברייט,
אויפן קרוב וואַרט ער לאַנג.
עס וואַרטן געסט, ס'איז גרייט דער פעסט,
הער דאָס פריילעכע געקלאַנג."

### III

ער האַלט אים מיט דער דאַרער האַנט.
„ס'איז געווען אַ שיף." — „לאָז אָפּ!
נעם אַראָפּ דיין האַנט, גרויבאָרדיקער נאַר!"
און ער נעמט די האַנט אַראָפּ.

---

*) דער וואונדערלעכער ענגלישער פּאָעט סעמיועל טעילאָר קאָלרידזש איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1772, און איז געשטאָרבן אין יאָר 1834. ער צייכנט זיך אויס צווישן ענגלישע פּאָעטן מיט זיין אויסערגעוויינלעכער פאָרשטעלונגס־קראַפט און גרויסער מייס־טערשאַפט פון פאָרם. אַ סך פון זיינע פּאָעמען זיינען פאַררעכנט פאַר די שענסטע מוסטערן פון ענגלישער פּאָעזיע. ער איז אַ גרויסער וויזיאָנער, און זיינע העלע, קלאָרע זעאונגען גיסן זיך אויס אין רעליפע בילדער, און זיינע טיפע געדאַנקען געפינען אומעטום יעם פּאַסיקן, קרעפטיקן אויסדרוק. אין דער באַהאַנדלונג פון דעם איבער־נאַטירלעכן, ווי אין „אַלטן מאַטראָז" און אַנדערע פּאָעמען, האָט קאָלרידזש צו זיך קיין גלייכן ניט. ער איז אויך געווען אַ גלענצנדיקער קריטיקער און רעליגיעזער דענקער און האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף זיין דור און אויף די ענגלישע פּאָעטן פון זיין צייט. —י. ק.

IV

נאָר ער האַלט אים מיט זיין גליאיקן אויג.
דער גאַסט בלייבט שטיין פאַרווירט,
און האָרכט ווי אַ דריי־יעריק קינד:
דער מאַטראָז האָט אויסגעפירט.

דער גאַסט ווערט ווי דורך אַ כישוף גע־האַלטן פון דעם אויג פון דעם אַלטן ים־פאָרער און געצוואונגען זיין געשיכטע אויסצוהערן.

V

און עס זעצט זיך אויף אַ שטיין דער גאַסט
און ווייס ניט וואָס צו טאָן.
און רואיק דאַן דער אַלטער מאַן
הייבט זיין געשיכטע אָן.

VI

„אַרויס, אַוועק פון האַפן ברעג,
מיר שווימען פריילעך, פריי.
און שנעל אונז גייען היגל און קירך
און לייכט־טורעם פאַרביי.

VII

די זון גייט אויף פון לינקער זייט,
פון ים אַרויס גייט אויף!
שוועבט העל און ווייט, און פון רעכטער זייט
אין ים פאַרגייט איר לויף.

דער מאַטראָז דער־ציילט, ווי די שיף האָט מיט גוטן ווינט און שיינעם וועטער גע־זעגלט נאָך דרום, ביז זי האָט דערגרייכט די ליניע.

VIII

אַלץ, העכער, העכער וואָס פון טאָג,
ביז צו מיטאָג איבערן מאַסט —"
האָרך: ס'איז דער טאָן פון אַ באַסאָן,
און עס שלאָגט זיך אין ברוסט דער גאַסט.

IX

די כלה קומט אַריין אין זאַל
אַ רויטע ווי אַ רויז:
די לוסטיקע זינגער בייגן זיך,
מאַרשירנדיק פאַראויס.

דער גאַסט הערט די חופה־מוזיק; אָבער דער מאַטראָז זעצט פאָר זיין געשיכטע.

## X

און עס שלאָגט זיך אין זיין ברוסט דער גאַסט,
נאָר ער ווייסט ניט וואָס צו טאָן.
און רואיק דער דער אַלטער מאַן
זיין געשיכטע הייבט ווידער אָן.

## XI

די שיף ווערט פון
אַ שטורעם געטריבן
צום זיד־פּאָל.

„אַ שטורעם־ווינט הערשעריש און שטאַרק
הייבט אויף זיך מיטאַמאָל.
די שיף אויף זיינע פליגלען פליט
ווי שפּריי צום דרום־פּאָל.

## XII

מיט נאָז אין ים, געבויגענער מאַסט,
ווי ווער, פאַרפאָלגט, לויפט, לויפט און האַסט
אין שונאס שאָטן, און ווי אַ לאַסט
דעם קאָפּ נייגט צו די טריט, —
די שיף געשווינט, געשווינט אין ווינט
געפלויגן איז נאָך זיך.

## XIII

קעלט און טומאַן דעם אָקעאַן
פאַרהילן אין שנייאיקער נאַכט.
אייז שווימט אַרום אין נעפּל אום,
בערג הויכע פון סמאַראַגד.

## XIV

דאָס לאַנד פון אייז
און פורכטבאַרע גע־
רוישן, וואו קיין לע־
בעדיק באַשעפעניש
איז ניט געווען צו
זען.

אַמאָל נאָר פאַלט דורך שנייאיקן שפּאַלט
אַן אָפּשיין טריב און קרום.
קיין מענטש, קיין חיה דאָ זעען מיר,
נאָר אייז און שניי אַרום.

## XV

און אויף דער וואַסערוויסט דאָס אייז
געוועזן איז אומעטום,
געקראַכט, געהוילט, דעם ים געקנוילט
אין העלישן געברום.

## XVI

אַן אַלבאַטראָס קומט אָן צו ענד
דורך נעפּל און דורך שניי;
אויף אייזיקער וויסט — אַ פריינט, באַגריסט
פון אונזער פרייד געשריי.

ביז אַ גרויסער ים־פויגל, וואָס ווערט אָנגערופן אַלבאַטראָס, איז געקומען דורך שניי־נעפּל און איז אויפגענומען געוואָרן מיט פרייד און מיט פריילעכקייט.

## XVII

קרייזט איבער אונז דער פויגל־פריינט
און עסט פון האַנט אָן שרעק.
מיט קראַך צעשפּאַלט דאָס אייז זיך באַלד —
און אָפן איז אונז דער וועג.

## XVIII

קומט אָן פון הינטן אַ דרום־ווינט,
און דער פויגל קומט אין לופט
פון וואָלקן אַרויס טאָג־איין טאָג־אויס,
ווען ווער פון שיף אים רופט.

און זע! דער אַלבאַטראָס ווייזט זיך אַרויס פאַר אַ פויגל פון גוטער פאַר־באַדייטונג, און ער פאָלגט נאָך דער שיף, וואָס קערט זיך אום צו צפון דורך נעפּל און שווימענדיקן אייז.

## XIX

אין וואָלקן, אויף מאַסט גערוט האָט דער גאַסט
ניין אָוונטן שטילע, ניין.
דורך נעפּל און נאַכט האָט אויף אונז געוואַכט
דער ווייסער לבנה־שיין."

## XX

„גאָט איז מיט דיר! זאָג, זאָג דו נאָר מיר,
וואָס קוועלט דיך, אַלטער מאַטראָז?
וואָס ציטערט דיין בליק?"—„כ'האָב איין פייל געשיקט
און דערשאָסן דעם אַלאַבטראָס".

דער אַלטער מאַטראָז אין זיין אומגאַסט־פריינטלעכקייט ברענגט אום דעם פרומען פויגל פון גוטער פאַרבאַדייטונג.

## צווייטער טייל

### XXI

איצט קומט די זון פון אָקעאַן
אַרויף פון רעכטער זייט.
דורך נעפּל שיינט זי און אויף לינקס
פאַרגייט זי אין איר צייט.

### XXII

און ס׳בלאָזט פון הינטן אַ גוטער ווינט,
נאָר קיין פויגל קומט ניט אין לופט
פון וואָלקן אַרויס טאָג־איין טאָג־אויס,
ווען ווער פון שיף אים רופט.

### XXIII

זיינע חברים שרייען קעגן אַלטן מאַטראָז, פאַרוואָס ער האָט גע־טייט דעם פויגל פון גוטן מזל.

און איך האָב אַ בייזע זאַך געטאָן,
אַ טאַט פון גיהנומס מאַכט.
און יעדערער שרייט: „האָסט דעם פריינט געטייט,
וואָס האָט אונז ווינט געבראַכט!
האָסט דעם פויגל געטייט, וואָס אין שעה פון נויט
האָט אונז דעם ווינט געבראַכט!"

### XXIV

נאָר ווען דער נעפּל פאַרגייט, רעכטפאַר־טיקן זיי אים און זיי מאַכן זיך דערמיט פאַר מיט־שולדיקע אין דעם פאַרברעך.

ווערט קלאָר, און אָט, ווי דער קאָפּ פון גאָט,
שיינט העל די זון און לאַכט.
„ביסט אונזער פריינט, האָסט דערשאָסן דעם פיינט,
וואָס האָט אונז נעפּל געבראַכט.
האָסט אין שעה פון נויט דעם פויגל געטייט,
וואָס האָט אונז נעפּל געבראַכט."

### XXV

דער גוטער ווינט האַלט אָן; די שיף קומט אַריין אינם שטילן אָקעאַן און שווימט צו צפון, ביז זי דער־גרייכט די ליניע.

געשווינט, געשווינט, אין גוטן ווינט
די זעגלשיף פליט צו נאָרד.
ס׳האָט ווער נאָך קוים אין שטילן ים
געזען דעם שטילן אָרט.

XXVI

און אַט פאַלן די זעגלען, דער ווינט לאָזט נאָך,
הענגט טרויער איבערן דעק;
נאָר דאָ און דאָרט זאָגט ווער אַ וואָרט,
צו שטילן אונזער שרעק!

די שיף בלייבט פלוצ־
לונג שטיין שטיל.

XXVII

צו מיטאָג שטייט אַ רויטע זון,
דער קופּערנער הימל איז הייס.
איבער דער מאַסט גליט דער בלוטיקער באַל,
ווי די לבנה די גרויס.

XXVIII

מיר שטייען טאָג נאָך טאָג, און די לופט
האָט איר אָטעם אָפּגעשטעלט.
שטיל שטייען מיר — אַן אויסגעמאָלטע שיף
אין אַ ים אויף אַ געמעלד.

XXIX

נאָר וואַסער, וואַסער אומעטום,
דאָרט האָלץ אין אַ וואַסער־וועלט.
נאָר וואַסער, וואַסער אומעטום,
און מיר ווערן פון דאָרשט געקוועלט.

און עס הייבט זיך
אַן די נקמה פאַר דעם
אַלבאַטראָס.

XXX

געפוילט האָט די טיף אַליין — אָ גאָט,
אַז דאָס זאָל גאָר מעגלעך זיין;
יע, שליימיקע חיות קריכן אַרום
מיט פיס אויף אַ פלאַך פון שליים.

XXXI

טויט־פייערן טאַנצן ביינאַכט רונד־אַרום,
רונד־אַרום אין ראָד און קנויל;
און עס פלאַקערט גרין און בלוי און ווייס
דאָס וואַסער, ווי כישוף־אויל.

**XXXII**

און מיר האָבן אין חלום געזען אים, דעם גייסט
דעם בייזן — ווי איז אונז, וויי!
ניין קלאַפטער טיף האָט ער נאָכגעפאָלגט אונז
פון דעם לאַנד פון נעפּל און שניי.

אַ גייסט האָט זיי נאָכגעפאָלגט; איינער פון די אומזיכטבאַרע באַוואוינער פון אונזער פלאַנעט, וועגן וועלכע מען קען געפינען ידיעות ביים געלערטן ייִד יאָזעפוס און ביים קאָנסטאַנטינאָפּאָלער פּלאַטאָניקער ספּעלוס. זיי זיינען זייער צאָלרייך, און עס איז ניטאָ קיין קלימאַט אָדער עלעמענט אָן איינעם אָדער מער פון זיי.

**XXXIII**

פאַרטריקנט געווען איז יעדע צונג,
פאַרדאַרט און האַרט אין מויל.
מיר האָבן גאָר רעדן ניט געקאָנט,
ווי דערשטיקט מיט סאַזשע און קויל.

**XXXIV**

און וויי! ווי בייז קוקן יונג און אַלט,
ווי פינצטער און ווילד־צערייצט!
וואָס זאָל איך טאָן? זיי הענגען מיר אָן
דעם פויגל אָנשטאָט דעם קרייץ.

אין זייער גרויסן אומגליק וואָלטן זיינע חברים אַרויפגעוואָרפן די גאַנצע שולד אויפן מאַטראָז; און פאַר אַ צייכן דערפון הענגען זיי אים אָן אויפן האַלז דעם טויטן ים־פויגל.

## ד ר י ט ע ר  ט י י ל

**XXXV**

אַ לאַנגע צייט. די גומענס פאַרדאַרט,
און יעדער בליק איז גלאָז.
אַ לאַנגע צייט! אַ לאַנגע צייט!
און יעדער בליק איז גלאָז.
און מיטאַמאָל ביים האָריזאָנט
אין מערב דערזע איך וואָס.

דער אַלטער מאַטראָז דערזעט אַ צייכן ווייט אויפן וואַסער.

**XXXVI**

צוערשט איז דאָס אַ קליינער פלעק
און ווערט אַ נעפּל באַלד;
און גייט און גייט און ווערט צולעצט
אַ זעבאַר דין געשטאַלט.

XXXVII

אַ פלעק און באַלד אַ דין געשטאַלט
צו אונז אַלץ נענטער גייט,
ווי מיידנדיק אַ וואַסער־גייסט,
זיגזאַגיק און געדרייט.

XXXVIII

מיט גומענס פאַרדאַרט, מיט ליפּן האַרט,
קיין געלעכטער, טרער, געבעט, —
שטום שטייען מיר אין שטומער וואוט!
איך בייס מיין האַנט און זויג דאָס בלוט
און שריי: אַ זעגל! זעט!

אַזוי ווי דאָס דער־
נענטערט זיך, שיינט
דאָס אים צו זיין אַ
שיף; און פאַר אַ
טייערן פּרייז באַפרייט
ער זיין צונג פון די
באַנדן פון דאַרשט.

XXXIX

מיט גומענס פאַרדאַרט, מיט ליפּן האַרט
מיין רוף הערט אַלט און יונג.
דאַנק גאָט! זיי שטשירען פאַר פריידי די ציין
און ציען טיף דעם אָטעם אַריין,
ווי אין אַ טיפן טרונק.

אַ בליק פון פרייד.

XL

„זעט! זעט! איצט איילט עס גלייך צו אונז,
איצט דרייט זיך עס ניט מער!
אָן ווינט, אָן צופלוס שווימט עס שנעל
צו אונזער הילף אַהער!“

און ב אַ ל ד קומט
שרעק. דען קאָן עס
זיין אַ שיף, וואָס
קומט אָן אָן ווינט און
אָן צופלוס?

XLI

אין מערב איז איצט רויטער גלוט,
און אָט — דער טאָג פאַרגייט!
און אויפן וואַסער־זוים איצט רוט
אַ ברייטע אָוונט־רויט,
און עס שטעלט זיך די געשטאַלט אַריין
צווישן אונז אין אָוונט־רויט.

XLII

אָ גאָט! די זון שטייט שוואַרץ געשטרייפט
איבערן וואַסער־גרונט;
דורך אַ תפיסה־גראַטע קוקט אויף אונז
איר ברייטע פלאַמיקע רונד.

דאָס שיינט אים צו
זיין נאָר אַ סקעלעט
פון אַ שיף.

## XLIII

ווײַ! ווײַ! — אין מײַן האַרצן נעמט קלאַפּן שטאַרק, —
ווי שנעל צו אונז עס שוועבט!
און זײַנען דאָס זעגלען, וואָס גלאַנצן העל
אין זון ווי לופט־געוועבט?

## XLIV

און זײַנען דאָס די ריפּען, דורך וועלכע די זון
שײַנט ווי אין אַ גראַטע רויט?
איז די גאַנצע מאַנשאַפט יענע פרוי?
זאָל דאָס זײַן — טויט? און זײַנען דאָרט צווײ?
איז דאָס איר חבר, דער טויט?

און זײַנע ריפּן זײַנען גלײַך צו אײַזערנע שטאַבעס אויף דעם אָנגעזיכט פון דער אונטערגײיענדער זון. די געשפּענסט־פרוי און איר טויט־חבר און מער קיינער ניט אויפן דעק פון דעם שיף־סקעלעט.

## XLV

אירע ליפּן רויט, אירע בליקן פרײַ,
די האָר ווי גאָלד פאַרגעלט,
אַ מצורע ווײַסקײַט אין איר הויט, —
אַ קאָשמאַר איז זי פון לעבן־און־טויט,
וואָס שיקט אין בלוט אַ קעלט.

ווי די שיף, אַזוי די מאַנשאַפט.

## XLVI

צום באָרט קומט האַרט דאָס שיף־סקעלעט,
און אַ צײַכן־שפּיל מאַכן די צווײ.
— געוואונען! — זאָגט זי. — ער געהערט צו מיר!
און זי פײַפט דרײַ מאָל דערבײַ.

טויט און לעבן־אין־טויט האָבן צײַכנס געוואָרפן פאַר דער מאַנשאַפט פון דער שיף, און זי (די לעצטע) געווינט דעם אַלטן מאַטראָז.

## XLVII

די זון זינקט. שטערן שפּרינגען אַרויס.
עס פאַלט די נאַכט געשווינט.
און מיט אַ פליסטער איבערן ים
די גײַסטער־שיף פאַרשווינדט.

קיין בין השמשות אין די הויפן פון דער זון.

## XLVIII

מיר האָרכן און קוקן פון זײַט אַרויף,
אַן אימה אין מײַן ברוסט גײט אויף,
אַ וואַמפּיר אין האַרצן זיצט.

בײַם לבנה־אויפגאַנג.

די שטערן — טונקל, די נאַכט — געדיכט,
ווייס ביים לאָמפּ דעם שטורמאַנס געזיכט,
טוי טריפט פון די זעגלען איצט.
ביז אין מזרח קומט אויף דער לבנה־קרעסצענט,
און אַ העלער שטערן לעבן אים ברענט,
נאָענט צום אונטערשטן שפּיץ.

**XLIX**

איינער נאָך איינעם, אונטער קרעסצענט,
טוט יעדער זיין פּנים אַ בייג,
אָן קרעכץ, אָן זיפץ, נאָר צעקרימט פון ווי,
און שילט מיך מיטן אויג.

איינער נאָכן אַנדערן.

**L**

און פיר מאָל פופציק מענטשן באַלד
אָן קרעכץ, אָן זיפץ, אויפן דעק
פאַלן הין און הער, לעבלאָז און שווער,
פאַלן איינער נאָך איינעם אַוועק.

זיינע חברים פאַלן
טויט;

**LI**

די נשמות פליען פון לייבער אַרויס, —
וואָרט גליק אויף זיי, צי ווי?
און ווי מיטן פייף פון מיין פייל אין לופט
פאַרביי רוישט יעדער פון זיי.

אָבער טויט־אין־לעבן
הייבט אָן איר אַרבעט
אויפן אַלטן מאַטראָז.

## פ ע ר ט ע ר ט י י ל

**LII**

„איך פאָרכט דיך, אוראַלטער מאַטראָז!
איך פאָרכט דיין ביניקע האַנט!
און דו ביסט לאַנג און דין און ברוין,
ווי ס'איז ביים ים דער זאַמד.

דער חופּה־גאַסט האָט
מורא, אַז אַ גייסט
רעדט דאָס צו אים.

**LIII**

„איך פאָרכט דיך און דיין גליאיק אויג,
פון דיין האַנט די ברוינע הויט!"
— ניט פאָרכט דיך, חופּה־גאַסט, פאַר מיר:
איך בין ניט געפאַלן טויט.

אָבער דער אַ ל ט ע ר
מאַטראָז פאַרזיכערט
אים אַז זיין קערפּער
לעבט, און ער דער־
ציילט ווייטער זיין
שרעקלעכע געשיכטע.

## LIV

אַליין, אַליין, גאַר, גאַר אַליין
אויף אַ ווייטן, ווייטן ים!
און קיין הייליקער האָט ניט געבעטן פאַר מיר,
פאַר מיין זעל אין גהינום־פלאַם.

## LV

ער פאַראַכט די באַר
שעפעניש פון דער
שטילקייט.

אַזויפיל שיינע מענטשן — טויט!
וועלן מער ניט רירן זיך.
און טויזנטער שלייממיקע חיות אַרום,
זיי לעבן — אַזוי ווי איך.

## LVI

און ער פאַרגינט זיי
ניט, וואָס זיי לעבן,
און דאָ ליגן אַזוי פיל
טויט.

איך קוק אויפן פוילנדיקן דעק —
און קער דעם בליק אָפּ באַלד.
איך קוק אויפן פוילנדיקן דעק —
זיי ליגן טויט און קאַלט.

## LVII

איך וויל גאָט בעטן, נאָר אומזיסט
די אויגן צום הימל הייב:
אַ גאָטלאָזער פליסטער פון מויל נאָר פליסט,
און מיין האַרץ איז טרוקן ווי שטויב.

## LVIII

איך פאַרמאַך די אויגן, — ווי פולסן שלאָגט
ביים שלייף, אַ קלאַפּ — אַ ריס.
ווייל ים און הימל, און הימל און ים,
זיי האָבן געדריקט אויף מיין מידער ברעם, —
און די טויטע ביי מיינע פיס.

## LIX

אָבער דער פלוך לעבט
פאַר אים אין די אויגן
פון די טויטע מענטשן.

אויף זייערע גלידער אַ קאַלטער שוויס,
און זיי האָבן ניט געפוילט.
און דער לעצטער בליק פון זייער אויג
האָט אייביק מיך איצט געגרוילט.

**LX**

אַ יתומס פלוך פירט אין גיהנום אַראָפּ
אפילו אַ מלאכס טריט.
אַך, שרעקלעכער איז דער פלוך פון אַ מת,
דער פלוך, וואָס דער טויט נעמט מיט.
און איך, איך זע אים זיבן מעת־לעת,
און דאָך שטאַרבן קאָן איך ניט.

**LXI**

די לבנה קוקט אין הימל אַרויף,
גייט אויף און שוועבט אין איר צייט:
אַ קלאָרע, אַ שטילע שוועבט זי אום
מיט שטערן אַ פּאָר ביי דער זייט.

אין זיין איינזאַמקייט און פאַרשטאַרטקייט בענקט ער נאָך דער וואַנדערנדיקער לבנה און נאָך די שטערן, וואָס ווילן דאָ, און דאָך באַוועגן זיי זיך; און אומעטום געהערט צו זיי דער בלויער הימל און איז זייער באַשטימטער אָרט פון רו, זייער פאָטערלאַנד און זייער אייגענע נאַטירלעכע היים, וואָס זיי קענען באַטרעטן אָן אַ מעלדונג, גלייך ווי האַרן, וועלכע ווערן זיכער דערוואַרט, און דאָך פאַרשאַפט זייער אָנקומען אַ פאַרבאָרגענע פרייד.

**LXII**

איר שיין האָט מיט אַ פּראָסטיקן טויט
באַדעקט דעם פאַרשטיקטן ים.
נאָר אין גרויסן שאָטן פון דער שיף
האָט געברענט אויף דער פאַרכישופטער טיף
שטיל־שרעקלעך אַ רויטער פלאַם.

**LXIII**

אַריבער דעם שאָטן האָב איך געזען,
ווי עס שווימט אַ שלאַנג נאָך אַ שלאַנג
אין אַ ברייטער שפּור פון אַ ווייסן שיכט,
און ביי יעדן בייג דאָס שדים־ליכט
פאַלט אַראָפּ ווי אַ זילבעריקער שטאַנג.

ביים ליכט פון דער לבנה זעט ער גאָטס באַשעפעניש פון דער גרויסער שטילקייט.

**LXIV**

און אין דעם שאָטן האָב איך באַטראַכט
זייער וואונדערלעך בונטע פעל:
בלוי, סאַמעט־שוואַרץ און גלאַנציק־גרין
דרייען זיך, שווימען אַהער און אַהין
אין אַ שפּור פון אַ גאָלדענער העל.

## LXV

אָ גליקלעכע! זייער שיינקייט קאָן דען
באַשרייבן די צונג פון מענטש?
און אַ קוואַל פון ליבע דערפיל איך אין ברוסט,
און דאָ האָב איך זיי געבענטשט.
מיין הייליקער האָט זיך דערבאַרעמט געוויס —
און דאָ האָב איך זיי געבענטשט.

זייער שיינקייט און
זייער גליק.

ער בענטשט זיי אין
זיין האַרצן.

## LXVI

איצט בעטן גאָט האָב איך געקאָנט,
און פון מיין האַלז איז פריי
אַראָפּגעפאַלן דער אַלאַבטראָס
און פאַרזונקען אין ים ווי בליי.

דער כישוף הייבט אָן
אויפצוברעכן זיך.

# פינפטער קאַפּיטל

## LXVII

אַ צאַרטער שלאָף! פון פּאָל צו פּאָל
באַליבט, געגאַרט ביסטו.
געפּרייזט זיי, הייליקע מאַרי!
דעם שלאָף פון הימל געשיקט האָט זי,
פאַר מיין זעל די זיסע רו.

## LXVIII

איך האָב געחלומט, די עמערס פון דעק
מיט טוי זיינען אָנגעזאַפּט.
און עס האָט גערעגנט אויפן וואַר,
ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט.

דורך דעם גנאָד פון
דער הייליקער יונג־
פרוי ווערט דער אַל־
טער מאַטראָז דער־
פרישט מיט רעגן.

## LXIX

די קליידער נאַס, די ליפּן נאַס,
און קיל איז מיר אין האַלז.
אין חלום האָב איך געטרונקען געוויס,
און מיין קערפּער טרינקט נאָך אַלץ.

**LXX**

איך גיי און פיל די גלידער קוים,
מיין גאַנג אַזוי לייכט און דרייסט,
ווי איך וואָלט אין שלאָף געשטאָרבן נאָך
און וואָלט איצט געווען אַ גייסט.

**LXXI**

ער הערט קלאַנגען
און זעט זעלטזאַמע
באַוועגונגען אין הימל
און אויפן וואַסער.

און באַלד אַ רוישן פון אַ ווינט
אין דער ווייט פאַרנומען האָב איך.
און איך זע: די זעגלען דין און דאַר
פון דעם רויש באַוועגן זיך.

**LXXII**

עס ווערט די איבערשטע לופט באַלעבט!
אין אַ פייער־פּאָן פלאַטער־גלאַנץ
אַהער — אַהין טאַנצט אַרום דעם שיין,
און אַהער און אַהין, און אַרויס און אַריין
די שטערן אין אַ טאַנץ.

**LXXIII**

אָט זיפצן ווי שילף די זעגלען אין ווינט,
וואָס קומט ראַש פון ווייטן רוים.
פון אַ שוואַרצן וואָלקן אַ רעגן פאַלט,
די לבנה ביים וואָלקנס זוים.

**LXXIV**

אָט שפּאַלט דער וואָלקן זיך, ניט ווייט
פון לבנהס פינצטערן זיץ.
ווי פון פעלזן אַ וואַסער־שטראָם ברייט און שטיל,
אַזוי פאַלן אַראָפּ, גלייך ווי אַ פייל,
אין איין ליכט־שטראָם בליץ נאָך בליץ.

**LXXV**

די לייבער פון דער
שיפס מאַנשאַפט ווערן
באַגייסטיקט, און די
שיף גייט ווייטער
איר גאַנג.

דער ווינט באַרירט גאָר ניט די שיף,
דאָך רירט עס זיך און גייט.
און אַ קרעכץ קומט אונטער לבנה און בליץ
פון די מענטשן, וואָס ליגן טויט.

## LXXVI

אַ קרעכץ. זיי רעגן זיך, שטייען אויף,
נאָר שטום און מיט בליקן שטאַר.
אויך אין אַ קאָשמאַר זיי אויפשטיין צו זען
וואָלט דאָך געווען זונדערבאַר!

## LXXVII

דער שטורמאַן פירט, עס גייט די שיף,
און דאָך קיין ווינטל בלאָזט;
די מאַטראָזן נעמען זיך צו די שטריק,
וואו זיי האָבן זיי פאַרלאָזט;
זיי הייבן די גלידער ווי טויט געצייג
צו די שטריק, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט.

## LXXVIII

דאָס לייב פון מיין ברודערס זון קני צו קני
איז פאַר מיר געשטאַנען דאָרט,
און מיר האָבן ביידע געצויגן איין שטריק,
נאָר ער זאָגט מיר ניט קיין וואָרט."

## LXXIX

„איך פאָרכט דיך, אוראַלטער מאַטראָז!"
— זיי רואיק! ס'איז געשען,
אַז ניט די זעלן פאַרגאַנגען אין פּיין,
זיינען דאָס אין די קערפּערס אַריין, —
ס'זיינען זעליקע גייסטער געווען.

אָבער ניט דורך די נשמות פון די מענטשן, און ניט דורך דעמאָנען פון דער ערד אָדער פון דער מיטעלער לופט, נאָר דורך אַ זעליקער מאַכט פון מלאכים־גייסטער, וואָס זיינען אַראָפּגעשיקט געוואָרן ביי דער אָנרופונג פון דעם הייליקן באַשיצער.

## LXXX

ווייל די הענט האָבן זיי אויף די מאַסטן פאַרלייגט
ביים ערשטן מאָרגן־שטראַל,
און דורך זייערע ליפּן געפּליסטערט האָט
אַ הימלישער כאָראַל.

LXXXI

אַרויף, אַרויף קומען קלאַנגען אויף,
און צו דער זון אין אַ בליק,
און פאַלן לאַנגזאַם באַלד אַראָפּ
געמישט און באַזונדער צוריק.

LXXXII

אָט פאַלן פון הימל אַראָפּ צו מיר
דער לערכס געזאַנגען פריי;
אָט פאַרקלינגען לופט און אָקעאַן
אַלע קליינע פויגלען, וואָס זיינען פאַראַן,
מיט זייער צוויטשעריי.

LXXXIII

אָט הערט זיך אַן אָרקעסטער־רויש,
און אַ פּלייטס פאַרגייען,
און אָט איז גאָר אַ מלאכס ליד,
וואָס עס האָרכט דער הימל אַליין.

LXXXIV

און שטיל. נאָר די זעגלען האָבן נאָך
אַזאַ ליבן רויש געמאַכט,
ווי דער רויש פון אַ טייכל זומער אין וואַלד
באַהאַלטן און באַוואַכט,
וואָס וואַכט אויף דעם שלאָף פון דעם וואַלד אַרום
און זינגט אים אַ גאַנצע נאַכט.

LXXXV

ביז מיטאָג פאַרן מיר אָן ווינט,
און רואיק שווימט די שיף:
זי טראָגט זיך שטיל און גלייך פאָראויס,
געטריבן פון דער טיף.

LXXXVI

ביין קלאַפּטער טיף אונטערן קיל,
פון שניי און נעפּל לאַנד
פאָלגט נאָך דער גייסט, און ער ציט די שיף
מיט אומגעזעענער האַנט.
ביז אין מיטן טאָג בלייבט שטיין דאָס שיף. —
קיין רויש פון זעגל־געוואַנט.

דער איינזאַמער גייסט
פון זיד־פּאָל טראָגט
די שיף ביז צו דער
ליניע, פאָלגנדיק דעם
באַפעל פון דער
מלאכים־מאַכט, דאָך
פאָדערט ער נאָך
נקמה.

## LXXXVII

מיט מאַסטן גראָד אונטער דער זון
בלייבט שטיין די שיף אָן רעגונג.
און פּלוצלונג — עס נעמט רירן זיך
מיט אַ ציטריקער באַוועגונג;
פאָראויס — צוריק, אויף האַלב די לענג,
מיט אַ ציטריקער באַוועגונג.

## LXXXVIII

און דאָ, ווי אַ צעשראָקן פערד,
גיט פּלוצלונג אַ וואָרף אַרום.
גיט מיר אין פּנים אַ שלאָג דאָס בלוט,
און איך פאַל באַוואוסטלאָז אום.

## LXXXIX

ווי לאַנג איך בין געלעגן אַזוי,
דאָס ווייס איך ניט פאַרוואָר.
נאָר איידער אויפגעוואַכט האָב איך,
הער איך צוויי רעדן צווישן זיך,
צוויי שטימען פאַרנעם איך קלאָר.

די מיט־דעמאָנען פון דעם גייסט פון זיד־פאָל, די אומזיכטבאַרע באַוואוינער פון דעם וואַסער, נעמען אָנטייל אין זיין מזל, און צוויי פון זיי דערציילן איינער דעם אַנדערן, אַז אַ לאַנגע און שווערע תשובה־שטראָף פאַר דעם אַלטן מאַטראָז איז באַוויליקט געוואָרן דעם גייסט פון פאָל, וועלכער קערט זיך אום קיין דרום.

## XC

„דאָס איז ער?" זאָגט איינער, „דער מאַן, וואָס האָט
געצילט זיין פיילן־שאָס
אַזוי קאַלט און זאַכט, און האָט אומגעבראַכט
דעם מילדן אַלבאַטראָס?

## XCI

דער גייסט פון שניי און נעפּל לאַנד
האָט געליבט דעם אַלבאַטראָס;
און דער פויגל האָט דעם געליבט, וואָס האָט
אים געטויט מיטן פיילן־שאָס".

XCII

דער אַנדער קול איז מילדער געווען,
אַזוי מילד, ווי האָניק־טוי.
ער זאָגט: „דער מאַן האָט תשובה געטאָן
און וועט לאַנג נאָך טאָן אַזוי".

## זעקסטער טייל

XCIII

ערשטער קול

„נאָר זאָג מיר, זאָג מיר, ווייטער רעד,
לאָז הערן דיין מילדע שטים:
וואָס טרייבט די שיף אַזוי שנעל צו נאָרד?
וואָס טוט דער ים מיט אים?"

XCIV

צווייטער קול

„ווי עס שטייט אַ דינער פאַר זיין האַר,
דער ים אָן רעגונג ליגט.
ס'איז גרויס און העל זיין אויג און שטיל
צו דער לבנה בליקט.

XCV

צו זיין באַוואוסט, וואוהין דעם פלוס
צו ווענדן, פרעגט זיין בליק.
זע, ברודער, ווי פון הויך ווינקט זי
אים מילד אַראָפּ צוריק."

XCVI

ערשטער קול

„נאָר וואָס זשע, אויב ניט ווינט און וועל,
אַזוי שנעל די זעגל־שיף יאָגט?"

צווייטער קול

„עס איז ניטאָ קיין לופט פאָראויס,
און לופט פון הינטן טראָגט."

דער מאַטראָז איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ שלאָף, ווייל די מלאכים־מאַכט לאָזט טרייבן די שיף קיין צפון שנעלער, איידער אַ מענטשלעך לעבן קאָן דאָס איבער־טראָגן.

### XCVII

„פלי, ברודער מיין! ס'וועט שפעט אונז זיין!
פלי העכער, העכער אין רוים!
דען לאַנגזאַם וועט גיין די שיף אַליין,
ווען פאַראיבער וועט זיין זיין טרוים“.

### XCVIII

די איבערנאַטירלעכע באַוועגונג ווערט צו־ריקגעהאַלטן: ד ע ר מאַטראָז וואַכט אויף, און זיין ת ש ו ב ה־שטראָף הייבט זיך אָן פון דאָס ניי.

דאָ וואַך איך אויף און זע די שיף
אין שטילן, רואיקן לויף.
די נאַכט איז שטיל, די לבנה הויך,
די טויטע קומען צונויף.

### XCIX

דאָ שטייען זיי אַלע אויפן דעק —
וואָלטן גיכער אין קבר זיין.
זיי קוקן מיט גלעזערנע אויגן מיך אָן,
פול מיט לבנה־שיין.

### C

דער קראַמף, דער פלוך פון פאַרן טויט
נאָך זייער בליק פילט אָן.
איך קאָן ניט אָפּקערן מיין אויג,
איך קאָן ניט תפילה טאָן.

### CI

דער פלוך ווערט ענד־לעך אַראָפּגענומען.

און ווידער האָב איך מיט פאַרשיקן אויג
דעם גרינעם ים געזען,
און האָב שוין ניט געפונען מער
וואָס דאָס איז פריער געווען.

### CII

ווי ווער עס גייט אויף אַן איינזאַמען וועג
אין טויט־שרעק אַליין אין וואַלד
און קוקט זיך נאָר איינמאָל אום און קערט
דעם קאָפּ צוריק אָפּ באַלד,
דען ער פילט, אַז אים פאָלגט פון הינטן נאָך
דעם פאַרכטבאַרן פיינטס געשטאַלט.

CIII

עס אָטעמט באַלד אַ ווינט אויף מיר
אָן רעגונג און אָן רויש.
ער ברענגט ניט מיט קיין שאָטן, קיין ריר,
קיין וועל פון ים אַרויס.

CIV

ווי אַ פרילינג־ווינט, הייבט מיר די האָר
און לייכט מיין באַק באַוויייט, —
אין מיין שרעק געפילט האָב איך, ווי ער וואָלט
עמפּפאַנגען מיך מיט פרייד.

CV

שנעלער, שנעלער פליט די שיף,
און דאָך אַזוי לייכט, אַזוי לייכט.
מילדער, מילדער ווייט דער ווינט,
און נאָר צו מיר דערגרייכט.

CVI

אַ טרוים פון פרייד! צי קאָן דאָס זיין
דעם לייכט־טורעמס ווייסע וואַנט?
איז דאָס דער היגל? איז דאָס די קירך?
איז דאָס מיין אייגן לאַנד?

און דער אַלטער
מאַטראָס דערזעט זיין
פאָטערלאַנד.

CVII

און איך וויין און טו תפילה, ווען די שיף
אין האַפן קומט צום סוף:
„אָ זאָל דאָס וואָר זיין, וואָר, מיין גאָט,
אָבער אייביק זאָל זיין דער שלאָף.״

CVIII

די האַפן בוכט איז קלאָר ווי גלאָז,
דאָס וואַסער איז העל און גלאַט.
אויפן וואַסער ליגט לבנה־שיין,
און איר שאָטן איז ברייט און מאַט.

CIX

דער פעלז איז העל, די קירך אויף אים
איז פון דעם שיין־באַהעלט.
אין שטילן שיין רוט דער וועטער־האָן,
אויף קירך־דאַך אויפגעשטעלט.

CX

די מלאכים־גייסטער פאַרלאָזן די טויטע לייבער,

אין אַ ווייסן ליכט ליגט שטיל די בוכט,
ביז איך זע: פון וואַסער גייט
אַ מחנה געשטאַלטן־שאָטנס אַרויף,
אַלע אין רויט געקליידט.

CXI

און ערשיינען אין זייערע אייגענע ליכט־געשטאַלטן.

און נאָענט, גאָר נאָענט צום נאָז פון שיף
די שאָטנס זיינען געווען.
איך האָב אַ בליק געטאָן צום דעק —
גאָט, וואָס איך האָב דאָ געזען!

CXII

מיין גאָט! מיין גאָט! זיי ליגן דאָ,
די קערפּערס פלאַך און טויט.
און אַ העלער שרף, פון ליכט אַ זייל,
אויף יעדן קערפּער שטייט.

CXIII

און יעדער שרף פאָכט מיט דער האַנט —
כ׳בין אין הימלס אָנגעזיכט!
ס׳איז יעדער פון זיי אַ סיגנאַל צום לאַנד,
אין ווייסן ליבן ליכט.

CXIV

און יעדער שרף פאָכט מיט דער האַנט,
דאָך הער איך ניט קיין קלאַנג, —
קיין קלאַנג, נאָר אין ברוסט די שטליקייט זינקט,
ווי הערלכער געזאַנג.

### CXV

אַ רודער־געררויש און דער גרוס פון פּילאָט
צו מיין געהער דערגרייכט,
קערט זיך אום מיין קאָפּ פון זיך אַליין —
אויף דער בוכט אַ שיפל שלייכט.

### CXVI

אין שיפל איז מיט דעם פּילאָט
זיין יונגער זון — אַ פרייד!
אַ גרויסע, גרויסע פרייד — מיין גאָט! —
זי איז דאָך שטאַרקער פון טויט!

### CXVII

איך זע אַ דריטן, הער זיין שטים, —
די שטים פון אַ הייליקן שאַלט!
הויך זינגט ער אויס צו גאָט זיין הימן,
וואָס ער האָט געמאַכט אין וואַלד.
באַלד קומט, וואַשט דעם פויגלס בלוט
מיר פון די הענט אָפּ, — באַלד!

## ז י ב ע ט ע ר  ט י י ל

### CXVIII

דער וואַלד־מענטש.

דער גוטער וואַלד־מענטש לעבט אין וואַלד,
אין וואַלדביים וואַסער־ראַנד.
ס'איז גוט זיין הויכן קול צו הערן,
מיט שיפער־וואָגלער רעדט ער גערן,
מיט וואָגלער פון וויטן לאַנד.

### CXIX

ער קניט באַגין, בייטאָג, פאַרנאַכט
און לייגט זיין קאָפּ אין רו
אויף אַ פוילן וואָרצל פון אַ דעמב,
וואָס געדיכטער מאָך דעקט צו.

## CXX

דאָס שיפל קומט צו, איך הער די רייד:
„ווי זונדערבאַר, פאַרוואָר!
דאָ האָט העל געשיינט אַזויפיל ליכט
און איז איצט פאַרשוואונדן גאָר!"

## CXXI

דערנענטערט זיך צו דער שיף מיט פאַר־וואונדערונג.

„און ענטפערן ניט אויף אונזער גרוס, —
זאָגט דער היליקער, זונדערבאַר!
פאַרשרומפּן די פּלאַנקען, און זעגלען, זעט! —
ווי דין זיי זיינען און דאַר!
איך האָב קיינמאָל אַזוינס נאָך ניט געזען —
ווי אַלץ איז דאָ שטום און שטאַר!

## CXXII

ווי דאַרע בלעטער־סקעלעטן אין וואַלד,
וואָס ביים טייכל דער ווינט פאַררוקט,
ווען פון אַ פאַרשנייטן קוסט מיט געשריי
קוקט די סאָווע צום וואָלף, וואָס אונטן אין שניי
דער וועלפינס קינדער פאַרצוקט."

## CXXIII

„מיין גאָט! ווי שווידערלעך דאָס איז אַלץ, —
הייבט דער שיפער אויף זיין שטים, —
איך ציטער!" — „מונטער, רודער געשווינדט." —
דער וואַלד־מענטש ענטפערט אים.

## CXXIV

דאָס שיפל קומט נענטער צו צום באָרט.
איך וואַרט פאַרגליווערט און שטום.
און ווען דאָס שיפל איז האַרט ביים באָרט,
דערהערט זיך אַ שרעקלעכער ברום.

## CXXV

די שיף גייט פּלוצ־לונג אונטער.

אונטערן וואַסער הייבט זיך דער ברום
און ראָלט ווי אַ דונער פאַרביי —
פאַרביי דער שיף, צעפּאַלט די בוכט,
און עס זינקט די שיף ווי בליי.

CXXVI

באַטויבט פון דונער, וואָס הימל שפּאַלט,
באַטויבט פון פאַרכטבאַרן קראַך,
ווי דער־טרונקען, בלייבט ליגן מיין געשטאַלט
האַלב שלאָפנדיק, האַלב וואַך,
נאָר גיך ווי אַ חלום, ליג איך באַלד
אין שיפל באַוועגלאָז, פלאַך.

CXXVII

און שטיל, נאָר שנעל דאָס שיפל דרייט
אויפן אָרט, וואו ס'איז געשען.
נאָר אַ ווידערקלאַנג אויפן היגל לאַנג
דערציילט, וואָס איז געווען.

CXXVIII

איך ריר מיט די ליפּן, עס שרייט און פאַלט
באַוואוסטלאָז דער פּילאָט.
דער הייליקער הייבט די אויגן אויף
און תפילה טוט צו גאָט.

CXXIX

משוגע ווערט דעם שיפערס זון,
און רודערן הייב איך אָן.
ער לאַכט, לאַכט הויך און לאַנג און קוקט
מיט ווילדן בליק מיך אָן.
„כאַ־כאַ! — זאָגט ער, — איך וויים שוין ווער, —
דער טייוול רודערן קאָן".

CXXX

אויף פעסטן באָדן שטיי איך באַלד —
מיין אייגן לאַנד דאָס איז!
דער הייליקער טרעט פון שיפל אַרויס,
ער שטייט קוים אויף די פיס.

CXXXI

„באַפריי פון זינד מיך! — שריי איך אויס, —
אַ הייליקער, בענטש מיך, בענטש!"
דער וואַלד־מענטש צלמט זיך צוערשט:
„וואָס ביסטו פאַר אַ מענטש?"

דער אַלטער מאַטראָז בעט ערנסט דעם וואַלד־מענטש צו באַפרייען אים פון זיין זינד, און עס פאַלט אויף אים די תשובה־שטראָף פון לעבן.

CXXXII

עס האָבן טויט־קראַמף ווייטיקן
מיין לייב פאַרכאַפּט דערביי,
געצוואונגען מיך דערציילן אַלץ, —
און איך האָב דערפילט מיך פריי.

CXXXIII

און אָפּט צו מיר יענער טויט־קראַמף קומט:
ביז עס האָט ניט אויסגעהערט
מיין שרעקלעכן סוד ווער ביז צום סוף,
ווערט פון פייער מיין האַרץ פאַרצערט.

און פון צייט צו צייט
און דורך דעם גאַנצן
צוקינפטיקן לעבן
צווינגט אים אַן אי־
נעווייניקסטע אַנגסט צו
וואַנדערן פון לאַנד צו
לאַנד.

CXXXIV

און איך גיי מיט וואונדער־מאַכט פון וואָרט,
ווי נאַכט, לאַנד־אויס, לאַנד־איין.
דערקען אַן פּנים אויפן אָרט
דעם, וואָס פאַרנעמען וועט מיין וואָרט, —
מיין צוהערער מוז ער זיין.

CXXXV

ס׳אַראַ גערויש דאָס קומט פון הויז!
דאָס טומלען די געסט אַזוי.
די כלה און מיידן אין גאָרטן דאָרט,
צוזאַמען זינגען זיי.
און האָרך: דער קליינער אָוונט־גלאָק
צום געבעט רופט מיך און זיי.

CXXXVI

**אָ, גאַסט, איך בין געווען אַליין**
ווייט־ווייט אין וואַסער־רוים, —
און איינזאַם דאָרט, אַז יענעם אָרט
ווייסט גאָט אַליין נאָר קוים.

CXXXVII

אָ, ליבער איז מיר פון חופּה־פעסט,
און פיל בעסער מיר געפעלט
צו גיין אינאיינעם מיט גוטע לייט
צום געבעט אין גאָטס געצעלט!

### CXXXVIII

אינאיינעם גיין אין גאָטס געצעלט,
וואו אַרום דאָס אויג דערזעט,
ווי קינד און זקן, יינגלינג און מייד,
געליבטע מיט ליבע און פרומער פרייד
פאַרטיפטע אין געבעט!

### CXXXIX

איצט זיי געזונט, דו חופה־גאַסט,
איין זאַך נאָר זאָג איך דיר:
דעמס תפילה איז גוט, ווער עס ליבט נאָר גוט
מענטש, פויגל, פיש און טיער.

און צו לערנען מיט
זיין אייגענעם ביי־
שפיל צו ליבן און
אַכטן אַלץ, וואָס גאָט
האָט באַשאַפן און
האָט ליב.

### CXL

דעמס תפילה איז גוט, ווער עס ליבט נאָר גוט
אַלץ, וואָס איז צום לעבן באַשערט, —
דען מיט ליבע באַשאַפן האָט אונזער גאָט
אַלע ווידמונגען אויף דער ערד.״

### CXLI

און דער מאַטראָז מיט דער גרויער באָרד
און מיטן העלן בליק
שטייט אויף און גייט. און אויך דער גאַסט
גייט איצט אַהיים צוריק.

### CXLII

ער גייט מיט ניט געאיילטע טריט,
פאַרטרויערט און פאַרטראַכט.
און ערנסטער, קליגער שטייט ער אויף
אויף מאָרגן נאָך יענער נאַכט.

# טשאַילד העראָלד

## פון היינריך היינע

שו׳ימט אַ שטאַרקע שוואַרצע באַרקע,
פול מיט טרויער שווימט זי שטיל,
דאָרט פאַראומערטע, פאַרשטומטע
טויט באַגלייטער זיצן פיל.

און דער דיכטער, טויט דאָרט ליגט ער
מיט אַן אָפענעם געזיכט.
און דאָס בלויע אויג מיט טרויער
שטאַרט נאָך אַלץ אין הימלס ליכט.

פון די טיפן קלינגט, ווי רופן
וואָלט אַ קראַנקע נימף דאָרט טיף.
ווערלן קלאָגן און צעשלאָגן
זיך אָן שוואַרצן ראַנד און טיף.

* * *

מיין טאָג געווען איז העל, פול גליק מיין נאַכט,
מיין ליבע האָט געפרייט מיין פאָלק, און פרייער
געקלונגען האָט מיין ליד פול לוסט און פייער
און האָט מער שיינהייט אומעטום געבראַכט.

נאָך בליט מיין זומער. נאָר אַריינגעבראַכט
האָב איך שוין לאַנג די זאַנגען אין מיין שייער.
און איצט זאָל איך פאַרלאָזן, וואָס האָט טייער
און ליב אַזוי פאַר מיר די וועלט געמאַכט.

מיין אינסטרומענט נעמט שוין פון האַנט מיר זינקען.
צעבראָכן איז דאָס גלאָז, וואָס כ׳האָב געפרעסט
ביט לאַנג צו מיינע ליפּן אָן אַ ציטער.

ווי גוט צו לעבן אין דעם ליבן נעסט!
ווי העסלעך איז דאָס שטאַרבן און ווי ביטער!
ווי גוט פון לעבנס־בעכער פרייד צו טרינקען,

# דער וואַלד-קעניג

## פון געטהע

ווער רייט אַזוי שפּעט דאָ דורך נאַכט און דורך ווינט ?
דורך נאַכט און דורך ווינט רייטן פאָטער און קינד.
דערשראָקן, דאָס קינד דריקט זיך פעסט צו זיין ברוסט,
עס וואַרעמט דער פאָטער אים, צערטלט און קושט.

— מיין זון, וואָס באַהאַלטסטו דיין פּנים מיט שרעק ?
— זעסט, פאָטער, דעם וואַלד־קעניג ניט אויפן וועג ?
דעם קעניג פון וואַלד, מיט זיין קרוין און זיין שלייף ?
— אָ, קינד מיינס, נעפּל דאָרט ווייזט זיך אַ שטרייף.

„קום, ליב קינד, צו מיר! קום און גיי נאָר מיט מיר!
פיל פריילעכע שפּילן דאָ וואַרטן אויף דיר,
פיל פּרעכטיקע בלומען און שפּילן און פרייד,
מיין מוטער פאַר דיר האָט אַ גאָלדענע קלייד.״

— אָ, פאָטער, דער וואַלד־קעניג רעדט צו מיר שטיל,
ער זאָגט מיר צו בלומען בונטפאַרביקע פיל!
— באַרואיק דיך, ליבער. באַרואיק דיך, קינד:
אין בלעטער פאַרטריקנטע רוישט דאָס דער ווינט.

„דו שיינער, דו ליבער, ווילסט גיין איצט מיט מיר ?
שוין לאַנג מיינע טעכטער דאָ וואַרטן אויף דיר:
זיי וועלן דערפילן דיין יעדן פאַרלאַנג,
און וויגן, פאַרוויגן מיט טאַנץ און געזאַנג.״

— מיין פאָטער, מיין פאָטער, דו זעסט דען ניט דאָרט —
דעם וואַלד־קעניגס טאָכטער אין פינצטערן אָרט ?
— מיין טייערער, ליבער, איך זע דאָס גענוי:
דאָרט ציטערן ווערבעס אין לבנה ליכט גרוי.

„איך ליב דיך, איך ליב דיך, מיך רייצט דיין געשטאַלט!
דו ווילסט ניט ? דיך נעמען וועל איך מיט געוואַלד!״
— מיין פאָטער, מיין פאָטער, איצט יאָגט ער אונז אָן!
דער וואַלד־קעניג האַלט מיך, האָט ווי מיר געטאָן!

אין אַנגסט און אין שרעק רייט דער פאָטער געשווינד,
ער האַלט אין די אָרעמס דאָס קרעכצנדע קינד.
שוין נאָענט... אָט האָט ער דעם הויף שוין דערבליקט...
נאָר טויט אין די אָרעמס דאָס קינד ביי אים ליגט.

# דער ריטער

## פון היינריך היינע

אַמאָל איז אַ רייטער פאַרטרויערט און שטום
און בלייך אויף דער וועלט אומגעגאַנגען,
געשלעפּט זיך אַ וואַקלדיקער צייללאָז אַרום,
פון טונקעלע טרוימען געפאַנגען,
געוועזן איז זיין גאַנג אומגעלומפּערט און קרום,
געלאַכט האָבן בלומען אין פרייען אַרום,
ווען ער איז פאַרביי זיי געגאַנגען.

אָפט זיצן פלעגט ער אין זיין ווינקל אַליין,
זיין בליק אַ פאַרבענקטער, פאַרטרערטער,
און שטרעקן די אָרעמס אין בענקשאַפט און פּיין,
אין בענקשאַפט און פּיין, נאָר אָן ווערטער.
נאָר קוים האָט געשלאָגן פון מיטנאַכט די שעה,
אַ קלינגען און זינגען דערהערט זיך באַלד דאָ, —
אַ קלאַפּן אין טיר דאַן דערהערט ער.

פאַר אים זיין געהיימע געליבטע דערשיינט,
קוים הערבאָר די טריט אירע פאַלן,
ווי וועלן פון ים רוישט איר קלייד, און זי שיינט
אין שלייער פון טויזנטער שטראַלן.
די גאָלדיקע לאָקן אַרום איר געזיכט,
די אויגן, זיי לייכטן מיט גליענדן ליכט,
די צווייג אין די אָרעמס זיך פאַלן.

די ליבע דערוועקט דאַן אין ריטער די מאַכט,
ס׳צעברענט זיך דאָסליידנשאַפט־פייער,
די בלייכקייט פאַרשווינדט, און דער טרוימער דערוואַכט,
דער שוואַכלינג ווערט דרייסטער און פרייער,
זי אָבער, זי האָט אים שעלמיש געשפּילט,
זי האָט אומבאַמערקט אים דעם קאָפּ איינגעהילט
אין ווייסן, אין שטראַליקן שלייער.

באַלד אין אַ קרישטאָלענעם וואַסערשלאָס זיצט
דער ריטער באַצויבערט אָן ווילן.
עס שטראַלט און עס גלאַנצט און עס בלענדט און עס בליט,
און נעפּלען די אויגן פאַרהילן,
דאָך דריקט אים די נימף צו איר ברוסט מער און מער,
די נימף איז די כלה, דער חתן איז ער,
אויף ציטערן יונגפרויען שפּילן.

זיי שפּילן און טאַנצן, דאָס טאַנצן אַנטציקט, —
פון נימפן דער טאַנץ דער באַליבטער.
באַצויבערט, באַרויבט איז דער ריטער, און דריקט
אַלץ פעסטער זיך צו זיין געליבטער.
און פּלוצלונג דאַן לעשן די ליכטער זיך אויס,
דער ריטער — פּאָעט אין זיין פינצטערן הויז
זיצט ווידער אַליין אַ באַטריבטער.

# דער ראָב

כ׳בין אין טריבע נאַכט געזעסן און אַ מידער זיך פאַרגעסן
איבער אַלטע פאָליאַנטען פון אַ לאַנג פאַרלאָר׳נער לער.
שלעפריג, מאַט די אויגן בליקן, פּלוצלונג האָרך: אַ לייכט, לייכט פּיקן,
ווי ס׳וואָלט שטיל, קוים הערבאַר, טיקן, טיקן ביי מיין טיר דאָרט ווער.
„אַ באַזוך, — האָב איך געמורמלט, — מיך באַזוכן קומט איצט ווער,
ס׳איז אַ גאַסט און גאָרניט מער.

ס׳ליגט מיר קלאָר אין זין באַהאַלטן יענע נאַכט אין ווינטער קאַלטן,
פון מיין פייערשיין געשטאַלטן אויפן דיל געשפּרייט האָט ווער.
כ׳האָב אין אַנגסט געוואַרט דעם מאָרגן, טרייסט אומזיסט דערוואַרט צו באָרגן,
פון די ביכער טרייסט פאַר זאָרגן, פּיין און זאָרגן טיף און שווער,
נאָך דער שטראַלנדער לענאָרען, נאָך לענאָרען זאָרגן שווער, —
דער, וואָס אָטעמט דאָ ניט מער.

מילד און טרויעריק האָט דער קלענסטער רויש פון פאַרהאַנג אויפן פענצטער
איבערפילט מיין האַרץ מיט שרעקן. וואָס כ׳האָב ניט געוואוסט ביזהער.
ס׳זאָל מיין האַרץ נאָר שטילער שלאָגן, האָב איך דאַן גענומען זאָגן:
„ס׳האָט געבראַכט דער ווינט צו טראָגן מיר אַ שפּעטן גאַסט אַהער,
אַ פאַרשפּעטיקטער באַזוכער קלאַפּט דאָס איצט צו מיר אַהער,
ס׳איז אַ גאַסט און גאָרניט מער״.

כ׳האָב פון פאַרגעפיל פון באַנגען זיך באַפרייט און בין געגאַנגען
צו דער טיר: „פאַרגיט מיר, ליבע דאַמע, — זאָג איך, אָדער, הער!
כ׳האָב געטרוימט מיט מאַטע בליקן, ווען איך האָב דערהערט אַ פּיקן
אין דער שטיל, ווי לייכט וואָלט טיקן, טיקן ביי מיין טיר דאָרט ווער.
קומט און זייט מיין גאַסט.״ דאָ עפן איך די טיר: ווער קומט דען, ווער?
פינסטערניש און גאָרניט מער.

לאַנג אין פינצטערניש געלויערט און געשטאַרט האָב איך, פאַרטרויערט,
טרוימען טרוימענדיק, וואָס קיינער האָט נאָך ניט געטרוימט ביזהער.
נאָר פון חושך לערן, שטומען איז קיין צייכן ניט געקומען,
כ׳האָב קיין קלאַנג מער ניט פאַרנומען, נאָר „לענאָרא״ טריב און שווער,
און מיין שטילן רוף אַן עכאָ האָט געבראַכט מיר טריב און שווער,
נאָר דאָס וואָרט און גאָרניט מער.

כ׳האָב זיך אומגעקערט אין צימער, ס׳האָט געברענט מיין זעל נאָך שלימער,
ווידער הער איך דאַן אַ קלאַפּן, עטוואָס שטאַרקער ווי ביזהער.
„ס׳קלאַפּט, — זאָג איך, — דער לאָדן דרויסן, פון דעם שטורעמווינט געריסן,
כ׳וועל דעם סוד געגנוי באַלד וויסן, ס׳איז די לייזונג גאָר ניט שווער.
זאָל מיין האַרץ אַ ווייל נאָר שטיל זיין, ס׳איז די לייזונג גאָר ניט שווער.
ס׳איז דער ווינט און גאָר ניט מער״.

כ׳עפן דאַן דעם פענסטער־ריגל, און מיט לייכטן רויש פון פליגל
איז אַריין אַ ראָב אַן אַלטער מיט דעם אויסזען פון אַ פער.
ניט געקלערט גאָר זיך צו נייגן, אין אַ גרוס דעם קאָפּ צו בייגן,
און איז גלייך אַרויפגעפלויגן אויף אַ פּאַלאַס ביוסט אין קווער,
אויף אַ פּאַלאַס ביוסט אין ווינקל איבערן טיר־געזימס אין קווער,
דאָרט אַרויף און גאָרניט מער.

אַנגעקוקט מיין גאַסט דאָרט אויבן, האָב איך שמייכלען אָנגעהויבן,
ערנסט, שטרענג אַזוי זיין אויסזען איז געווען, זיין יעדער קער.
„כאַטש, — זאָג איך, — ביזט גלאַט געשאָרן, האָסטו זיך דאָ ניט פאַרלאָרן,
ראָב פון לאַנג פאַרגעסענע יאָרן, שוואַרצער ראָב פון נאַכטיקן מער.
זאָג, וואָס איז דיין שטאָלצער נאָמען אין דעם נאַכטיקן פּלוטאָ׳ס מער!"
און דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מער.

כ׳האָב געוואונדערט זיך אומענדלעך, ווי דער ראָב רעדט קלאָר, פאַרשטענדלעך,
כאָטש זיין ענטפער איז געווען פאַר מיר אַ קלאַנג נאָר זינלאָז, לער.
האָט דען גאָט געקאָנט באַשערן וועמען נאָך אין לעבן שווערן,
אים זאָל מיט באַזוך באַערן אין זיין הויז אַ ראָב ווי דער,
זאָל איבער זיין טיר זיך זעצן אַזאַ שוואַרצער ראָב ווי דער
מיט דעם נאָמען „קיינמאָל מער"?

דאָך דער ראָב זיצט אויף איין אָרט נאָר אויף דעם ביוסט און רעדט איין
וואָרט נאָר,
ווי זיין זעל מיט דעם איין וואָרט נאָר וואָלט געווען באַלאָדן שווער.
מער קיין קלאַנג איז ניט געקומען פון דעם ראָב, ביז כ׳האָב גענומען
מורמלען שטיל אין שימער שטומען: „ווי די אַנדערע ביזהער,
מאָרגן וועל איך אים פאַרלירן, ווי די האָפנונגען ביזהער".
נאָר דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מער.

איבערראַשט בין איך געוואָרן פון דעם ענטפער קלוגן, קלאָרן.
„ס׳איז קיין צווייפל ניט, — זאָג איך, — דאָס וואָרט נאָר ווייס ער און ניט מער.
ס׳האָט זיין ווירט געמוזט דאָס זאָגן, וועמען ס׳בייזע שיקזאַל יאָגן
האָט ניט אויפגעהערט און פּלאָגן, דריקן אומדערבאַרעמלעך שווער,
איז זיין טרויער ליד געוואָרן איין רעפרען נאָר טריב און שווער:
„קיינמאָל מער, אַ קיינמאָל מער!"

שטייענדיק אין צימער שטומען פאַר דעם ראָב, האָב איך גענומען
שמייכלען טרויריק, און אַ לענשטול האָב איך צוגערוקט אַהער,
האָב געזעצט זיך נאָכצוזינען, טרוים מיט טרוימען אָנגעסטלעך שפּינען,
צו דערפאָרשן, אויסגעפינען, וואָס דער פויגל אומגעפער —
וואָס דער ראָב דער פינסטערער און בייזער אומגעפער
מיינט דאָס מיט זיין „קיינמאָל מער".

לאַנג בין איך אַזוי געזעסן, זיך אין שווערן טרוים פאַרגעסן,
און דעם פויגלס פייערדיקער בליק, מיין האַרץ פאַרצערט האָט ער.
ווידער נעם איך טרעפן, קלערן, אָנגעלענט דעם קאָפּ דעם שווערן
אויפן סאַמעט, ווי דורך טרערן פאַלט דאָס בלייכע ליכט אַהער.
אַך, אויף דעם וויאָלעטן סאַמעט מיט דעם ליכט, וואָס פאַלט אַהער,
זי וועט רוען — קיינמאָל מער!

פּלוצלונג האָבן אין דער לופטן ווי פאַרשפּרייט זיך ווײַרויך דופטן,
אויפן טעפּעך לייכטע שרפים פוסטריט גרייכן מיין געהער.
„נאַר! — שריי איך, — גאָט האָט באַגליקט דיך, רו, פאַרגעסנהייט געשיקט דיר,
אין דער רו פאַרגעס, פּאַרוויג דיך פון דיין טרויער טיף און שווער!
טרינק, אָ טרינק דיין גאָטס געטראַנק, פאַרגעס דיין טרויער טיף און שווער!"
נאָר דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מער.

„נביא, — זאָג איך — גייסט, דו ווייזער, פויגל, אָדער דעמאָן בייזער!
צי דער שטן אָדער נאָר דער שטורעם האָט דיך פאַרווייט אַהער
צו אַ זעל, וואָס וואַגט ניט האָפן, פון דעם שיקזאַל שווער געטראָפן,
זאָג מיר, דרייסטער פויגל, אָפן, זאָג מיר, נביא, און דערקלער:
איז נאָך באַלזאַם דאָ אין גלעד? זאָג מיר, נביא, און דערקלער".
און דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מער.

„נביא, — זאָג איך, — גייסט דו ווייזער, פויגל אָדער דעמאָן בייזער!
איך באַשווער דיך ביי דעם הימל, ביי דעם גאָט, וואָס איך פאַרער:
וועט מיין זעל, אין פיין פאַרלאָרן, זען נאָך צווישן שרפים כאָרן
אין גן־עדן וועגן לענאָרען? — זאָג דער זעל געפייניקט שווער
וועט זי וועגן דאָרט זען לענאָרען? — זאָג דער זעל געפייניקט שווער".
נאָר דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מער.

"זאָל דאָס זיין דער אָבשייד־צייכן! — שריי איך אויס, — זאָל מיך ניט גרייכן
מער דיין שטים, פאַרלאָז מיך, גיי, פאַרשווינד אין שוואַרצן פלוטאָס מער!
זאָל דער קלאַנג פון ליגן פרעכן מער מיין שטילקייט ניט פאַרשוועכן,
זאָל מיין בליק מיין האַרץ ניט שטעכן, כ׳וויל אַליין זיין, ווי ביזהער!
נעם דעם שנאָבל מיר פון האַרצן, כ׳וויל אַליין זיין, ווי ביזהער!"
און דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מער.

און ביז איצט נאָך זיצט ער, זיצט ער, און מיט זיינע אויגן בליצט ער
פון דעם בלייכן ביוסט פון פּאַלאַס אויף מיין שוועל פאַרוויסט און לער.
זיינע בליקן נעמען שטאַרן, ווי אַ שד אין טרוים פאַרלאָרן,
און פון זיין געשטאַלט געבאָרן ווערט אַ שאָטן ברייט און שווער.
און מיין זעל פון יענעם שאָטן, וואָס צעשפּרייט זיך ברייט און שווער,
וועט ניט אויפשטיין — קיינמאָל מער.

# די גלאָקן

I

הערט דעם שליטן־גלאָקן קלאַנג —
זילבער קלאַנג!
וויפיל פרייד קלינגט העל אַרויס פון זאָרגלאָזן געזאַנג!
ווי זיי קלינגען, קלינגען, קלינגען,
אין דעם קאַלטן נאַכטיקן רוים!
און די שטערן פריידיק שפּרינגען,
די קרישטאָלענע שטראַלן זינגען
פון אַ יונגן ליבע־טרוים;
האַלטן צייט, צייט, צייט,
רונען־ריטמען פאַלן ווייט
צו דעם קלינגען, וואָס דערהייבט זיך אין מעלאָדישן זינגזאַנג,
צו דעם קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג —
צו דעם צווינגען און דעם זינגען אין דעם קלאַנג.

II

הערט דעם חתונה־גלאָקן קלאַנג —
גאָלד'נעם קלאַנג!
וויפיל גליק קלינגט צאַרט פון דעם האַרמאָנישן געזאַנג!
דורך דער דופטיקער לופט פון נאַכט
ווי דאָס קלינגט און רופט און לאַכט!

אַן אַקאָרדיאָן־ים זיך וויגט
אויף און אָפּ,
און פון צויבער־ליד באַזיגט,
אין לבנה־ליכט די טירקל־טויב דאָרט בליקט,
הייבט איר קאָפּ!
פון די זינגענדיקע צעלן
ס׳אַראַ שטראָם פון גאָלד׳נע, פייערלעכע קלאַנגען וועלן!
פרייד געזאַנג!
האָפנונג־קלאַנג
פון דער צוקונפטס שנעלן גאַנג,
פון דעם גליק, וואָס קומט מיט דראַנג,
ביי דעם דרינגען און דעם שווינגען
פון דעם קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
פון דעם קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג
קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
ביי דעם קוועלן פון דעם העלן גאָלד׳נעם קלאַנג.

III

הערט דעם פייער־גלאָקן קלאַנג —
בראָנז׳נעם קלאַנג!
ס׳אַראַ שרעק־געשיכטע קלינגט אין אומרואיקן דראַנג!
אין דער שיטעריקער לופט:
זייער שרייען וועקט און רופט,
צו דערשרעקן, צו זיין קלאָר,
שרייען קענען זיי איצט נאָר,
זייער הויך,
שרייען, רופן, בעטן ליאַרמענדיק דערבאַרמונג ביי דעם פייער,
צאָרניק, וואַנזיניק זיך קריגן מיט דעם ווילדן, טויבן פייער,
העכער אַלץ די פלאַמען שפּרינגען,
העכער אַלץ אין הימל דרינגען
מיט פאַרצווייפלונג און פאַרלאַנגען
ביז צו דער לבנה אין דער הייך.
אָ דער קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג!
אָ ווי אימהדיק און באַנג
וועקט ער, רופט!

ווי ער שטורעמט דאָס און שלאָגט,
ווי ער שרעקט און שרייט און קלאָגט
אין דעם שויס פון דער אויפציטערנדיקער לופט!
דאָך דאָס אויער זיכער ווייס
נאָך דעם שלאָגן
און דעם קלאָגן,
די געפאַר איז קליין, צי גרויס;
דאָך דאָס אויער דייטלעך הערט
נאָך דעם רוישן
און דעם ברויזן,
ווען זי שטייגט, צי שטילער ווערט,
נאָך דעם שווייגן, אָדער שטייגן פון דעם צאָרן אין דעם קלאַנג,
אין דעם קלאַנג,
אין דעם קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
נאָך דעם שאַלן און דעם פאַלן פון דעם קלאַנג.

IV

הערט דעם קבורה־גלאָקן קלאַנג, —
אייזן קלאַנג!
ס׳אַראַ וועלט מיט טרויער אין איינטאָניקן געזאַנג!
אין דעם שווייגן פון דער נאַכט
לויערט שרעק אויף אונז און וואַכט
דורך דעם טרויער און דער דראָאונג אין דעם טאָן.
יעדער קלאַנג, וואָס טרוי׳ריק פליסט,
זיך פון ראָסטיקע העלזער גיסט,
איז געוויין.
און אין טורעם דאָרט די מענער,
די, וואָס קלינגען אויס די טענער,
גאָר אַליין,
די, וואָס קלינגען, קלינגען, קלינגען,
אין פאַרשטיקטן מאָנאָטאָן,
און זיי פרייט אַרויפצודרינגען
אויף אַ מענטשלעך האַרץ אַ שטיין,

ניט קיין מענטשלעכע געשטאַלטן,
גייסטער שטייען דאָרט באַהאַלטן.
זייער קעניג קלינגט דאָס, קלינגט
און ער זינגט, זינגט, זינגט
זינגט
אַ טריאומף־ליד מיט דעם קלאַנג!
פריידיק שפּרינגט זיין האַרץ אין דראַנג
פון דעם יובל־ליד פון קלאַנג,
שרייט און טאַנצט צו דעם געזאַנג;
האַלטנדיק שריט, שריט,
רונען־ריטמען טאַנצט ער מיט
צו דעם יובל־ליד פון קלאַנג,
פון דעם קלאַנג;
האַלטנדיק שריט, שריט,
רונען ריטמען טאַנצט ער מיט
צו דעם שלאָגן פון דעם קלאַנג,
פון דעם קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
צו דעם קלאָגן פון דעם קלאַנג;
האַלטנדיק שריט, שריט
צו דעם פריילעך־ווילדן קלאַנג,
טאַנצט ער רונען־ריטמען מיט
צו דעם שווינגען פון דעם קלאַנג,
פון דעם קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
צו דעם דרינגען פון דעם קלאַנג,
פון דעם קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
צו דעם לעכצן און דעם קרעכצן פון דעם קלאַנג.



# צו דער, וואָס איז אין גן-עדן

## פון עדגאַר עלען פּאָו

פון מיינע שענסטע טרוימען
ביסטו געווען אַ בילד,
אַ שריין אין ווייטע רוימען,
אַן אינזל גרין און מילד,
אין בלומען, מיינע בלומען,
אין טרוימען איינגעהילט.

אַ טרוים צו שיין און העל,
אַ טרוים צו ליב און צאַרט, —
ער איז פאַרגאַנגען שנעל!
דער צוקונפטס שטים איז האַרט:
„און ווייטער!", נאָר מיין זעל
אינם חלום שיין און העל
שוועבט אום און שטאַרט און וואַרט.

ווייל ס'לייכט מיין ליכט פון לעבן
ניט מער! („ניט מער!", דער מער
ביים ברעג זינגט וויסט און לער.)
עס וועט דער בוים ניט לעבן,
פון בליץ געטראָפן שווער!
טויט איז דער אָדלער — שוועבן
אין הייך וועט איר ניט מער!

און ס'פליען טעג און טראַנסן,
די נעכט אַ טרוים מיר היט —
וואו דיינע אויגן גלאַנצן,
וואו ס'זינגען דיינע טריט
און לייכט אין עטער טאַנצן,
וואו טויט קומט קיינמאָל ניט.

## צו העלענאַ

(מרס. סטענאַרד)

העלענאַ, ס׳איז דיין הערליכקייט
ווי יענע שיפלעך אויפן מער,
וואָס טראָגן פון דער גאָלד׳נער ווייט
דעם מידן, מאַטן וואַנדערער
אַהיים צום לעצטן ווידערקער.

כ׳האָב רו, נאַיאַד, געהאַט ווען קוים,
איצט פון דיין קלאַסישן געזיכט
און היאַצינטן האָר אַהיים
ווער איך געפירט צו גריכנלאַנדס ליכט
און צו דער הערלעכקייט פון רוים.

אין ראַם פון פענצטער־ניש דיך שטיין
זע איך מיט אַכאַט לאָמפּ אין האַנט.
ביסט שיין, ביסט ווי אַ בילד פון שטיין!
פּסיכייע, ווי דיין לאַנד איז שיין!
ס׳איז הייליק לאַנד.

## אַ ליטווישע לעגענדע

אויף דעם אַלטן גרויען ניעמאַן די לבנה שיינט אין הימל,
און עס ציען זילבער וואָלקנס לאַנגזאַם ווי אין צויבער דרימל.
שטיל אַרום. אין שלאָף אין טיפן אויף די בערג די וועלדער שטייען
און אין ברייטן שטילן ניעמאַן אונטן אין זיין טיף פאַרגייען.
פּלוצלונג — ווען עמעס פעסטע טריט אין שטילקייט האָבן זיך דערהערט?
איילט אַהיים ווער שפּעט פון געסט? פאַרלאָזט דען ווער זיין היימאַט־ערד?
יאַנעק גייט דאָס, ליטעס שענסטער זון, איר הערליכסטער פּיאָן,*)
פון אַ ווייטן פרעמדן געגנט אַ פאַרשטויבטער קומט ער אָן.

---

*) מיט דעם נאָמען פון דער בלום האָט מען באַצייכנט אין ליטע יעדן בחור.

זיינע לאָקן זיינען פלאַקס, און זיינע אויגן — הימל בלוי,
און די טאָרבע אויף די פּלייצעס איז ווי זיינע קליידער גרוי.
ס׳וואַרט אויף אים זיין אַלטע מאַמע, וואַרט אין עלנט און אין נויט,
האָט ניט אויפן לייב קיין העמד און אין איר הויז קיין שטיקל ברויט.
און מיט איר צוזאַמען וואַרט זיין טרייע, טייערע אַליטע,
וואָס איר שיינקייט האָט קיין גלייכן ניט אין גאַנצן לאַנד פון ליטע.
און ער פרייט זיך, אָט אָ וועט ער האַלזן ביידע, ביידע באַלד.
איינזאַם שטייט זיין אָרימער נומאַי**) ניט ווייט ביים זוים פון וואַלד.
אָ, דערוואַך, דו זיידע ניעמאַן, פליס אַהין צו זיי געשווינד,
זאָג זיי אָן: עס קומט אַליטעס חתן און דער מאַמעס קינד.
זילבער וואָלקנס, אייער וועג ליגט צו מיין אָרימען געצעלט,
שנעלער שוועבט, זאָגט אָן: איך קום מיט שפּייז, מתנות, קליידער, געלט.
נאָר דער ניעמאַן אונטער דער לבנה אָטעמט ברייט און שטיל,
און די וואָלקנס ציען לאַנגזאַם צו אַן אומבאַוואוסטן ציל.
און פון יענעם ברעג פון טייך, פון הינטער באַרג און שוואַרצן וואַלד,
שטעלט זיך פּלוצלונג קעגן יאַנעק אויף אַ שאָטנדיק געשטאַלט:
און דער שאָטן וואַקסט אַלץ גרעסער, גרעסער, קומט אַלץ נענטער, נענטער,
און אָט שטייט ער נעבן יאַנעק, און אַ האַלבע וועלט פאַרנעמט ער,
און אָט ווענדט ער זיך צו יאַנעק און ער זאָגט: „דו איילסט, איך ווייס,
צו דיין כלהס ווייסע אָרעמס, צו דיין אַלטער מוטערס שויס.
כ׳ווייס, די גוטע געטין מילדאַ, וועלכע שיקט אייך ליבע, פרייד,
האָט געגעבן זיי אַ האָפנונג, און אויף זיי איר גנאַד פאַרשפּרייט.
גרויס די נויט אין דיין נומאַי איז, גרויס דער עלנט אין דיין נעסט!
ווי דיר, אָרימער ליטווין, זיי וויסן, כ׳בין די שוואַרצע פּעסט.
ס׳שיקן מיך אַהער די בייזע שיקזאַל געטין מיט אַ פלוך
און דער גאָט פון טויט און קראַנקהייט, וועמעס אָטעם און גערוך
טייט די בלומען, ער, וואָס קיניגט אונטער דר׳ערד אין שוואַרצן טאָל,
צו דערמאָנען די ליטווינען אָן די געטער פון אַמאָל.
— צו דעם ערלעכן פאָלק פון ליטע גיי, פאַרברען זיי און פאַרצער!
בלייבן לעבן זאָל פון זיי נאָר אַ קליין הייפעלע, ניט מער! —
ס׳וועט ניט העלפן קיין באַשווערן, קיין קמיע, קיין בורשטין,
רעטן קען פון מיר דיין פאָלק נאָר דו, בלוי־אויגיקער ליטווין.
פּאָקליוס***) וועט דיין קרבן נעמען, הערליכסטער פּיאָן פון ליטע,

**) אַן אָרים ליטוויש פּויעריש שטיבל.

***) דער גאָט פון טויט און קראַנקייט ביי די ליטווינער.

ס׳קען די בייזע געטין ניט קיין ליליען צאַרטער פון אַליטע,
און קיין ליבנדיקער האַרץ ווי דיין געטרייע אַלטע מוטער.
ס׳וועט דיך אויפנעמען דער ניעמאַן, אַזאַ שטילער, אַזאַ גוטער.
שטילן וועט דיין גרויסע אָפּערונג דעם צאָרן פון די געטער,
וועט אין דיר דיין פאָלק געפינען זיין דערלייזער און זיין רעטער.

נאָר איין רגע איז געשטאַנען יאַנעק אויפן ברעג פאַרטראַכט,
נאָר איין רגע — און פאַרשלונגען האָט אים באַלד די שוואַרצע נאַכט.
זיי געזונט, געטרייע מוטער! זיי געזונט, אַליטע שיינע!
אין פאַריתומטן נומאַי באַוואַכט זיי, שיצונג־געטער קליינע!
אויפגענומען האָט דער ניעמאַן אים מיט אַ געוויש פון פרייד,
ס׳האָבן קליינע וועלן אויף זיין גרויער ברוסט זיך ווייט צעשפּרייט,
קלענער, קלענער — ווייטער, ווייטער — און ס׳פאַרשווינדט דער שאָטן באַלד
אויף דעם אַנדערן ברעג פון ניעמאַן, הינטער באַרג און שוואַרצן וואַלד.
און ווי פריער אויף דעם ניעמאַן די לבנה שיינט אין הימל,
און עס ציען זילבער וואָלקנס לאַנגזאַם ווי אין צויבער דרימל.
שטיל אַרום. אין שלאָף אין טיפן אויף די בערג די וועלדער שטייען,
און אין ברייטן שטילן ניעמאַן אונטן אין זיין טיף פאַרגייען.
אין דעם איינזאַמען נומאַי צוויי פרויען האָבן לאַנג געוואַרט,
לאַנג געוואַרט און שטיל געוויינט, ס׳האָט מילדאס האָפנונג אָפּגענאַרט.
ס׳האָט דער ווייַ שוין ניט קיין ווערטער, ס׳האָט דאָס אויג שוין ניט קיין טרער,
ס׳האָט דער טויט צעשפּרייט די פליגלען — יאַנעק קומט צו זיי ניט מער.



# אליקום צונזער און זיינע לידער

אליקום צונזער, דער פּאָפּולערסטער און עכטסטער יידישער פאָלקס־זינגער, איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע, דעם 28טן אָקטאָבער, 1840, און איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, דעם 22טן סעפּטעמבער, 1913. מען קען זאָגן, אַז קיין אַנדערער פאָלקס־פּאָעט איז ניט געווען אַזוי באַליבט ביי די יידישע פאָלקס־מענטשן אין ליטע, רוסלאַנד, פּוילן, גאַליציע, רומעניע, ווי עס איז געווען אליקום צונזער.

דריי דורות יידן פון אַלע קלאַסן און פון יעדן עלטער האָבן געזונגען אין די היימען, ביי דער אַרבעט, אויף שמחות און אַלערליי פאַרוויילונגען צונזערס לידער מיט זיינע אייגענע ניגונים צו זיי.

אַזאַ גרויסער כוח איז געווען אין אליקום צונזערס האַרציקע פאָלקס־טימלעכע געזאַנגען, אַז ווי פאַרשיידן עס זיינען ניט געווען די לעבנס־דערפאַרונגען, די לעבנס־באַנעמונג און די מיינונגען און אַנזיכטן פון די אַלע יידן און יידישע פרויען, וואָס האָבן די לידער איבערגעזונגען, האָבן זיי אַלעמען געהאַלטן אין זייער כישוף. און דאָס, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס צונזער האָט קיין מאָל ניט געזונגען סתם אַזוי, ווייל עס זינגט זיך, נאָר ער האָט אין יעדן געזאַנג זיינעם אַריינגעלייגט אַ מיין, האָט עפּעס דערביי געלערנט און געמאָנט.

צונזערס לידער זיינען געווען לידער־משלים, לידער — פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען מיט אַ מוסר השכל. און אין פאַרלויף פון דריי דורות האָט געקלונגען אין דער יידישער וועלט דאָסזעלביקע קול פון אליקום צונזער. און אַלערליי יידן, משכילים און פרומע, רבנים און פּראָסטע מענטשן, גבירים און אָרימעלייט, באַלעבאָטים און זייערע משרתים, אַרבעטער, באַלעבאָסטעס, דינסט־מיידלעך און כלה־מיידלעך — אַלע האָבן נאָכגעזונגען צונזערס לידער־מוסר, לידער־משלים מיט דער־זעלביקער אַנטציקונג.

אין וואָס איז באַשטאַנען דער כוח, דער כישוף פון אליקום צונזערס געזאַנגען?

זייער כוח און זייער רייץ איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זייער טאָן איז געווען אַזוי פאָלקסטימלעך און לויטער. צונזערס קול איז געווען

די שטים פון זיין פאָלק. צונזער איז געווען איינער פון פאָלק, און ער האָט געלעבט מיטן פאָלק און זיינע זאָרגן און חלומות. אין אַ פאָרוואָרט צו איינעם פון די ביכלעך לידער, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט אַרויס־געגעבן, זאָגט ער אַזוי: „גיי־זשע, מיין ספרל, גיי דיר אין דער וועלט אַרום, ביי אַלע כתות, זיי פול אומעטום, שטיי מיט הכנעה פאַר די יידן די פרומע, זיי ניט שטאָלץ קעגן די משכילים פון דער אומה".

און צונזערס באַזונדערער חן איז געלעגן אין זיין פיינעם געהער, אין זיין מערקווירדיקער תמימות און לויטערקייט. ער האָט זיך גוט צוגעהערט צו זיין אייגענעם געזאַנג און האָט אים אַליין געגעבן די ערליכסטע, פינקטלעכסטע אָפּשאַצונג. זיין ליד איז געווען „פול אומעטום", ביי „אַלע יידישע כתות", און כאָטש עס איז אָפּטמאָל געווען אַ שטראָף־ליד, האָט עס שטאַרק אויסגענומען ביי די פרומע און האָט דערביי אויף אַ האָר ניט באַליידיקט די משכילים.

און אַ באַזונדערן רייץ האָט צונזער צוגעגעבן זיין ליד מיט דעם פיינעם פאָלקסטימלעכן ניגון, וואָס האָט זיך ביי אים געשאַפן גלייכצייטיק מיטן טעקסט פון ליד. טעקסט און ניגון זיינען אין צונזערס לידער איינס און קאָנען ניט ווערן פונאַנדערגעטיילט. אָן צונזערס ניגונים קאָן מען זיינע לידער ניט אָפּשאַצן געהעריק, ווייל מעלאָדיע און ווערטער פלעגן זיך ביי אים אויס־גיסן צוזאַמען, און איינס אָן דעם אַנדערן איז ביי אים געווען אוממעגלעך, פונקט ווי עס איז געווען אומבאַגרייפלעך פאַר די, וואָס האָבן זיינע לידער נאָכגעזונגען.

צונזער אַליין האָט געשריבן, אין אַן אַריינפיר צום ליד „דער אַלטער פאָטער":

„לעזער!
אויב איר לייענט אין ביכל מיינע לידער,
און די מעלאָדיע האָט מען אייך ניט איבערגעגעבן,
איז דאָס ווי אַ פאָטאָגראַפיש בילד, ליבע ברידער!
דאַכט זיך, אַלץ ריכטיק, נאָר עס פעלט — לעבן".

אַמאָליקע צייטן פלעגן פאָעטן זינגען לידער און אַקאָמפּאַנירן זיך אויף אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט. ווען מען האָט אויסגעפונען די קונסט פון דרוקן ביכער, און ביכער האָבן גענומען ווערן אַלץ מער פאַרשפּרייט, איז פּאָעזיע גיך געוואָרן מער אַ זאַך צום לייענען, ווי צום הערן; מער דאָס געדרוקטע וואָרט, געדרוקטע שורות און סטראָפן, ווי ווערטער מיט געזאַנג.

ווען צונזער האָט אין די פופציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט אָנ־געהויבן שרייבן און זינגען זיינע לידער, איז נאָך די יידישע ליטעראַטור

געשטאַנען פאַר איר אָנהייב. עס איז נאָך ניט געקומען מענדעלע, דער „זיידע" פון דער יידישער ליטעראַטור. עס זיינען שוין געווען באַדייטנדע פאָלקס־דיכטער, אָבער ביכלעך זיינען אין פאָלק געווען פאַרשפּרייט ווייניק, פון קיין צייטונגען און זשורנאַלן האָט מען נאָך ניט געוואוסט אויף דער אָרימער פינצטערער יידישער גאַס.

ווען צונזער איז געקומען מיט זיינע האַרציקע פאָלקסטימלעכע געזאַנגען, איז נאָך דאָס פעלד פון יידישן ליד ניט געווען צעאַקערט. און מען מוז באַוואונדערן צונזערס גבורה, זיין טאַלאַנט, וועלכער האָט געשאַפן אַ מין יידיש ליד, וואָס איז אַזוי אייגנאַרטיק, איינציק אין זיין מין אין דער יידישער ליטעראַטור. פאַר צונזערן איז פּאָעזיע געבליבן געזאַנג, און אין אינהאַלט פירט דער פאָלקס־זינגער צונזער זיין יחוס פון די ביבלישע משלים.

צונזער איז געווען זייער נאָענט צום פאָלק. ער איז אַרויס פון פאָלק און האָט קיין מאָל ניט געוואָלט זיך דערווייטערן פון אים אָדער אויפהייבן זיך איבער אים. דער מאַטעריאַל פון זיין ליד איז קיין מאָל ניט געווען פון זיין אייגענעם לעבן, ווי אַ באַזונדערער מענטש, נאָר אַלע מאָל פון כלל־זאַכן, פאָלקס־אַנגעלעגנהייטן. דאָס איז געווען ביי אים אַ באַוואוסטזיניקע ריכטונג, זיין אייגענע אויפפאַסונג פון זיין פּאָעטישער אַרבעט. ער האָט וועגן דעם געהאַט אַ גאַנצע אין איינצלהייטן דורכגעטראַכטע טעאָריע. ער האָט געגלייבט, אַז אַ זינגער, — און דיכטונג איז פאַר אים געווען איינס מיט געזאַנג אין דעם בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, — דאַרף זיין אַלע מאָל אַ דינער פון פאָלק. ווי אַ סך געזעלשאַפטלעכע, „בירגערלעכע", „סאָציאַלע" פּאָעטן האָט ער ניט געהאַלטן פון דער טעאָריע פון „קונסט לשם קונסט", פון געזאַנג לשם געזאַנג. ער איז אין דעם געגאַנגען נאָך ווייטער פון אַלע אַנדערע.

דוד עדעלשטאַט, למשל, זאָגט אין איין ליד:

„ווי קאָן איך, ברידער, פריילעך זינגען,<br>
ווען האַס און קריג איז איבעראַל?"

און טאָמער האָט ער געהערט פאָרוואורפן פון אַנדערע פּאָעטן פון זיין צייט, וואָס ער ציט אַלץ איין סטרונע, און וואָס ער וויינט כסדר, האָט ער זיי מיטן כעס און ווייטיק פון אַן אַמאָליקן פאַנאַטישן אַנאַרכיסט, אַן אידעאַליסטישן קעמפער פאַרן גליק פון דער אָרימער מענטשהייט, געענטפערט:

„זינג מיט מוט? אַ דומע שקלאַפן!<br>
רופט די טענצער, די פּאַיאַצן,<br>
אַז זיי זאָלן אַמוזירן<br>
אייך מיט פּויקן און מיט טאַצן".

אָבער אַפילו דוד עדעלשטאַט האָט אויך אַמאָל, ווי ניט ווילנדיק, גע־מאַכט קליינע עקסקורסיעס אין פּערזענלעכער ליריק. און יוסף באָוושאָווער, אַ צווייטער אַרבעטער־דיכטער און אַנאַרכיסט (אַנאַרכיזם איז דעמאָלט נאָך געווען די הערשנדע ריכטונג אין דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג), האָט זיך שוין באַוואוסטזיניק געריסן צו אַלגעמיינער פּאָעזיע.

אָבער פאַר צונזערן איז די פראַגע קיין מאָל אַפילו קיין פראַגע ניט געווען. ער האָט קיין שום קאָמפּראָמיסן ניט געמאַכט מיט זיין געוויסן, ווי אַ פאָלקס־זינגער. אין אַ ליד „צום פעדלער", וואָס ער האָט אָנגעשריבן, שוין קומענדיק קיין אַמעריקע, שרייבט ער:

„וואָס זינגט איר, פּאָעטן, פון בלומען, פון פייגלעך,
דאָס ליד האָט לאַנג שוין איר צייט אָפּגעלעבט!
דאָס פּאַסט צו פאַרשלעפערן קינדער אין וויגלעך,
גיט בעסער דעם קראַנקען זיין היילונגס־רעצעפּט!
איר זעט, אייער פאָלק ליגט איצט אין סכנות...
וואָס קאָן זיין דער סוף?...
גיסט צו צו דער מוזע איין טראָפּן רחמנות,
און פירט אויף אַ וועג די פאַרבלאָנדזשעטע שאָף".

אַזוי ווייניק אויפמערקזאַמקייט האָט דער האַרציקער פאָלקס־זינגער צונזער געגעבן דער פאַר אים ניי־מאָדנער „מוזע", אַז ער האָט נאָר געקאָנט ראַטן אַנדערע זינגער „צוצוגיסן (!) צו איר אַ טראָפּן רחמנות". ווארים אַ זינגער איז אַ פירער און אַ דינער. געזאַנג מוז ברענגען נוצן דעם פאָלק. האָט אליקום צונזער געגלייבט.

פון זיין טיפן גלויבן אין דער „ניצלעכקייט" פון ליד האָט אים ניט גע־קאָנט אַרויסשטויסן אַפילו אַ שרעקלעכער אומגליק, וואָס האָט פלוצלונג צעבראָכן זיין גאַנץ לעבן און אים געשטעלט אין דער לאַגע פון אַן איוב. אין אָנהייב פון די זיבעציקער יאָרן זיינען ביי אים געשטאָרבן פון כאָלערע זיין פרוי און זיינע פיר קינדער. האָט ער אפשר געפּרוּאווט אויסגיסן זיין ביטער האַרץ אין פערזענלעכע געזאַנגען? ניין. זיין ליד איז נאָר געוואָרן אַביסל פאַרטיפטער, פילאָזאָפיש־פּעסימיסטישער, קהלתדיקער. ער שרייבט דעמאָלט:

„די צייט ווערט אַלט מיט יאָרן,
און די אייביקייט איז רק יונג".

נאָר איינמאָל האָט ער זיך ניט איינגעהאַלטן און האָט אין אַ ליד וועגן יענעם יאָר אויסגעקרעכצט „מיט אַ פאַרשטיקטער שטים", אַז דאָס יאָר „תיו ריש למד אלף", האָט אַ סך קינדער „געקוילעט מיט אַ חלף", און בעט, אַז דאָס נייע יאָר זאָל אים ברענגען אַ טרייסט. דאָס איז די שטרענגע שטע־

לונג פון אַ פרומען, טיף־רעליגיעזן מענטשן און פון אַ פאָלקס־זינגער, אַ דינער פון פאָלק. און מער געפינט מען ביי אים ניט קיין שפור פון אַ וועלכן עס איז פערזענלעכן לירישן אויסגוס. אַלץ איז ביי אים נאָר פאָלק און פאָלקס גורל. אין זיינעם אַ ליד מיטן נאָמען „געפילן״ געפינען מיר אַזאַ סטראָף:

„מיין האַרץ עלעקטרישע קראַפט האָט,
מיינע נערוון — אַ טעלעגראַפנער דראָט.
איין ברעג איז אָנגעטאָן
אויף מיין נאַציאָן,
דער צווייטער ברעג קומט מיר צום לונג;
זיי זאָל וואָס געשען,
איך זאָל עס הערן, זען
פליט מיר אין האַרצן דער פונק״.

אליקום צונזער האָט אַרויסגעוויזן אַ טאַלאַנט צו פאַרפאַסן לידער מיט געזאַנג נאָך אין דער פריער יוגנט. ער האָט געהאַט אַ פיינע שטימע און אַ פיינעם געהער פאַר מעלאָדיע, און ער האָט געשריבן לאַנגע לידער אין סטראָפן, אַלע מאָל געבויט לויט איין פיינעם מוסטער, מיטן משל און נמשל אויפן געהעריקן אָרט. פונקט אַזוי פלעגט זיך ביי אים קאָמפּאָנירן דער ניגון. ער האָט געהאַט אַ רייכן אויסוואַל פון גראַם און אַ געפיל פאַר ריטם און פערז־מאָס, מעטער, וועלכן ער האָט געענדערט, וואַריאירט, לויט דעם זין פון דעם באַטרעפנדן טייל פון דער סטראָף. געוויינלעך האָט זיין סטראָף צוויי אָדער דריי אַזעלכע טיילן. און פונקט אַזוי האָט זיך געענדערט אויך דער ניגון, צייטנווייז מיט אויסדרוקפולע רעטשיטאַטיוון אין אָנהייב, אָדער אין מיטן.

אליקום צונזערס פּראָפעסיע ביז זיינע מיטעלע יאָרן איז געווען בדחנות, אָבער ער האָט בדחנות אויפגעהויבן אויף דער העכסטער הייך, ביז צו דער מדרגה פון פאָלקס־דיכטונג. בדחנים זיינען געווען פאַרויילער, וואָס האָבן משמח געווען דעם עולם אויף חתונות און ענלעכע שמחות. אליקום צונזער האָט געוואונען אַלעמענס ליבע און אַכטונג. דאָס האָט אויפגעטאָן דער כוח פון זיין טאַלאַנט און זיין אייגענע אינערלעכע ערלעכקייט, גאַנצ־קייט און פאָלקסטימלעכקייט. און חוץ דעם האָט ער פאַרמאָגט, לויט נאָך דער צייט, בילדונג און האָט אָנגעהאַלטן מיטן גייסט פון דער צייט.

צוערשט איז ער מיטגעגאַנגען מיטן שטראָם פון השכלה. אין יענער צייט האָט ער אָנגעשריבן (אויף יידיש און העברעאיש) זיין באַרימט ליד „די בלום״, וואו ער דערציילט, ווי „קייזער אַלכסנדר פון ראָסיי״ (אַלעק־סאַנדער דער צווייטער) האָט געפונען אַ האַלב צעטראָטענע, פאַרחלשטע

בלום, דאָס פאָלק ישראל, האָט די בלום אויפגעהויבן, איינגעפלאַנצט אין אַ וואַזאָן, און זי האָט זיך ווידער פונאַנדערגעבליט.

שפּעטער האָט זיך צונזער אַנטוישט אין דער השכלה, און איז מיטגע־ריסן געוואָרן מיט דער באַוועגונג פון חיבת ציון. אין יענער צייט האָט ער געשאַפן זיינע אַלעמען באַקאַנטע לידער „די סאָכע", שיבת ציון" (ביידע אויף יידיש און העברעאיש) און אַנדערע. אָט איז אַ סטראָף פון דער באַ־רימטער „סאָכע":

אין דער סאָכע
ליגט די מזל ברכה,
דער וואָרער גליק פון לעבן,
קיין זאַך מיר ניט פעלט.
עס קומט דער פרימאָרגן,
איך דאַרף ניט לייען, באָרגן,
דער מוח דאַרף ניט זאָרגן
אויף טאָג הוצאות געלט.
עס איז צוגעגרייט אויף ווינטער
אַ זאַסיק אַ געזונטער,
איך זיי, איך שנייד גאַנץ מונטער
פריי אין גאָטס וועלט.

אין די איבעריקע סטראָפן פאַרגלייכט צונזער דאָס פרייע און ערלעכע לעבן פון דעם פּויער מיטן חושכדיקן לעבן פון דעם קרעמער אין דער יידישער געטאָ, און ער ענדיקט אין דער גיינטער סטראָפע מיט אַ ברכה פאַר ציון. די חובבי ציון האָבן אים אויפגענומען ווי זייער פּאָעט. מען האָט אומעטום געמאַכט גרויסע פאַרזאַמלונגען מיט צונזערן, און מיט זיין נאָמען האָט געקלונגען די גאַנצע יידישע וועלט אין מזרח־אייראָפּע.

צונזער האָט געהאַט אַ וואונדערלעכן טאַלאַנט צו מאַכן פאַרגלייכן, צו שאַפן אַלעגאָריעס פון אַלערליי זאַכן, נאַטור־דערשיינונגען און באַגריפן. דער זייגער, דאָס אויג, דער פויגל, זומער און ווינטער — אין אַלץ געפינט ער אַן אָנווייזונג אויפן מענטשנס לעבן, אַ פילאָזאָפישן און מאָראַלישן זין. אין איינעם פון זיינע האַרציקסטע לידער, „דער פראָם", ווערט ביי אים דער פראָם דער גאַנג פון מענטשלעכן לעבן. דערביי מאַכט ער אַלץ צום לעבן און ריידן, ער פּערזאָניפיצירט די אַלע זאַכן. דער זומער מיטן ווינטער פירן אַ לאַנגן און וויציקן וויכוח אין פיל סטראָפן וועגן דעם, ווער פון זיי איז ניצלעכער פאַרן מענטשן; די לבנה דערציילט וועגן דעם אומרעכט און רשעות, וואָס זי זעט זיך אָן אויף דער ערד, א. אַ. וו.

**אין נאָך אַ באַרימט ליד, „דער ניינצענטער יאָרהונדערט", קלינגט צונזערס ביטערע אַנטוישונג אין דער השכלה. ער באַדויערט דאָ, וואָס יידן האָבן זיך אַזוי צוגעאיילט אָפּצוזאָגן זיך פון דער אַלטער אמונה. אָט איז דער אָנהייב:**

פון אַזיע און אייראָפּע בין איך אין אכסניה פאַרקראָכן,
האָב זיך אויסגעמאַשטשעט שלאָפן אין אַ שמאָלן קאָרידאָר;
צוקאָפּן אמונה, אונטערן זייט — בטחון,
איך האָב אָפּגעדרימלט זיבעצן הונדערט יאָר..."

**און אין אַן „ענטפער" צו די ביטערע פאָרוואורפן צום פאָלק, וואָס ער האָט דאָ געמאַכט, אין אַ „צווייטן טייל" פון ליד, זאָגט ער:**

„...בלעטער דורך דיינע אַלטע יאָרן,
וואָס מען האָט איבער דיר צעטאָן,
פיל מאָל ביסטו געווען פאַרשפּילט, פאַרלאָרן,
און צום סוף נעמסטו פאָרט דעם קאָן.
דאָך ביסטו אויך עטוואָס שולדיק
פאַר דיין לויפיקייט.
דו ביסט אייביק אומגעדולדיק,
כאַפּסט רק פאַר דער צייט.
האָסט דערזען אַ בליאַסק אין הימל, —
טאָגט שוין מן הסתם.
איילסט און וועקסט נאָך לייט פון דרימל
און פאַרלעשסט דעם פלאַם.
ווער האָט דען דעם גלויבן געמאָסטן,
צו וויסן פונקט די וואָג?
און פיל וואָלט דיך דען טייער קאָסטן,
אַז ס'וואָלט געברענט בייטאָג?"

**דאָ האָבן מיר ווידער די שטעלונג פון יעדן פרומען יידן, וואָס וויל פאַרהיטן די גאַנצקייט פון זיין נשמה, וואָס ציטערט איבער דער אַלטער גרויסער גייסטיקער ירושה, וואָס זיין פאָלק האָט מיט אַזוי פיל מסירת נפש דורכגעטראָגן דורך אַזוי פיל פינצטערע יאָרהונדערטער.**

**צונזער איז געווען דער איינפאַכסטער און דער מערקווירדיקסטער פאָלקס־דיכטער ביי יידן. וועלוול זבאַרזשער, מ. וואַרשאַווסקי, אברהם גאָלד־פאַדען זיינען געווען אַ סך וועלטלעכער און אויך מער ליריקער פון צונזערן, אָבער קיינער איז ניט געווען אַזוי נאָענט צום פאָלק און האָט אַזוי ניט גע־לעבט אין איין אָטעם מיטן פאָלק ווי אליקום צונזער.**

# דוד עדעלשטאַט

## (צו זיין פופציקסטן יאָרצייט)

עס איז געוואָרן פופציק יאָר זינט דעם טויט פון איינעם פון די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער פּאָעזיע אין אַמעריקע, דוד עדעלשטאַט.

אין דער יונגער יידישער אַרבעטער באַוועגונג פון אַמעריקע מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק זיינען געווען צוויי לאַגערן, וואָס האָבן צווישן זיך געפירט אַ שטאַרקן אידייען־קאַמף — די אַנאַרכיסטן און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. די אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן אָפּגעוואָרפן מלוכה, אָרגאַניזירטע גרויסע געזעלשאַפט און פּאָליטישן קאַמף, האָבן אַפּעלירט מער צום געפיל. צו די אַנאַרכיסטן האָבן געהערט צוויי פון די פּיאָנערן פון אונזער סאָציאַלער דיכטונג, דוד עדעלשטאַט און יוסף באָווּשאָווער.

זיי זיינען געווען די צוויי שטרענגע פּאַרטיי־פּאָעטן.

עדעלשטאַטס פופציקסטער יאָרצייט דערמאָנט אַ שווערע און זייער אינטערעסאַנטע צייט אין דער געשיכטע פון די יידישע מאַסן אין אַמעריקע. דער ערשטער דור פון דער גרויסער יידישער מזרח־אייראָפּעאישער איינוואַנדערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט דאָ דורכגעמאַכט אַ גרויסן און פיינלעכן איבערברוך אין דער גאַנצער פירונג פון לעבן. פון די קליינע שטעטלעך פון די אָפּגעשטאַנענע לענדער פון מזרח־אייראָפּע זיינען זיי אַריינגעפאַלן אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע גרויסע שטעט, אין אַ גרויס־קאַפּיטאַליסטישן קעסל־גרוב. די איינוואַנדערער פון אוקראַינע, ליטע, פּוילן, גאַליציע, רומעניע, האָבן דאָ ניט געפונען זייערע געוויינלעכע פּרנסות און זיינען געוואָרן מיטאַמאָל עכטע מאָדערנע פּראָלעטאַריער. אין דער זעלביקער צייט אָבער האָבן זיי דאָ ניט געהאַט דעם איינגעוואָרצלטן נאַציאָנאַלן לעבנס־שטייגער, די פעסטע פאָלק־טראַדיציעס פון דער אַלטער היים.

די אינטעליגענץ פון יענעם ערשטן דור אין אַמעריקע האָט צוזאַמען מיט די היגע יידישע מאַסן דורכגעמאַכט דעם שווערן איבערברוך. אַ סך פון זיי האָבן אַהער געבראַכט פון רוסלאַנד אידייען פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף און סאָציאַליזם. דער יידישער נאַציאָנאַלער געדאַנק איז דעמאָלט געווען אומקלאָר, און זיינע אָנהענגער, די חובבי־ציון, האָבן דאָ, אין דעם נייעם

פרייען לאַנד פון יידישער פּראָלעטאַריזאַציע, קיין גרעסערע באַוועגונג דע־מאָלט ניט געקאָנט באַשאַפן.

יענער ערשטער דור פון יידישער אינטעליגענץ אין אַמעריקע האָט אויפגעטאָן אַ ריזיקע קולטור־אַרבעט. אַ סך פון זיי, וואָס האָבן זייער וועלט־לעבע דערציאונג באַקומען אין אַנדערע שפּראַכן, האָבן דאָ אויפגענומען דעם אָרימען פאָלקס־לשון, וואָס זיי האָבן אַהער מיטגעבראַכט. זיי האָבן אויפגענומען יידיש, ווייל יידיש האָבן גערעדט די מאַסן פון פאָלק, און ווייל נאָר מיט יידיש האָבן זיי צו די דאָזיקע מאַסן געקאָנט צוקומען, צו פאַר־שפּרייטן צווישן זיי סאָציאַליסטישע אויפקלערונג און בילדונג, אָרגאַניזירן זיי אין אַרבעטער יוניאָנס, באַקערן זיי צו דעם קאַמף פאַר אַ יושרדיקער אָרדענונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

די אינטעליגענץ פון ערשטן דור פון דער מאַסן איינוואַנדערונג אין אַמעריקע האָט געוואָלט געבן די יידישע פאָלקס־מענטשן, די נייע פּראָלע־טאַריער, אַ גלויבן אין מענטשלעכן פאָרשריט, אויפן אָרט פון דעם פאַר־לוירענעם גלויבן און די פאַרלוירענע טראַדיציעס פון דער אַלטער היים. פאַר דער דאָזיקער גרויסער פּראָפּאַגאַנדע און אָרגאַניזיר־אַרבעט האָט יע־נע יידישע אינטעליגענץ דאָ געשאַפן אַ פּרעסע, האָט אויסגעאַרבעט אַ בע־סערן, בייגזאַמערן, ריינערן און רייכערן פּאָליטישן, וויסנשאַפטלעכן און ליטעראַרישן יידישן לשון.

עס איז געווען נאַטירלעך, אַז אין אַזאַ סביבה און ביי אַזאַ קולטור־אַר־בעט צווישן די מאַסן פון פאָלק, זאָלן ליטעראַטור און פּאָעזיע שפּילן אַ וויכטיקע ראָל, אַז שריפטשטעלער און פּאָעטן זאָלן זיין זייער נאָענט צו די מאַסן. עס איז אויך געווען נאַטירלעך, אַז די ליטעראַטור און פּאָעזיע פון יענער צייט זאָל זיין דורכאויס פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַליסטישע אידייען.

די יידישע פּאָעטן פון יענער צייט זיינען געווען געוואַלדיק פּאָפּולער און באַליבט ביי די מאַסן יידישע אַרבעטער. דער באַליבטסטער פון זיי איז געווען דוד עדעלשטאַט. די מאַסן האָבן דערביי ניט געקוקט, צו וועלכער באַזונדערער פּאַרטיי דער פּאָעט געהערט, און די אידייען־קעגנער פון עדעל־שטאַטס אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, האָבן אים פּונקט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט און געאַכט, ווי זיינע אַנאַרכיסטישע אי־דייען־חברים.

דוד עדעלשטאַט איז דערצו געווען איינער פון די איידלסטע מענטשן צווישן דער דאַמאָלסטיקער אידעאַליסטישער יידישער אינטעליגענץ. אין עדעלשטאַטס אומבאַהאָלפנסטע שורות האָט דער יידישער פאָלקס־מענטש מיט זיין געזונטן חוש אַלע מאָל געשפּירט די טיפע אויפריכטיקייט פון דעם פּאָעטס געפיל און וואָרט.

אויף זיין אייגענער פשוטער אַרט איז עדעלשטאַט געווען אויך אַ מייס־טער פון וואָרט. מיט אַלע זיינע דייטשמעריזמען, מיט זיינע „וואָרס״ און „זאָס״ מיט זיין אָרימקייט אין פּאָעטישער טעכניק און פּאָעטישע אידייען, האָט ער דאָך ווי אומבאַוואוסטזיניק געפונען און פאַראייניקט גוטן עכט־יידישן פאָלק־לשון; און עס האָבן זיך ביי אים נאָכאַנאַנד אויסגעגאָסן שורות־פאָרמולעס, וואָס זיינען געבליבן לעבן אין זכרון.

דוד עדעלשטאַטס לידער פלעגן די היגע יידישע אַרבעטער מאַסן זינ־גען נאָכאַנאַנד ביי פאַרזאַמלונגען, ביי דער אַרבעט און אין דער היים. דער פאָלקס־מענטש האָט ניט געפילט דעם גרילץ פון אַזאַ שורה, ווי „זי וואַר אַ פרוי, זעלטן זיינען פרויען״, אָדער „אין דעם לאַנד פון פיראַמידן וואַר איין קעניג בייז און שלעכט, און עס וואַרן אַלע יידן זיינע דינער, זיינע קנעכט״. עס איז מערקווירדיק, אַז ביים זינגען אָט די שורות האָט אַ פאָלקס־מענטש זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף ווערטער; ער האָט ליב געהאַט דאָס גאַנצע ליד און דעם גאַנצן דיכטער, — זייער געפיל, זייער מיין און זייער אַטמאָספער.

עדעלשטאַט, אַ געבוירענער אין דער גרויס־רוסישער שטאָט קאַלוגאַ, האָט ניט געהאַט קיין ממשותדיקע יידישע דערציאונג און האָט יינגלווייז געשריבן לידער אין רוסיש. פון רוסלאַנד איז ער אַנטלאָפן צו 16 יאָר, נאָך דער כוואַליע פּאָגראָמען אויף יידן. עס איז קיין ספק ניט, אַז די פראַגע וועגן יידישן גורל האָט פאַרנומען אַ גרויסן אָרט אין זיינע געדאַנקן. אָבער, ווי ביי אַנדערע סאָציאַלע פּאָעטן פון זיין צייט, האָט זיך די אידייען־פראַגע ביי אים אויפגעלייזט אין זיין טיפן גלויבן אין דער קומענדיקער גערעכטער סאָציאַלער אָרדענונג, וואָס וועט פאַרענטפערן אַלצדינג און אָפּשאַפן אַלע רדיפות פון מענטשן אויף מענטשן. עדעלשטאַט, אַזוי ווי די אַנדערע דאַ־מאָלסטיקע אַרבעטער פּאָעטן, האָט געגלויבט, אַז עס קומט באַלד די גרויסע באַפרייאונג, וואָס וועט אַראָפּנעמען פון די יידישע אַרבעטער די „דרייפאַכע קייט״, „אַלס יידן, אַלס שקלאַפן, אַלס דענקער״.

אין עדעלשטאַטס צייט איז די יידישע ליטעראַטור און דיכטונג אין רוסלאַנד שוין געשטאַנען אַ סך העכער. עס זיינען שוין דאָרטן געווען פרץ, שלום־עליכם, ש. פרוג, דער פיינער פאָלקס־דיכטער מאַרק וואַרשאַווסקי. עדעלשטאַט איז געווען אין דעם זעלביקן עלטער, וואָס מאָריס ראָזענפעלד אין אַמעריקע און דוד פרישמאַן אין רוסלאַנד. עדעלשטאַט איז געווען אַנט־קעגן זיי אַלעמען הינטערשטעליק אין לשון און קינסטלערישער טעכניק.

דאָך איז עדעלשטאַט אין זיין צייט געווען דער פּאָפּולערסטער דיכטער ביי די יידישע אַרבעטער מאַסן אין אַמעריקע. מען האָט געזונגען מיט אַ ברען זיינע לידער, סיי אין די טענעמענט־הייזער און סיי אין די שעפער.

און ווען די היגע אַנאַרכיסטן האָבן אין יאָר 1890 געגרינדעט די „פרייע אַרבעטער שטימע", האָבן זיי אויסגעקליבן פאַרן רעדאַקטאָר דעם פּאָעט דוד עדעלשטאַט. ער איז געבליבן רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, ביז ער איז אין יאָר 1892 געשטאָרבן פון שווינדזוכט, אין עלטער פון 26 יאָר.

ניט נאָר אין אַמעריקע איז עדעלשטאַט געווען פּאָפּולער, נאָר אויך ביי די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן. אויך אין רוסלאַנד פלעגט מען ביי אַרבעטער פאַרזאַמלונגען זינגען עדעלשטאַטס לידער מער ווי די לידער פון די אַנדערע אַמעריקאַנער סאָציאַלע דיכטער. און ווען דער „בונד" האָט אין 1906 אַרויסגעגעבן זיין באַרימטע זאַמלונג פון רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער לידער, „פרייהייט", האָט דאָרטן עדעלשטאַט דער אַנאַרכיסט פאַרנומען אַן אָרט אויבנאָן.

עדעלשטאַטס גאַנצע יידישע שריפטשטעלערישע קאַריערע האָט געדויערט עטלעכע יאָר. עס איז גאָר קיין ספק ניט, אַז ווען אים וואָלט געווען באַשערט מער יאָרן, וואָלט זיין לשון געוואָרן לויטערער און די טעכניק בעסער, און ער וואָלט, ווי זיין יינגערער חבר באָווישאָווער, וועלכער איז אויך יונגערהייט אַוועק פון לעבן, אַ סך מער באַרייכערט אונזער סאָציאַלע דיכטונג.

1942



# א. ליעסין

## דער נאַציאָנאַלער פּאָעט

איך האָב ניט, אָ, עלנטע אומה, מיט וואָס דיר צו דינען
אַרום אין דעם אָרימען, וואַכיקן לעבן.
דעם נפש, דאָס האָב איך, דעם נפש דעם הוילן —
איך קען דיר אים געבן!

אָ, זאָלן זיי קומען, די הענקער, די ווערגער, די קוילער,
וואָס האָבן דיר אַלע היסטאָרישע וועגן
מיט בלוטן פאַרטרונקען — איך שטרעק מיט אַ שמחה
דעם האַלז אים אַנטקעגן!

און וואָרעם זאָל פליסן אויך מ י י ן בלוט אַהין אין די ריינע,
אַהין אין די הייליקע בלוטיקע ימען
פון דיינע מיליאָנען גבורים און קדושים —
און פליסן צוזאַמען!

אברהם ליעסין, דער גרויסער יידישער דיכטער און פובליציסט, וואָס האָט אונז איצט אַזוי פלוצלינג פאַרלאָזן, איז מער פון אַנדערע דיכטער ביי אונז געווען דער נאַציאָנאַלער פּאָעט.

ניט נאָר מיט דעם איז ער געווען נאַציאָנאַל, וואָס ער איז אַרויסגעקו־מען פון דורות רבנים, גאונים און לומדים, און איז אַליין געווען אַ גרויסער יידישער למדן. און ניט מיט דעם נאָר איז ער געווען דורכאויס נאַציאָנאַל, וואָס ער איז זיין גאַנץ לעבן געבליבן אין גאַנצן איינגעטונקט און דורכגע־נומען מיט דער גרויסער יידישער טראַדיציע, מיט יידישקייט אין אַלע אירע פירונגען און מידות.

און אויך ניט מיט דעם נאָר איז ער געווען דער נאַציאָנאַלער דיכטער און שריפטשטעלער, וואָס ער האָט, מער פון אַנדערע יידישע שריפטשטע־לער און פּאָעטן, פון אַנדערע קלאַסיקער אָן ביז די מאָדערנסטע, גענומען אַזוי פיל טעמעס און געשטאַלטן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פאַרגאַנ־גענהייט.

ער איז געווען וואונדערלעך יידיש־נאַציאָנאַל דער עיקר מיט דעם, וואָס ער איז געווען דער דיכטער פון ווילן און ליידנשאַפט. אין דעם האָט מען אים געקאָנט נעמען ווי איינעם פון די מוסטערן פון אַ יידישן מענטש, אַ פאַרקערפּערונג פון יידישן גייסט אין דעם גאַנג פון דער לאַנגער יידישער געשיכטע.

אַ. ליעסין איז געווען דער איד אין דעם אָטעם, אין דעם טעמפּעראַ־מענט און אין דער טיפער טרייב־קראַפט פון זיין דיכטונג און זיין פּובלי־ציסטיק. מיט דעם איז ער ביי אונז איינציק אין זיין מין, אַ טיפּישע גע־שטאַלט, אַן אמתע נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט אין אונזער ליטעראַטור.

פון אָט דער באַזונדערער גרויסער אייגנשאַפט זיינער האָבן געמוזט אַרויסקומען אַלע אַנדערע באַזונדערקייטן פון ליעסינס דיכטערישער און שריפטשטעלערישער אַרבעט און קאַריערע.

אַלע יאָרן פון זיין באַוואוסטזיניקער שריפטשטעלערישער אַרבעט, די אַרום 50 יאָר, וואָס ער איז געשטאַנען אין אונזערע פאָלקס־קאַמפן און אין אונזער ליטעראַטור, איז אַ. ליעסין געווען אַ סאָציאַליסט. דאָס איז ניט געווען קיין צופעליקער, זייטיקער שטריך. ער האָט געמוזט זיין אַ סאָציאַ־ליסט, ווייל דער אידעאַל פון סאָציאַלן יושר איז געווען די איינציקע ווענ־דונג אין אונזער צייט און אין אַלע צייטן פון דעם בליק פון יידישן נביא; און ווייל דאָס איז געווען אין אונזער צייט און אין אַלע צייטן די איינציקע מעגלעכע ווענדונג פאַר אַ יידישן דיכטער פון ווילן און ליידנשאַפט, ווע־מעס בליק האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעריסן פון דעם פאָלק און פון דעם גאַנצן מענטשלעכן מין און זיין גורל היינט און אַמאָל.

אַ. ליעסין איז פרי געוואָרן אַ קעמפער פאַר סאָציאַלן יושר, אַ סאָציאַ־ליסט, אַ פאַרטיידיקער, פאַרשטייער און וואָרט־פירער פון די אָרימע מאַסן און פון אַלע געדריקטע, געדרודפטע און באַליידיקטע. דאָס איז געווען פאַר אים די נאַטירלעכסטע זאַך. פון דער ישיבה און דער תורה, וואו ליעסין איז יינגלווייז געווען אַ גרויסער עילוי, איז פאַר אים דער דירעקטער און לייכטער וועג געווען צו דער אַרבעטער־בירזשע, צו די סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע קרייזן. דערדאָזיקער איבערגאַנג איז פאַר אים געווען אַ סך לייכטער און פאַרשטענדלעכער, איידער פאַר אַ סך אַנדערע יידישע יונגעלייט, וואָס זיינען אַוועק אויף דעמזעלביקן וועג.

אַ. ליעסין, דער געזעלשאַפטלעכער טוער און קעמפער, איז אין דער אייגענער צייט געווען אַ מענטש מיט אַ טיפן וויסן און איינבליק אין דער געשיכטע. ליעסין איז ביי אונז געווען אַ היסטאָריקער, ער האָט גרינטלעך געקענט געשיכטע, באַזונדערס אונזער אייגענע געשיכטע. אָבער ניט נאָר האָט ער זי גוט געקענט און האָט געקענט אַרויסרופן אירע פאַרשיידענע

געשטאַלטן און געשעעענישן אין זיין מערקווירדיקן זכרון; ער האָט זי גע־טראָגן אין זיך. די אינערלעכע שטענדיקע מאָס פון גרויסע ווערטן איז ביי אים אַלע מאָל געווען די היסטאָרישע. פון דעם האָט זיך געגומען זיין ברייטער בליק אויף זאַכן, און אויך זיין פעסטקייט און שטאַנדהאַפטיקייט, וואָס האָט זיך דאָ באַגעגנט מיט זיין אייגענער פערזענלעכער שטאַנדהאַפטיקייט און פעסטקייט. דאָ, אין דער היסטאָרישער אָפּמעסטונג און אָפּשאַצונג פון געשעענישן, הייגטיקע און פריערדיקע, האָט ער געפונען אַ באַשטעטיקונג און באַקרעפטיקונג פון דעם ברייטן זשעסט, פון דער קלאַסישער, קלאָרער, אַלגעמיינער פאָרמולירונג, וועלכע ער האָט אַלע מאָל אַזוי לייכט געקענט געבן יעדער זאַך, וואָס איז געשען פאַר זיינע אויגן.

ליעסינס געזעלשאַפטלעכער, סאָציאַליסטישער איינבליק און אָפּשאַצונג, האָבן געווירקט איינס אויף דאָס אַנדערע און האָבן אים געמעסיקט, באַ־לאַנסירט זיין ווילן און ליידנשאַפט. ווען ליעסין וואָלט ניט געהאַט געפונען פאַר זיך דעם סאָציאַליסטישן וועג, און ווען ער וואָלט ניט געווען דער היסטאָריקער, וואָלטן זיין ווילן און ליידנשאַפט אים פאַרטראָגן אין די ניט־זיכערע נעפּלדיקע ראָמאַנטישע הימלען, ווי זייער אַ סך ביי אונז.

ביי זיין גאַנצן גרויסן ווילן און ליידנשאַפט, איז אַ. ליעסין אַלע מאָל געבליבן צוגעשמידט צו דער ערד. ער איז געווען אַ רעאַליסט, האָט פאַר־מאָגט אַ געזונטן, קרעפטיקן חוש פאַר אַלץ אין דעם לעבן אַרום. אַ שטענ־דיקע ראַנגלעניש איז אין אים אַלע מאָל אָנגעגאַנגען צווישן ווילן און ווירק־לעכקייט. אָבער די ראַנגלעניש איז אַלע מאָל פאָרגעקומען מער אין די פאַרבאָרגענע טיפענישן פון זיין פערזענלעכקייט. פאַר דער וועלט, אין זיי־נע פערזן און אין זיינע פובליציסטישע אַרטיקלען, האָט ליעסין געוויזן נאָר דעם רעזולטאַט פון דער ראַנגלעניש, — אַ קלאַסישע, קלאָרע פאָרם פון קלאַסישע קלאָרע איבערלעבונגען, פאָרמולירונגען און אָפּשאַצונגען.

אָן דער היסטאָרישער אָפּמעסטונג, אָן אַ היסטאָרישן פאַרגלייך, פאַראַלעל, האָט ליעסין זיך ניט גענומען שרייבן, און זייער אָפט האָט ער מיט דעם געשריבן אויף זיינע פערזן.

## גאַנצקייט פון פערזענלעכקייט און סטיל

האָב איך, ווי אַ ייד, געזוכט
ניט די בלומען, נאָר די פרוכט —
ניט ווי די עסטעטן ,די העלענען.
דאָך געזוכט עס נאָכאַנאַנד
האָב איך אינם שיינהייט־לאַנד.
וואו פאַרליבטע זינגען די סירענען.

האָט געלאָקט מיך לעבן־לאַנג
אַלץ פון אָפּגרונט דער געזאַנג —
ווייסע אָרעמס צווישן שוואַרצע פעלזן.
האָט מיך דאָך דער מזרח־חוש
אויסגעהיט פון טויטן קוש —
אין מיין גוטן יידישלעכן העל־זען.

אַ. ליעסין, „אין גוטער יידישקייט", 1937.

אויסער דעם אמת פון לעבן און דער יידישער געשיכטע און יידישן גורל, האָט ליעסינען מער פון אַלץ געצויגן צו קינסטלערישער פולקאָמענקייט. די אַלע דריי זאַכן זיינען פאַר ליעסינען זייער אָפּט געווען אַ קוואַל פון ליידן, פון שווערע ספקות און ראַנגלעניש. ליעסין האָט אַלע מאָל געפילט, אַז אָט די אַלע דריי טיפע צוגעבונדנקייטן זיינע מוזן זיין אין שטענדיקער האַרמאָניע. ליעסין האָט קיין מאָל ניט אָנגעשריבן קיין זאַך, ביז וואַנען ער האָט אין דעם ניט איבערגעגעבן דעם אמת פון לעבן און פון געשיכטע און האָט פאַר דעם ניט געפונען די פולקאָמסטע פאָרם.

נאָך מיט איבער צוואַנציק יאָר צוריק, ווען איך האָב זיך באַקענט און באַפריינדט מיט אים, ווען ער האָט ערשט עטלעכע יאָר רעדאַקטירט די „צוקונפט" און האָט זיך געקליבן אָנהייבן צוריק שרייבן לידער נאָך אַ לאַנגן איבעררייס, פלעגט ער אין שמועסן מיט מיר אָפּט זיך באַקלאָגן, אַז זיין קאַמף און זיין „היסטאָריזם" שטערן אים אין זיין ריין־קינסטלערישער אַרבעט. ער פלעגט מיר דעמאָלט אָפּט ציטירן די שורות פון דעם רוסישן פּאָעט וועגן דעם, אַז דער קאַמף האָט אים געשטערט זיין דער פּאָעט. זינט דעמאָלט אָבער האָט ליעסין דאָס מער ניט געפילט אַזוי שאַרף. און עס איז זיכער, אַז ליעסינס דעמאָלטיקע ליידן און ספקות זיינען ניט געווען אַזוי באַרעכטיקט, ווי ער האָט אַליין געמיינט. ער האָט נאָר געדאַרפט דורכמאַכן מער אינערלעכע ראַנגלעניש. ער האָט די וויטערדיקע ראַנגלעניש דורכגעמאַכט און איז אַרויסגעקומען דער זיגער.

ווען ער האָט אָנגעהויבן ווידער פאַרעפנטלעכן אין דער „צוקונפט" לידער און פּאָעמעס, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די נייע פּאָעזיע זיינע איז געווען אין דעם זעלביקן טאָן און סטיל, ווי די פריערדיקע. ליעסין האָט זיין סטיל ניט געביטן. ער האָט נאָר געפונען אַ נייע אינערלעכע באַשטעטיקונג פון דעם זעלביקן פּאָעטישן וועג זיינעם.

פון אָנהייב אָן, פון זיינע ערשטע פּאָעטישע טריט, האָט ליעסין זיך אויסגעצייכנט מיט מייסטערשאַפט אין דעם אויפבוי פון ליד און פערז און מיטן ווילן צו אַלץ גרעסערער מייסטערשאַפט. פון אָנהייב אָן האָט ליעסין

זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גאַנצקייט פון זיין פערזענלעכקייט און סטיל, און ער האָט געזוכט האַרמאָניע צווישן זיין פאָרם און זיין טעמע.

ליעסינס שורות אין פערזן זיינען אויסגעהאַמערט, און פּראָזע און פּאָעזיע זיינען ביי אים אַ דערגאַנצונג איינס פון דעם אַנדערן.

אַ סך פּאָעטן ריידן אין זייער פּראָזע גאָר מיט אַן אַנדערן לשון און סטיל. ליעסין איז געווען דערזעלביקער, מיט דעם זעלביקן לשון און סטיל אין זיינע פּאָעמעס, ווי אין זיינע אַרטיקלען אויף צייט־טעמעס. ליעסין איז אין זיין גאַנצער שריפטשטעלערישער אַרבעט געווען יום־טובדיק. אומעטום ווערט איר ביי אים געפינען דעם געהויבענעם פּאָעטישן טאָן, וועלכער פאַלט אָבער קיינמאָל ניט אַרונטער, נאָר האַלט זיך אויף אַ גלייכער הייך.

דעריבער זעען מיר ביי אברהם ליעסינען, אַז ניט נאָר זיינען זיינע פערזן טיף־אמתדיק, און זיינע אַרטיקלען זיינען טיף־פּאָעטיש, נאָר אַז איר קאָנט לייענען מיט אַ פרישן אינטערעס זיינע אַלטע אַרטיקלען אויף צייט־טעמעס. די טעמעס און ענינים, וואָס ער האָט אין יענע אַרטיקלען באַהאַנדלט, זיינען שוין לאַנג פאַרעלטערט אָדער גאָר פאַרגעסן געוואָרן, אָבער די אַרטיקלען זיינען געבליבן לעבן און האָבן פאַרהאַלטן אין זיך די פרישקייט, וואָגיקייט און קראַפט, וואָס זיי האָבן געהאַט, ווען א. ליעסין האָט זיי אַמאָל אין די נעכט אויסגעהאַמערט און אויסגעפורעמט.

ניין, ביי ליעסינען האָבן זיינע געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַליסטישע שטרייטן און זיינע היסטאָרישע זעאונגען בשום אופן ניט געשטערט דער פּאָעטישער אַרבעט און אַנטוויקלונג. דאָס אַלץ איז געווען פאַראַנקערט ביי אים זייט ביי זייט אין זיין פערזענלעכקייט און האָט געוואָרצלט אין זיין אייגענעם ווילן און לוידנשאַפט.

## די קינסטלערישע פערזענלעכקייט

אין שלאָפלאָזע נעכט פלעגט זי קומען
צו מיר אין איר ליבער גענאָד.
פון וואַנען זי האָט זיך גענומען —
דאָס איז שוין פאַרבליבן איר סוד.
זי פלעגט אין פאַרטאָגן אין שטילע
מיט ציטער מיט צאַרטן אַריין —
אַ פליסטער פון עפּעס אַ תפילה,
אַ שימער פון עפּעס אַ שיין.
און אויפלויכטן פלעגן מיר אויגן
מיט ווייכן, פאַרטרוילעכן ליכט;
אַ האַנט אויף מיין קאָפּ פלעגט זי לייגן

און קילן דעם פלאַם פון געזיכט.
פלעגט ווייס אַזוי ווערן אין צימער
און גרינג פון איר וואונדער באַריר,
ווען ווייס פלעגן געבן אַ שימער
צוויי פליגלען פון הינטן ביי איר.
און פול מיט מעלאַדישקייט גוטער
פלעגט האַרציק זיך הערן איר קול,
אַזוי ווי דער קול פון מיין מוטער
ביים טייטש־חומש שבת אַמאָל.

א. ליעסין, פון „אידיש", 1926.

ראַנגלעניש און ספּאָרטסמענערישקייט זיינען געווען ביי ליעסינען ווי איינגעבוירן. כאָטש ער איז אַלע יאָרן, וואָס איך האָב אים געקאָנט, געווען אַ קראַנקער, איז ער אָבער געווען אין זיין גאַנצן געבוי מערקווירדיק קרעפטיק. קראַפט, גבורה איז געווען אין אַלץ ביי אים, אין זיין יעדן קער און אין זיין יעדן וואָרט.

אָבער מיט פיזישער גבורה איז ביי אים אַלע מאָל געווען איינס אַ מערק־ווירדיקע יידישע גייסטיקייט, זיין גייסטיקע גבורה. העלדישע געשטאַלטן פון דער פאַרגאַנגענהייט, אַזוי ווי פון אונזער צייט, האָבן אַלע מאָל געשוועבט פאַר זיינע אויגן, און טיטאַנישע גייסטיקע ראַנגלענישן האָבן אים אַלע מאָל צוגעצויגן, ווי אונזער לעבן אויף דער ערד. ווען ער וואָלט געווען אַ סקולפּטאָר, וואָלט ער געשטרעבט צו זיין אַ ראָדען. ווען ער וואָלט געווען אַ ראָמאַנען־שרייבער, וואָלט ער געוואָלט זיין אַ יידישער באַלזאַק. אין זיין פּאָעזיע און פּובליציסטיק איז ער נאָענט צו אַ וויקטאָר הוגאָ.

עס האָט אים געצויגן צום טיטאַנישן, צו דער גרויסער אָנשטרענגונג, צו דער מעכטיקייט פון ים, פעלז, אין דער נאַטור, ווי אין מענטשלעכן לעבן, ווי אין דער געשיכטע, האָט ער קודם כל געוואָלט זען דאָס גרויסע, מעכטיקע, אייביקע.

דעריבער האָבן מיר ביי ליעסינען זייער ווייניק קליינע לידער, מיניאַטורן. זיין וועג איז געווען אויפצוהייבן גרויסע מאַסן. ער האָט געשריבן גרויסע פּאָעמעס, גרויסע סעריעס און ציקלען פון פּאָעמעס.

און זעלטן ווען ליעסין האָט זיך באַשעפטיקט מיט די קליינע פריידן פון לעבן אָדער קליינע זאָרגן, אַנטוישונגען, לייכטער מעלאַנכאָליע, קליינע, דינע ניואַנסן פון לעבן און פון וואָרט. זיין סטיכיע איז געווען דאָס גרויסע.

דאָס מיינט ניט, אַז זיין אויג האָט ניט פאַרנומען דאָס קליינע אין דעם לעבן אַרום אים. אַז דאָס איז ניט אַזוי, באַווייזן זיינע פיינע סאַטירעס, שאַר־

זשען, גראַטעסקן, פּאַלעמישע עסייען, אין וועלכע ער איז געווען אַ גרויסער מייסטער. אָבער ניט אין דעם האָט ער לאַנג געקאָנט לעבן.

זיין גייסטיקייט איז געווען ניט קיין קריסטלעכע, נאָר אַ ריין־יידישע. די גרויסע העלדן פון אונזער לעבן, פון אונזער פאַרגאַנגענהייט, דער שוסטער הירש לעקערט און דער רעוואָלוציאָנערער שמיד, יהודה המכבי און ר׳ עקיבא, און אַלע העלדן און הייליקע און מאַרטירער פון גלויבן, פאַרן פאָלקס גליק, אָדער פאַר גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד — זיי אַלע זיינען ביי ליע־סינען געווען דאָס גרויסע, וואָס גיט אונזער לעבן אַ ווערט, מיט דעם, וואָס זיי זיינען גרויס און שטאַרק און שיין, אָבער נאָך מער מיט דעם, וואָס זיי וויזן אין לעבן און אין טויט דעם שטאַרקסטן צובונד צום לעבן. גרויסקייט און שיינקייט אָ ן לעבן, אַ ר ו י ס פון לעבן — דאָס איז פאַר ליעסינען ניט געווען. דאָס לעבן און אַלץ אין אים איז פאַרן לעבן. אויסערן לעבן איז גאָרנישט ניטאָ. דאָס איז געווען אַ. ליעסינס העלדישער, יידישער אויסקוק אויף דער וועלט.

אַ. ליעסין איז מיט זיינע גרויסע ראַנגלענישן, מיט זיין גאַנצקייט, סטיל און פאָרם, מיט זיין פאַרנעמען און פאָרמולירן אַלצדינג אַרום אים און אין אים געווען אַ יידישע קינסטלערישע פּערזענלעכקייט.

הגם ליעסין איז געווען אַ געזונטער און אַ וועלטלעכער מענטש, האָט זיין גייסטיקייט אים פאַרהיט פון מגושמדיקן, פון דער „נידעריקער״, אָפּענער ערדישקייט. צוליב זיין יידישער גייסטיקייט וועט איר ביי ליעסינען ניט גע־פינען קיין לידער פון ווילדע ערדישע פריידן. אַנשטאָט פיזישע פריידן, האָט אים געצויגן צו פיזישע יסורים, צו פיזישן מאַרטירערטום. צוליב זיין יידישער גייסטיקייט האָט אים געצויגן צום טראַגישן, צום שאַטנדיקן. אַ מענטש אַ שטורעמדיקער, האָט ער אין זיינע פערזן ניט געגעבן קיין לידער פון שטורעמ־דיקייט, פיזישער אָדער גייסטיקער. דאָס ערדישע האָט ער גענומען אָפּטער פאַר זיינע סאַטירעס און שאַרזשען און פּאָלעמיק. שטורעמדיקע פרייד האָט ביי אים געמוזט זיין פאַרבונדן מיט הייליקייט, ווי אין זיין ליד ״שמחת בית השואבה״.

אַ ליעסין איז געווען צווישן יידישע דיכטער און שריפטשטעלער אַ גליקלעכער. ער האָט זיין לעבן און זיין פּאָעטישע און פּובליציסטישע אַרבעט אַלע מאָל געפורעמט נאָך זיין ווילן און זיין ליידנשאַפט און זיין טיפן געפיל און באַנעם פון אמת.

און אין זיינע בעסטע געזאַנגען, אין די לידער פון מאַרטירערטום, אין די פלאַמענדיקע נאַציאָנאַלע לידער, האָט ער דערגרייכט די גאַנצקייט און די פול־קאָמקייט, צו וועלכע ער האָט זיך געצויגן.

„פאָרווערטס״, 1938

# אברהם רייזען, דער דיכטער פון פאָלק

## (צו זיין זעכציק־יעריקן יובילײ)

### I

די יידישע ליטעראַטור פייערט איצט אַ יום־טוב, דעם זעכציק־יעריקן יובילײ פון איינעם פון אירע קלאַסיקער, אברהם רייזען.

ווען איר וועט זיך פרעגן, ווער עס איז איצט דער באַרעכטיקטער פאָר־שטייער פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, אין פּאָעזיע און אין קינסט־לערישער פּראָזע, וועט איר באַלד אָנרופן דעם נאָמען אברהם רייזען. קיין אַנדערן האָבן מיר ניט.

פון זיינע איצטיקע 60 יאָר האָט אברהם רייזען פולע 45 יאָר געשריבן לידער און ערציילונגען. צו 15 יאָר האָט ער זיך שוין דורכגעשריבן מיט י. ל. פּרצן, מ. ספּעקטאָרן און יעקב דינעזאָנען און האָט זיי געשיקט זיינע זאַכן; און זיי האָבן אין דעם יונגן בחורל גאָר גיך אָנערקענט זייער צוקונפ־טיקן יורש, זייער נאָכפאָלגער און פאָרזעצער אין דער פּיאָנערן־אַרבעט פון דער יונגער יידישער וואָרט־קונסט.

ווען איר לייענט אין רייזענס אינטערעסאַנטע דערינערונגען וועגן זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט יענע פּיאָנערן פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַ־טור און זייערע אָנווייזונגען און עצות צום יונגן שריפטשטעלער, ווערט איר געריירט פון דער טיפער ליבע, וואָס זיי האָבן דאָ אַרויסגעוויזן צו דער יונגער ליטעראַטור און צו די, וואָס זיינען געקומען זי ווייטער צו בויען. און דיזעלבע טיפע ליבע צום יידישן וואָרט האָט רייזען אַליין געטראָגן אין זיך די אַלע יאָרן.

אברהם רייזען האָט זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיט זיין אייגענער שריפטשטעלערישער און פּאָעטישער אַרבעט. ער האָט זיך נאָך זייער אָפט פאַרנומען מיט רעדאַקטאָרישער און פאַרלעגערישער טעטיקייט, האָט אַרויס־געגעבן ליטעראַרישע צייטשריפטן און זאַמלביכער, האָט געאַרבעט און

געקעמפט פאַר דעם וואוקס, פאַרשפּרייטונג און אָנערקענונג פון דער נייער יידישער ליטעראַטור.

די יידישע ליטעראַטור פייערט איצט דעריבער דעם יובילײ ניט נאָר פון איינעם פון אירע קלאַסיקער, פון אירע אָנגעזעענסטע קינסטלער, נאָר אויך פון איר געטרייסטן בויער און פאַרקעמפער.

## דער גרעסטער דיכטער פון די יידישע פאָלקס־מאַסן

צווישן די בויער פון דער יידישער ליטעראַטור און אירע קלאַסיקער פאַרנעמט אברהם רייזען אַ גאַנץ באַזונדערן אָרט. מערקווירדיק אין זיין שריפטשטעלערישער קאַריערע איז דאָס אַליין, וואָס ער איז כמעט פון אָנהייב אָן געקומען אין דער ליטעראַטור מיט אַ פאַרטיקער מייסטערשאַפט. אָט איז אַ מיניאַטור־דערציילונג, וואָס רייזען האָט אין עלטער פון 16—17 יאָר אָנגעשריבן אויף אַ פּאָסט־קאַרטל און אָפּגעשיקט צו מ. ספּעקטאָרן:

## אַ זעכציקסטחלק פון גן־עדן

„פרייטיק־צו־נאַכט. ביי חיים דרדקי־מלמד האָט מען שוין אָפּגעגעסן וועטשערע. די האַלב־גראָשענע חלבנע ליכטלעך האַלטן שוין ביי גסיסה. מען זעט, ווי זיי מאַטערן זיך נאָך אַביסל צו ברענען און גיבן מיט די לעצטע כוחות אַ הייב דאָס פייער, נאָר באַלד פאַלט עס צוריק אַראָפּ און ווערט טונקעלער, טונקעלער, ביז וואַנען עס ווערט אינגאַנצן פאַרלאָשן. נאָר אַ רויך וואַלעט פון די רערן, וועלכער מאַכט אָן אַ שרעקלעכן גערוך. אין קליינעם צימערל איז שרעקלעך הייס: חיה האָט היינט געהייצט צוויי מאָל, אויף חלה און אויף טשאָלנט; און כאָטש חיה איז אַ פרומע יידענע מיטן פולן מויל, און גלייבט אין אַלץ, דאָך פאַרלאָזט זי זיך ניט אויפן „טשאָלנט־מלאך", וועלכער גיט אַכטונג, עס זאָל זיך גוט קאָכן, און זי הייצט אַליין גוט אויס, און די היץ איז אומדערטרעגלעך...

„דאָך חיימען אַרט דאָס ניט. פאַרקערט, ער האָט פון דעם אַ הנאה. ער ליגט אויסגעצויגן אויף זיין צעבראָכענעם בעטל און רוט זיך אויס נאָכן עסן. די פעטקייט פון די ביינער, וואָס ער האָט געזויגן ביים טיש, זאָל אין זיינע ביינער אַריין... ער ליגט מיט פאַרגעניגן און באַטראַכט מיט שטאָלצע אויגן זיין צימערל: עס געפעלט אים זייער. דער שבת־קודש רוט אין יעדן ווינקל. עס ווערט אים אַזוי ליב, אַזוי גוט, און מיט חסידישער התפעלות צעבאָמקעט ער זיך:

„אַך, גאָטעניו, עס שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים, אַז שבת

איז אַ זעכציקסטע חלק פון גן־עדן. היינט ווי גרויס איז שוין דאָרט דער תענוג!..."

איר האָט דאָ כמעט דעם גאַנצן רייזענען. איר קאָנט דאָס דאָזיקע מי־ניאַטור־בילד פאַרגלייכן מיט וועלכער עס איז פון רייזענס שפּעטעריקע דערציילונגען, און איר וועט אין זיי באַלד דערקענען איין האַנט, די האַנט פון אברהם רייזען, דעם מייסטער פון דער יידישער קורצער דערציילונג. דאָס זעלביקע קען מען אויך זאָגן וועגן רייזענס לידער. אויך אין דער פּערז־קונסט איז ער געקומען אַ פאַרטיקער מייסטער. עס פאַרשטייט זיך, אַז רייזען איז מיט די יאָרן אינערלעך געוואַקסן, אָבער ער האָט נאָר צוגעגעבן מער טעמעס. דער גרונד־טאָן, די מאַניר, דער סטיל, די קינסטלערישע וועגן, — דאָס אַלץ איז ביי אים געבליבן, ווי עס איז געווען ביי זיינע ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור.

אברהם רייזען איז זייער איינפאַך, לייכט און קלאָר אין אַלץ, וואָס ער שרייבט, — אין פּערזן אַזוי גוט ווי אין פּראָזע. און עס איז די איינפאַכסטע און לייכטסטע זאַך צו דערקענען אין אַ זאַץ, אָדער אין אַ סטראָף, אַז דאָס איז רייזענס. וואָרים ביי דער גאַנצער לייכטקייט, מען קאָן זאָגן לופטיקייט פון אַ סך פון רייזענס קורצע זאַכן, האָט ער זיין באַשטימטן סטיל, וועלכן מען קען מיט קיין שום אַנדערן ניט צעמישן.

אברהם רייזען, שלום אַש און ה. ד. נאָמבערג זיינען נאָך מענדעלען, שלום עליכמען און י. ל. פּרצן, דער צווייטער דור קלאַסיקער פון דער נייער יידי־שער ליטעראַטור.

דער ראָמאַנטיקער שלום אַש האָט געזוכט און געפונען שיינקייט, פּאָ־עזיע אין דעם אָרימען יידישן פאָלקס־לעבן. אין זיין ווייטערדיקן זוכן האָט ער זיך אויפגעהויבן אויף די באַרג־שפּיצן פון דער יידישער פאַרגאַנגענ־הייט און האָט זיך גענומען פאַר גרעסערע פאָרמען, — פאַר דער דראַמע און דעם ראָמאַן. ה. ד. נאָמבערג האָט זיך פאַרטיפט אין די נשמה־פינצטער־קייטן פון דעם איינצלנעם, איינזאַמען יידישן אינטעליגענט. אברהם רייזען האָט פאַר זיך אויסגעקליבן דאָס אומענדלעכע אומעטיקע, גרויסע פלאַכ־לאַנד פון דער ווירקלעכקייט אין דעם לעבן פון די אָרימע יידישע פאָלקס־מאַסן. און אברהם רייזען איז געוואָרן דער דיכטער פון די דאָזיקע מאַסן, דער גרעסטער, וואָס מיר פאַרמאָגן.

## „בייזע ווינטן", „גמרא־ניגון" און „אַ געזינד זאַלבעאַכט"

עס וועט ניט זיין קיין שום איבערטרייבונג צו זאָגן, אַז אברהם רייזען איז צווישן די לעבעדיקע יידישע פּאָעטן און שריפטשטעלער דער באַקאַנט־סטער און דער באַליבטסטער ביי אונזערע פאָלקס־מאַסן. אברהם רייזען איז,

אייגנטלעך, אַלע מאָל געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע, אויב נישט דער פּאָפּולערסטער שרייבער ביים פֿאָלק. רייזענס האַרציקע געזאַנגען און איינפאַכע פיינע קורצע דערציילונגען האָבן באַלד פון אָנהייב אָן געפונען דעם וועג צום האַרצן פון פֿאָלקס-מענטשן, אַזוי גוט ווי פון אינטעליגענט. אַ שרייבער מיט רייזענס סטיל, טאָן און טעמעס, איז אַ שרייבער פאַר אַלעמען. אין רייזענס פאַל איז דאָס נאָך מערקווירדיקער צוליב דעם, וואָס ער איז דווקא דער שטילסטער פון אַלע אונזערע שריפטשטעלער.

אברהם רייזען האָט נישט קיין הילכיקע טענער און קיין העלע פאַרבן. מיט וואָס-זשע האָט רייזען געוואונען די הערצער פון זיינע מאַסן לעזער? וואו ליגט דער גרויסער כוח פון רייזענס קונסט?

רייזען צייכנט זיך אויס מיט דער קלינגעוודיקייט, מוזיקאַלישקייט פון [illegible] דער פּאָלירטקייט, עלעגאַנץ פון דער קורצער דערציילונג. מיט אים הייבן זיך דיביידע פאָרמען אָן אין דער יידישער ליטעראַטור, ער איז זייער באַשאַפער ביי אונז.

אָבער אַזעלכע מעלות, ווי די קלינגעוודיקייט פון פערז און די פיינע לייבטע פאָרם פון דער דערציילונג, וואָלטן נאָך נישט געווען גענוג צו געווינען פאַר אברהם רייזענען דעם אָרט אויבנאָן, וואָס ער פאַרנעמט אין אונזער ליטעראַטור. אַזעלכע מעלות קאָנען האָבן אויך אַנדערע, רייזען האָט אָבער אייניקע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען דורכאויס זיינע, און אין וועלכע קיינער האָט זיך נאָך נישט אויסגעצייכנט אַזוי ווי ער.

אַזעלכע מעלות ביי אים זיינען קודם-כל זיין אמתדיקייט און אויפריכטיקייט. פאַר אברהם רייזענען האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט קיין אַנדער מאַטעריאַל אין דער וואָרט-קונסט, ווי נאָר דער פשוטער אמת פון דעם לעבן אַרום אים. און רייזען איז אויפריכטיק אין יעדן וואָרט, וואָס קומט ביי אים אַרויס, אין אַ דערציילונג ווי אין אַ ליד. ער איז דער אויפריכטיקסטער און דער אמתדיקסטער יידישער שריפטשטעלער.

דאָס פאָלק האָט דאָס באַלד געמוזט דערפילן, און דאָס, צוזאַמען מיט רייזענס אַנדערע קינסטלערישע אייגנשאַפטן, קלערט אונז אויף דעם סוד פון אברהם רייזענס גרויסער פּאָפּולאַריטעט ביי אונז.

אַ טייל פון אברהם רייזענס לידער זיינען אַריין אין פאָלק. רייזענס „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן", „די קירכן-גלאָקן" און אַנדערע לידער זיינען אַלעמאָל געווען צווישן די באַליבטסטע לידער, וואָס די יידישע אַרבעטער האָבן געזונגען. אַזאַ ליד, ווי זיין „מאי קאַ משמע לן", איז געוואָרן דאָס אייגנטום פון פאָלק. און ווער קען דאָס נישט רייזענס אַנדערע לידער פון נויט און עלנט, אַזעלכע, ווי „אַ געזינד זאַלבעאַכט?"

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
איצט איז אייער צייט.
לאַנג וועט דויערן דער ווינטער,
זומער איז נאָך ווייט.

— — — — — — — — — — —

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פריי באַהערשט די וועלט.
בייגט דיביימער, ברעכט די צווייגן,
טוט וואָס אייך געפעלט.

ווי אַזוי האָבן אַזעלכע פּשוטע ווערטער, אַזעלכע איינפאַכע האַרציקע געזאַנגען ניט געקאָנט באַלד אַריין אין פאָלק? ווי אַזוי האָבן אַזעלכע ערשטע לידער פון שטילן טיפן אומעט, וואָס רייזען האָט געבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור, ניט געקאָנט געווינען די הערצער פון אונזערע מאַסן־מענטשן?

רייזען זינגט און דערציילט אַלע מאָל דאָס, וואָס איז פאַרשטענדלעך און באַקאַנט יעדן איינעם. ער שרייבט קיינמאָל ניט און זאָגט קיינמאָל ניט קיין ליגן. ער לאַכט קיינמאָל ניט הילכיק אָדער מיט גאַל, און ער בייזערט זיך ניט, צאַרנט ניט, שטורעמט ניט. זיין טאָן איז אַזוי פּשוט־מענטשלעך און וואָכעדיק. ביי אַלץ, וואָס ער דערציילט, זעט איר אַ ליבן, גוטמוטיקן און קלוגן שמייכל, אַמאָל פון מיטגעפיל, אַמאָל פון פיינער איראָניע. און אויף אַלץ איז אויסגעגאָסן זיין באַזונדערער רייזענשער חן.

## רייזען דער רעאַליסט

אברהם רייזען איז אַ שריפטשטעלער פאַרן פאָלק און פון דעם פאָלק. די העלדן פון זיינע דערציילונגען זיינען פאָלקס־מענטשן, — אַרבעטער, קליי־נע הענדלער, לופט־מענטשן, מלמדים, לערער. רייזען מאָלט זיינע מענטשן, „ווי זיי זיינען". אברהם רייזען איז ביי אונז דער אויסגעהאַלטנסטער רעאַליסט. ער וועט קיינמאָל קיין שום זאַך ניט צופּוצן. פריער פאַר אַלץ קומט ביי ריי־זענען דער אמת.

און מאָלנדיק זיינע געשטאַלטן מיט אַלע זייערע קליינליכקייטן און שוואַכ־קייטן, מישט זיך רייזען קיינמאָל ניט אַריין, גיט קיינמאָל ניט צו גאָרנישט פון זיך, מאַכט ניט קיין שום פירושים. דאָס גיט זיינע דערציילונגען זייער גרויסן קינסטלערישן ווערט.

אָבער כאָטש רייזען „מישט זיך ניט" אין די לעבנס־געשעענישן פון זיינע העלדן און מאַכט זיינע מענטשן קיינמאָל ניט אויסקוקן יום־טובדיק, נאָר גיט זיי אין זייער גרויער אַלטעגלעכקייט, איז רייזענס אַ דערציילונג אַלעמאָל

וואַרעם און רירט אייך אַלעמאָל מיט איר פּשוטער מענטשלעכקייט. וואָרים אברהם רייזען האָט זייער ליב זיינע מענטשן, די אַלע מלמדים, שטעטלשע און שטאָטישע האָרעפּאַשניקעס, אָרימע, עלנטע און הילפלאָזע באַשעפענישן. ער לאָזט ניט פילן זיין רחמנות צו זיי, אָבער איר פילט אומעטום ניט נאָר זיין שאַרף אויג פון אַ קינסטלער אַ באַאָבאַכטער, נאָר דעם וואַרעמען אָטעם פון אַן אייגענעם.

רייזען פאַרטיפט זיך ניט און דאַרף זיך ניט פאַרטיפן אין די לעבנס־פּלאָנ־טערס, אין די אונטערערדישע נשמה־לאַבירינטן פון זיינע העלדן. ער איז ניט קיין אויספּלאָנטערער און פאַרענטפערער פון פּסיכאָלאָגישע רעטענישן. און ער מיידט אויס גרויסע, שרייענדיקע, סענסאַציאָנעלע טעמעס. רייזען איז קיינמאָל ניט מעלאָדראַמאַטיש.

איר וועט ביי רייזענען ניט געפינען קיין גרויסע קאָנפליקטן, קיין שטור־רעמס, קיין גרויסע אויסערלעכע טראַגעדיעס. ער גיט אייך שטענדיק קליינע, דאַכט זיך, אומוויכטיקע עפּיזאָדן, אָבער אויף וועלכער קלייניקייט און וואָכע־דיקייט זיין קינסטלעריש אויג שטעלט זיך אָפּ, דאָס באַלעבט ער פאַר אייך מיט עטלעכע קליינע שטריכן, מיט עטלעכע קאָרגע ווערטער.

און אָט אין דער רייזענשער וועלט פון קליינע מענטשן און קליינע פּלאָנ־טערס ליגט אַ סך מער אמתער טראַגיזם, איידער אין פיל שרייענדיקע סענ־סאַציאָנעלע דראַמעס. רייזען מוז אין דעם אייך באַלד דערמאָנען אין דעם גרויסן רוסישן שריפטשטעלער טשעכאָוו; כאָטש רייזען איז אָרים אין פאַרבן און קינסטלערישע מיטלען, ווי עס איז אָרים דאָס לעבן פון די יידישע פאָלקס־מענטשן פון שטעטל און שטאָט.

רייזענס טאָן איז גרוי, און זיין טעמע איז אומעט, — דער אומענדלעכער, אויסגאַנגלאָזער אומעט פון דעם יידישן פאָלקס־לעבן, אין וועלכן רייזען איז אַזוי אַריינגעוואַקסן און וועלכער איז דער טיפער קוואַל פון זיינע שאַפונגען אין פאַרלויף פון כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט.

נאָך אַ גרויסע מעלה פון רייזענען דעם רעאַליסט איז זיין הויכער קינסט־לערישער באַוואוסטזיין און קלוגשאַפט, זיין געפיל פאַר מאָס. אין דער קינסט־לערישער געשטאַלט פון רייזענען איז אַלץ האַרמאָניש. זייער זעלטן וועט רייזען זיך נעמען פאַר אַ טעמע, וואָס איז אים ניט אייגן, וואָס לעבט ניט אין אים. זייער זעלטן וועט איר ביי רייזענען געפינען ווערטער, וואָס געהערן ניט צו זיין קינסטלערישן לעקסיקאָן. זיין שפּראַך איז ניט אין גאַנצן די עכטע פאָלקס־שפּראַך, סאַידן אַמאָל אין אַ קורצן דיאַלאָג, נאָר איז די גוטע קאָרעקטע פאָלקסטימלעך־ליטעראַרישע שפּראַך, וואָס איז אָנגענעם, קלאָר און דורכאויס פאַרשטענדלעך סיי פאַרן פאָלק און סיי פאַרן געבילדעטן יידישן לעזער.

רייזען מיידט אויס באַשרייבונגען. ריכטיק האָט די קריטיק אָנגעוויזן, אַז

רייזען שרייבט אַלע מאָל „אַזוי איינפאַך, אָן קונצן, אָן דעקלאַמאַציע און אָן מליצה". דאָס אַלץ איז אים דורכאויס פרעמד. ער איז אַ שריפטשטעלער אין דער בעסטער טראַדיציע פון קלאַסישן רעאַליזם.

אָבער מיט דער קאַרגקייט פון וואָרט און מיט דער דירעקטקייט איז אברהם רייזען גראָד איצט אויך מאָדערן. אַזוי דירעקט און געפּאַסט האָט מען אויך אָנגעהויבן שרייבן אין דער איצטיקער נאָך־מלחמהדיקער צייט. אויב אין רייזענס וועלט לעבן נאָך אַזוי פיל געשטאַלטן פון אַמאָליקן שטעטל אין צאַרישן רוסלאַנד, זיינען אָבער רייזענס גרונד־טאָן און גרונד־טעמע, דער אייביקער גרויסער אומעט, אונז נאָענט און פאַרשטענדלעך און וועלן דאָס אַלעמאָל זיין.

## דער דיכטער צווישן כלל און יחיד

אברהם רייזען איז ניט קיין פּאַרטיי־שריפטשטעלער. דאָס איינציקע, פאַר וואָס ער האָט אַלע מאָל געפירט קאַמפן, איז דאָס יידישע וואָרט, די יידישע ליטעראַטור.

אָבער רייזען איז אַלעמאָל געווען מיט די אָרימע פאָלקס־מאַסן, ווי איי־נער פון זיי. ער איז אַלעמאָל געווען מיט די יידישע אַרבעטער, האָט גע־וואוסט און פאַרשטאַנען זייערע נויטן, שטרעמונגען, אידעאַלן און קאַמף.ריי־זען האָט געשריבן אַ סך רעוואָלוציאָנערע און אַרבעטער לידער.

ווייל רייזען איז אַזוי עכט יידיש, איז ער אַלע מאָל געווען נאַציאָנאַל, כאָטש נאַציאָנאַליסטיש איז ער קיינמאָל ניט געווען. וואָרים רייזען לעבט מיט פאָלק, מיט כלל, און העכער פון דעם כלל פון זיין באַזונדערן פאָלק איז פאַר אים דער כלל פון דער גאַנצער מענטשהייט. אין זיינע פּאָליטישע, פילאָ־זאָפישע און פּראָגראַם־לידער (וועלכע ער האָט אַ רעכט ביסל) איז ער דע־ריבער זייער אָפט קאָסמאָפּאָליטיש, אָדער ווייניקסטנס אינטערנאַציאָנאַליס־טיש. אָפּשטעלן זיך אויף זיין אייגענעם באַזונדערן פאָלק קומט ביי אים אויס ווי עפּעס אַ באַשרענקונג. אין דער ווירקלעכקייט אָבער, אין זיין קינסטלערי־שער פּראַקטיק לעבט ער מיט די נויטן פון די יידישע פאָלקס־מענטשן און איז איינגעוואָרצלט טיף אין דעם עכט־יידישן פאָלקס־לעבן.

רייזען איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַ צייט, ווען זי איז נאָך געווען דורכאויס כלל. רייזען האָט אַריינגעבראַכט די פּערזענלעכע ליריק. אָבער ער איז אויף דעם וועג צו ווייט ניט אַוועק, און זיין קונסט טיילט ער צווישן כלל און יחיד.

דעם פּשוטן אמת פון דעם לעבן פון די פאָלקס־מאַסן גיט אונז אברהם רייזען אין זיינע דערציילונגען. און די איבערלעבונגען, מערסטנס די ליידן

**פון דעם איינצלנעם, מערסטנס דעם איינזאַמען און עלענדן יחיד, וואָס איז פון כלל אָפּגעריסן, האָבן מיר אין רייזענס ליריק. ער זינגט:**

די לופט איז מיר ענג אין מיין צימער
און פינצטער פון לעמפּל דאָס ליכט,
און פינצטערע שאָטנס באַפאַלן
און הילן אין שוואַרץ מיין געזיכט.

**אָדער:**

פיל פינצטערע נעכט האָב איך לידער געשריבן
אוןריימען ווי גאָלד און ווי זילבער געקליבן,
זיי האָבן געלויכטן אין פינצטערער נאַכט
און האָבן מיין לעבן נישט ליכטיק געמאַכט.

**אָדער:**

און מיין לעבן איז געגליכן
צו אַ לאָמפּ מיט ווייניק נאַפט:
ווערן ווערט ער ניט פאַרלאָשן,
ברענען האָט ער ניט קיין קראַפט...

**דאָס זיינען כאַראַקטעריסטישע רייזענישע לידער. זעלטן ווען עס הערן זיך ביי אים אין אַזעלכע לידער מונטערע טענער. דאָס זיינען די צוויי טיילן פון רייזענס קינסלערישער וועלט, דער טייל פון כלל אין זיינע דערציילונ־גען און טיילוויז אין לידער, און דער טייל פון יחיד און זיין אינטימער ליריק. זיי פאַרבינדט און פאַראייניקט איין טעמע, אַ טיף־מענטשלעכע און פאַרשטענדלעכע, דער אומעט פון לעבן.**

**אַן אייביקע טעמע. און אברהם רייזענס פיינע קליינע דערציילונגען און שטילע האַרציקע ליריק וועלן בלייבן לעבן.**

## II

**זעלטן ווען עס פּאַסט אַזוי דער הויכער טיטל „דיכטער פון פאָלק", ווי אברהם רייזענען. ער איז געקומען פון פאָלק און איז מיטן פאָלק גע־בליבן די גאַנצע 45 יאָר פון זיין שריפטשטעלערישער טעטיקייט. ער איז דער דיכטער פון דעם דיכטערס נויטן, דעם פאָלקס פריידן און דעם פאָלקס טרויער, פון זיין יום טוב און נאָך מער פון זיין וואָך, ווייל מיטן פאָלק איז ער אַלעמאָל. ער איז אין דעם אמתן און בעסטן זין אַ שריפטשטעלער און דיכטער פון דעם פאָלק און פאַרן פאָלק.**

געקומען איז רייזען אין דער נייער יידישער ליטעראַטור ווי אַ גרויסער אָנהייב. ער איז דער אָנהייב פון דער יידישער קינסטלערישער דערציילונג. ער איז אויך דער אָנהייב פון דעם יידישן קינסטלער. רייזען האָט אונז געגעבן דעם אָנהייב פון דער פּאָעזיע פון דעם יחיד, פון דעם איינצלנעם. אָבער זיין יחיד איז דערביי נאָר איינער פון דעם גרויסן כלל, פון פאָלק.

רייזען האָט ניט געשריבן וועגן כלל, ווי עס האָבן געטאָן מענדעלע און אַנדערע פאַר אים. ער האָט געפונען אַ וועג צו געבן אונז דעם כלל, אונזער פאָלק, אַלע מאָל דורך איבערלעבונגען פון יחידים. דעריבער האָט רייזען ניט אָפט געשריבן און האָט ניט געדאַרפט שרייבן קיין פאָלקס־הימנען, קיין אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַלע קאַמפּס־לידער, כאָטש ער איז דורך און דורך סאָציאַל, כאָטש ער איז אַלעמאָל מיטן פאָלק און אויף דער זייט פון זיין רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אָבער אָט זיינען עטלעכע סטראָפן פון רייזענס אַ „פאָלקס־הימן״, ווי ער אַליין רופט דאָס:

## אין די וויטסטע לענדער

אין די וויטסטע לענדער
זיינען מיר צעשפּרייט —
יעדער טייל אַ רינגל
אין דער לאַנגער קייט...
איצטער איז אונז טייער
גאָר די גאַנצע וועלט.
ס׳שטייט ביי וויטסטע ברעגן
אונזער אַ געצעלט...
וועלכע ליד מיר הערן,
איז באַקאַנט דער טאָן.
וועלכער טייך עס ריזלט,
ווייעט אַ בענקשאַפט אָן.
וועלכע פאָן עס פלאַטערט,
גריסט זי אונז באַקאַנט.
וועלכע שיף עס זעגלט —
צו אַ ברודערס לאַנד!

אויב איר ווילט געפינען ביי רייזענען עפּעס אַ פאָלקס־פּראָגראַם, האָט איר עס דאָ. קיין גענויערע פּונקטן, קיין פּאַרטיי־פּלאַטפאָרם זוכט ניט ביי אים. ער איז נאָר דער דיכטער פון פאָלק, ניט זיין פּראָגראַם־שרייבער.

אַזוי האָט אויך רייזען פון צייט צו צייט געוואָרפן צו „ברעכן די וואַנט", כאָטש ער האָט ניט געוואוסט גענוי, וועלכע טאַקטיק, וועלכע סטראַטעגיע מען דאַרף דערביי אָננעמען. ער האָט זיך אַמאָל געבייזערט אויף די „קירכן־גלאָקן" און האָט דערקלערט: „כ'האָב אַ נייעם גלאָק באַשאַפן", אויף אויפצו־וועקן די שקלאַפן; אָבער ער האָט זיך דערביי ניט פאַרגעשטעלט ריכטיק, וואו און ווי אַזוי מען דאַרף דעם דאָזיקן גלאָק זיינעם אויפהענגען און לאָזן קלינגען. רייזען איז בכלל ניט קיין גלאָקן־קלינגער, ניט קיין קאַמפס־פּאָעט. ער איז געקומען ווי אַ שטילער ליריקער און אַ דיכטער פון פאָלק, וואָס האָט געזען די לעבנס פון אַלערליי איינצלנע פאָלקס־מענטשן.

## דער פּאָעט פון אָרימקייט

רייזען האָט ניט פאַר אונז קיין פּראָגראַמען, אָבער זיינע „הוליעט, הו־ליעט, בייזע ווינטן", „אַ געזינד זאַלבע אַכט" און אַ סך אַנדערע שטילע, אומעטיקע געזאַנגען פון פאָלקס נויטן און ליידן, זיינען אַריין אין פאָלק און זיינען ביי אונזערע מאַסן ניט ווייניקער באַליבט, ווי די שענסטע און היל־כיקסטע קאַמפס־לידער:

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פריי באַהערשט די וועלט.
רייסט די בוימער, ברעכט די צווייגן,
טוט וואָס אייך געפעלט.

אין די און אין אַ סך אַנדערע פערזן האָט רייזען אויף אַ וואונדערלעכן אופן איבערגעגעבן אונזער פאָלקס טרויער און האָט באַלד פאַרנומען זיין פאַרדינטן אָרט אין די הערצער פון די פאָלקס־מאַסן. מען האָט רייזענען אויפגעוואָרפן זיין ווייכענדיקייט. אָבער אין דער צייט, ווען רייזען איז גע־קומען אין דער יידישער ליריק, האָט מען קיין אַנדערע טענער ניט געהערט. אין אַ. ליעסינס רעוואָלוציאָנערע לידער פון יענער צייט איז, אמת, קיין ווייך־נענדיקייט ניט געווען, אָבער וועגן פשוטער לעבנסלוסט האָט ליעסין אויך ניט געזונגען, און חוץ אַלעמען איז ליעסין געווען פאַר רייזענען, צו באַ־שטימט רעוואָלוציאָנער און אויך צו באַשטימט נאַציאָנאַל.

פון דער פאַרגאַנגענהייט האָט רייזען פאַרנומען דעם טיף־טרויעריקן קול פון היינריך היינע, — אַ צעריסענע, טראַגישע נשמה מיט תהומען פון צוויי־פלען און גיהנומס פון ליידן. רייזען האָט אָבער ניט געקאָנט אַזוי הילכיק לאַכן, ווי היינע. דער שטילער רייזען האָט אויך קיין מאָל ניט געפּרוּווט

פליען אין היינעס ראָמאַנטישע הויכן און האָט זיך קיין מאָל ניט געגומען פאַר פּאָליטישע און סאָציאַלע סאַטירע, ווי דאָס האָט געטאָן היינע. רייזען האָט ניט פאַרלאָזן די גרויסע אָרימע ערד פון יידישן פאָלקס־לעבן, פון וועלכן ער איז געוואָרן דער דיכטער אין דער מייסטערהאַפטער קורצער דערציי־לונג און אין פיינעם קורצן ליד.

אין רוסלאַנד ווידער האָבן זיך דעמאָלט נאָך געהערט דער יאָמערדיקער קול פון נאַדסאָן, וואָס האָט געוויינט אויף דער „ציטלאָזיקייט" און אויף דער באַענטקייט פון טויט, און דער געזונטער קול פון ש. פרוגן, וועלכער האָט אָבער געוויינט אויף דער יידישער נאַציאָנאַלער רעכטלאָזיקייט און הילפלאָזיקייט, און פון דער ווייטער אַמעריקע האָבן זיך דערטראָגן די טרויעריקע שטימען פון דעם „טרערן־מיליאָנער" ראָזענפעלדן, דעם שווינד־זיכטיקן עדעלשטאַטן און דעם וואַנזיניקן באָוושאָווערן, וועלכע האָבן אין לעבן געפונען ווייניק פרייד, וואָס זאָל כאָטש אַ ביסל פאַרטרייבן זייער טיפע מרה שחורה.

טרויער איז דעמאָלט געווען דער הערשנדיקער טאָן, און רייזען איז געווען נאָר אַ דיכטער פון זיין צייט. און טרויער איז געווען דער זיכער־סטער וועג צו געווינען דעם צוטרוי פון די מאַסן.

רייזען, אַש, נאָמבערג, פינסקי, קאָברין, — דאָס איז געווען דער יינגע־רער דור שריפטשטעלער נאָך פרצן און שלום עליכמען. פון זיי אַלעמען איז רייזען געבליבן דער געטרייסטער דער גרויער יידישערווירקלעכקייט, דער יידישער אָרימקייט. אַש, פינסקי, קאָברין האָבן געזוכט שטאַרקייט, שיינקייט און אידעאַלן אין יידישן לעבן. נאָמבערג האָט זיך פאַרטיפט אין דער נשמה פון דעם פאַראיינזאַמטן אינטעליגענט. רייזען אַליין איז געבליבן דער ריינער רעאַליסטישער שילדערער פון פאָלקס־מענטשן, אין זייער גאַנ־צער שאָטנדיקייט, אין זייער גאַנצער מאַטעריעלער און גייסטיקער אָרימ־קייט, וואָכעדיקייט און אומבאַהאָלפנקייט.

זייער אַ סך שלעכטע לידער און דערציילונגען און ראָמאַנען זיינען גע־שריבן געוואָרן און ווערן געשריבן וועגן אָרימקייט. אָבער אין דעם זיינען געוויס ניט שולדיק ניט די אָרימקייט און ניט די פּאָעזיע. וועגן אָרימקייט און אָרימע האָבן אויך די פיינסטע פּאָעטן פון דער וועלט געשריבן וואונ־דערלעכע פּערזן, וואָס וועלן ניט פאַרגעסן ווערן. ביים עכטן דיכטער קאָן אָרימקייט זיין אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל, און דאָס זעען מיר טאַקע ביי רייזענען. רייזענס אַ ליד און נאָך מער אַ דערציילונג זיינען אַלע מאָל עכט, פאַרמאָגן אַלע מאָל רייזענס פיינעם סטיל און חן, זיינען אַלעמאָל — ריי־זעניש.

## דער קלאַסיקער און דער שריפטשטעלער פון היינט

וווּ קום איך צו זינגען? פון וואַנען, מיין קינד?
ביי אונז האָט אין קוימען געברומט נאָך דער ווינט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

וווּ קום איך צו שיינקייט? פון וואַנען, מיין קינד?
דער וועג צו די פעלדער — דורך גויים און הינט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די פּאָר שורות זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר רייזענען און דעקן אויף זייַן באַזונדערע באַדייטונג פאַר דער מאָדערנער יידישער דיכטונג און ליטע־ראַטור. די זעלביקע קשיות האָבן אין יענע צייטן זיך געשטעלט אַנדערע דיכ־טער, און יעדער האָט זיי אַנדערש פאַרענטפערט. נאַדסאָנען האָט באַאומרו־איקט די שווערע, פינצטערע רעאַקציע אין רוסלאַנד, די אַלגעמיינע פינצ־טערניש פון דער אומגערעכטער וועלט, די הערשאַפט פון גוואַלד און די נאָענטקייט פון טויט. פרוגן האָט פאַרסמט יעדע פרייד דער פינצטערער יידי־שער גלות, די יידישע קנעכטשאַפט. עדעלשטאַט האָט געשריבן:

> ווי קאָן איך, ברידער, פרייליך זינגען,
> ווען האַס און קריג איז איבעראַל??

די אַלע דיכטער האָבן זיך באַרופן אויף מער אָדער ווייניקער דערוויי־טערטע סאָציאַלע סיבות. רייזען אָבער ווייזט אָן אויף נאָענטע, פּערזענלעכע ממשותדיקע אומשטאַנדן. רייזען האָט געבראַכט דאָס אמת פּערזענלעכע אין דער יידישער דיכטונג און אין דער יידישער ליטעראַטור.

רייזען איז אין זיין פיינער קונסט זייער איינפאַך, ווי עס איז איינפאַך דאָס לעבן, וואָס ער מאָלט. ווי אַן עכטער קינסטלער, שטעלט ער זיך ניט אַפּריער קיין שום אויסערלעכע סאָציאַלע, טעאָרעטישע אויפגאַבן. זיין איינ־ציקע אויפגאַבע איז אַלע מאָל איבערצוגעבן דעם ריינעם אמת. רייזען נעמט ניט קיין שרייענדיקע טראַגעדיעס. זיינע מענטשן זיינען פּשוט, געוויינלעך, ניט העלדיש. אַלטעגלעך זיינען זייערע זאָרגן און גרוי זייערע נשמה איבער־לעבונגען.

דער רעאַליסט רייזען פאַרמאָגט איין אייגנשאַפט, וואָס איז פאַר אים באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש. פאַראַן ביי אונז שריפטשטעלער, וואָס זיינען צו זייערע מענטשן גלייכגילטיק; פאַראַן אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן זייערע העלדן פיינט. רייזען האָט ליב אַלע מענטשן, וועלכע ער מאָלט פאַר אונז אויס. ער דעקט אויף פאַר אונז אַלע זייערע קליינלעכקייטן, זייער גאַנצע נישטיקייט, גייסטיקע אָרימקייט. אָבער דערביי וועקט ער אויף אין אייך אַ וואַרים גע־פיל, קיינמאָל ניט קיין האַס אָדער עקל צו זיי.

ווער ווייס, ווי אומהיימלעך עס ווערט אַמאָל דעם דיכטער רייזענען, ווען ער מאָלט פאַר אונז די בילדער און בילדלעך פון דער אויסגאַנגלאָזיקייט, טרויער און פאַרצווייפלונג. אָבער איר פילט דאָ אומעטום דעם ליבן גוטמוטיקן שמייכל אָדער די שטילע, פיינע איראָניע פון דעם דיכטער, אייך איז נאָר ניט אומהיימלעך צווישן אָט דער אויסגאַנגלאָזער מענטשלעכער נויט און עלנט.

אָן קיין שום קינסטלערישקייט גיט אונז רייזען די געשטאַלטן, וואָס לעבן אין אים. עטלעכע שטריכן — און זיי בלייבן שוין לעבן אויך פאַר אונז. אָט די פרישע, פשוטע קונסט פון רייזענס קורצער דערציילונג בלייבט פאַר אונז פריש, ווען פאַרשיידענע ליטעראַרישע מאָדעס קומען און פאַרגייען. אָפטמאָל איז אָבער רייזען מאָדערן אויך אויסערלעך. אָט איז ביי אים פאַראַן אַ דערציילונג „מען קויפט ניט". דאָס איז אַ טרויעריקע געשיכטע וועגן אַן אומגליקלעכער פּראָסטיטוטקע, וואָס שטייט און פרירט אַ גאַנצן ווינטערדיקן טאָג אויפן גאַס און געפינט ניט קיין קונה. רייזען נעמט דאָ ניט קיין שום טראַגישן, פּאַטעטישן טאָן. אפשר וואָלט אַ קאָראָלענקאָ, אַ טשעכאָוו, צי אַן אַנדרעיעוו באַטיטלט אַזאַ דערציילונג אַנדערש, — לאָמיר זאָגן, „ס'איז קאַלט", אָדער מיט אַן אַנדערן נאָמען. רייזען דערנענטערט זיך דאָ אַפילו צו דער נאַטוראַליסטישער דירעקטקייט פון דער מאָדערנער, נאָך־מלחמהדיקער ליטעראַטור.

מיט דעם אַלעמען איז אברהם רייזען ניט נאָר דער קלאַסיקער, ניט נאָר דער גרויסער אָנהייב ביי אונז אין דער ליריק און אין דער פיינער קורצער דערציילונג, נאָר ער בלייבט אַ לעבעדיקער, ווירקנדיקער כוח אין דער יידישער ליטעראַטור פון היינט.



# בעל־מחשבות, דער קריטיקער

עס איז שוין געוואָרן אַ פערטל יאָרהונדערט, זינט עס איז אין קאָוונע געשטאָרבן דר. איזידאָר עליאַשעוו. באַרימט אין דער ליטעראַרישער וועלט מיט זיין פּען־נאָמען בעל־מחשבות. און ווען זיין שווערע 12 יעריקע קראַנקייט וואָלט אים ניט אומגעבראַכט צו 51 יאָר און ער וואָלט נאָך איצט געווען מיט אונז, וואָלט די גאַנצע יידישע ליטעראַטור געקאָנט פייערן 50 יאָר פון זיין שריפטשטעלערישער אַרבעט. וואָרים אין 1899 האָט בעל־מחשבות אָפּגעדרוקט זיין ערשטן קריטישן אַרטיקל, וועגן מאָריס ראָזענפעלד, אין דער צייטשריפט „דער יוד", אונטער דער רעדאַקציע פון זיין פריינט דר. יוסף לוריא, וועלכער האָט אים דעמאָלט „מיט געוואַלט אַריינגעצויגן צווישן זיינע מיטאַרבעטער".

דעם דר. לוריא האָבן באַוועגט מאָטיוון פון אַ פריינט, וואָס האָט געוואוסט דר. עליאַשעווס פּעאיקייטן און מעגלעכקייטן, און פון אַ נאָר וואָס געוואָרענעם רעדאַקטאָר פון דער באַוואוסטער וואָכנשריפט. אָבער אומבאַוואוסטזיניק איז דאָ דר. לוריא געווען אַ געצייג, אַ שליח פון דעם גורל פון דער יונגער יידישער ליטעראַטור.

בעל־מחשבות איז צו דער יידישער ליטעראַטור געקומען פון דער מערב־אייראָפּעאישער קולטור, כאָטש אַ שטאַרק־נאַציאָנאַלער ייד, אַ דעמאָקראַטישער ציוניסט מיט טיפע וואָרצלען און אַ טיפן צובונד צו זיין פאָלק. ער האָט צוערשט זיך געפילט אין דער יידישער ליטעראַטור ווי אַ פרעמדער, און ער האָט ניט אומזיסט דעמאָלט אויסגעקליבן אַ פּסעוודאָנים גר צדק. און ווי פיין, מחיהדיק פאָלקסטימלעך עס איז ניט געווען זיין יידישער לשון, זיינען נאָך אַ לאַנגע צייט געבליבן אין אים שפּורן פון דייטש.

אָבער די יידישע ליטעראַטור האָט דעמאָלט געמוזט האָבן בעל־מחשבותן. אָט די פיינסטע פּערזענלעכקייט, מיט די מידות און מאַנירן פון דער שיינער ברייטער וועלט און דעם פיינעם און טיפן געפיל פאַרן אייגענעם פאָלק, גראָד אָט די סענסיטיווע פּערזענלעכקייט מיט דעם פיינעם, איך וואָלט געזאָגט, קאָוונער געמיט, מיט זיין ברייטן און טיפן בליק, מיט זיין הומאָר און צייטנווייז איראָניע, — אָט די פּערזענלעכקייט האָט די מיטאַמאָל אויסגעוואַקסענע יידישע ליטעראַטור דעמאָלט געדאַרפט האָבן.

מענדעלע, שלום־עליכם, י. ל. פּרץ האָבן שוין דעמאָלט געהאַט געזאָגט זייער וואָרט, און עס איז שוין געוואַקסן אַ יונגער דור נאָכגייער זייערע, ווען דר. איזידאָר עליאַשעוו איז „אַריינגעצויגן געוואָרן מיט געוואַלט ווי אַ מיטאַרבעטער". עס זיינען נאָך אָבער אַלץ געווען איינצלנע שרייבער און ניט קיין איינהייטלעכע נאַציאָנאַלע ליטעראַטור. די ליטעראַטור האָט גע־וואַרט אויף אימיצן, וואָס זאָל זי באַלייכטן מיט זיין שטאַרקן ליכט, פאַר־איינהייטלעכן זי, אַרויסברענגען זי צום שיין פון טאָג און צום לעבן, און דאָס מיינט טיילוויז זי צו העלפן באַשאַפן. אָט די אַרבעט האָט דער נייער „גר" באַלד גענומען טאָן און האָט דאָס אין אַ קורצער צייט דורכגעפירט. ניט אַנדערש, אַז דער גורל פון דער יידישער ליטעראַטור האָט געפירט זיין פעדער.

נאָך בעל־מחשבותס קריטישע אַרבעטן איז שוין פאַר די אויגן פון דער וועלט געשטאַנען אַ יונגע, קרעפטיק־איינגעוואָרצלטע נאַציאָנאַלע לי־טעראַטור. נאָך פּרצן איז בעל־מחשבות דער וויכטיקסטער אָרגאַניזירער פון דער יידישער ליטעראַטור.

ווען בעל־מחשבות האָט שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט זיינע ערשטע קרי־טישע אַרעבטן, האָט נאָך אַפילו שלום־עליכם גערעדט און, זיך ווי פאַר־ענטפערט פאַר דעם „זשאַרגאָן". אָבער נאָך בעל־מחשבותס אַרבעטן וועגן מענדעלען, שלום־עליכמען און פּרצן האָט שוין ביי קיינעם ניט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַ „זשאַרגאָן". פאַר דער יידישער אינטעליגענץ און פאַר דער ניט־יידישער וועלט איז אויפגעשטאַנען אַ מאָדערנער לשון מיט אַ מאָ־דערנער ליטעראַטור.

אַלע פּראָבלעמען פון פאָלק האָט בעל־מחשבות געזען און דורכגע־טראַכט ביזן סוף און דערנאָך מיט אַ מערקווירדיקער קלאָרקייט און אויס־פירלעכקייט איבערגעגעבן אין זיינע אַרטיקלען און עסייען, אַלע מאָל מיט זיין פיינעם געפיל פון מאָס, טאַקט און חוש פאַר הומאָר און מיט דעם באַ־זונדערן חן פון זיין האַרמאָנישן געמיש פון וועלטלעכקייט און פאָלקסטימ־לעכקייט.

בעל־מחשבות איז געווען איין איינציקער אין זיין מין, ווי אַ יידישער (ניט קיין העברעאישער) ציוניסט. ער האָט ביזן סוף דורכגעטראַכט די פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלער שפּראַך ביי יידן, און ער האָט איינגעזען און אויספיר־לעך געוויזן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז און וועט מוזן זיין אַ צווייִשפּראַכיק פאָלק, יידיש און העברעאיש.

ווי אַ קריטיקער, איז בעל־מחשבות געווען און האָט דעמאָלט געדאַרפט זיין דער עיקר אַ תלמיד פון דעם פראַנצויז איפּאָליט טען, און ווייזנדיק דעם צובונד און די טיפע שייכות פון ליטעראַרישע דערשיינונגען מיט דער סביבה

און ראַסע און צייט, האָט ער דורכגעפירט אַ העכסט וויכטיקע אַרבעט; וואָרים ער האָט אויפגעוויזן, אַז יידישע ליטעראַרישע ווערק זיינען ניט קיין צופעליקע פלאַנצן אויף אָנגעטראָגענער ערד, נאָר זיינען אָרגאַניש אַרויס־געוואַקסן פון דער ערד פון פאָלקס לעבן.

אָבער בעל־מחשבות האָט אויך געקאָנט אַריינגיין אין די קדשי־קדשים פון אינדיווידועלן שאַפן און אין דער טיפעניש פון דער אינדיווידועלער פסיכאָלאָגיע פון אַ שריפטשטעלער און בעל־מחשבות האָט אויך אין אַ הויכער מאָס פאַרמאָגט אַ חוש פאַר עסטעטישע ווערטן. ביי בעל־מחשבותן פילט איר אַלע מאָל אַזאַ דערפרישנדיקע אויפריכטיקייט און אינטימקייט. ער האָט געקאָנט האָבן אַ טעות אין דער אָפּשאַצונג פון דעם אָדער יענעם שריפטשטעלער אָדער ווערק. אָבער, אַז ער האָט איינגעזען זיין טעות, האָט ער גערן זיך מודה געווען אין דעם. ניטאָ ביי בעל־מחשבותן קיין פאַלשער טאָן, קיין אויפגעשרויפטער פאַטאָס אָדער צאָרן אָדער מיסטיק. ער וויל קיינמאָל ניט אויסזוייזן טיפזיניקער ווי ער איז. זיין הומאָר איז קיינמאָל ניט קיין הילצערנער, ער גייט קיינמאָל ניט אויף שטאָלצעס און האָט ניט קיין שום געמאַכטע עפעקטן. צו דעם אַלעמען איז ביי אים געבליבן אַ ווידערווילן אויף אַלעמאָל פון זיין אומגליקלעכער יינגלישער דערפאַרונג אין אַ מוסר־ישיבה.

פון דעמאָלט אָן האָט בעל־מחשבות קיינעם ניט געזאָגט קיין מוסר, נאָר האָט געקוקט אויף אַלץ מיט אַן אומעטיקן שמייכל. ווען מען האָט געדאַרפט אָנווייזן אַ שרייבער, אַז ער איז עפּעס אַראָפּ פון זיין אייגענעם וועג, האָט דאָס בעל־מחשבות געזאָגט דירעקט. עס האָט געקענט טרעפן, אַז ער זאָל אויף אַ ליטעראַרישער דערשיינונג ווערן בייז, כאָטש דאָס איז זעלטן געשען; אָבער אַלע מאָל איז געווען אויבנאויף זיין טיף־ערנסטע כוונה פון דעם קלוגן און טאַקטפולן מדריך פון יונגע שריפטשטעלער.

מיט אַ וואונדערלעכער באַשיידנקייט און מיט קלוגשאַפט און עלעגאַנץ האָט בעל־מחשבות ערלעך און געטריי געדינט דעם יידישן וואָרט.

* * *

ניט לאַנג איז געווען בעל־מחשבותס יידישע שריפטשטעלערישע קאַר־יערע, סך־הכל 25 יאָר. אין יאָר 1923, ווען אַ קאָמיטעט פון יידישע שרייבער האָט אים געמאַכט אַ יובילײ־פייערונג, האָט ער שוין געהאַלטן ביים שטאַרבן. דעם אויפרוף צום יובילײ האָבן אונטערגעשריבן דוד איינהאָרן, שלום אַש, דוד בערגלסאָן, שמעון דובנאָוו, לאַצקי, ה.ד. נאָמבערג, י. י. ריבאַק, מאַרק שאַגאַל, נחום שטיף. אין דעם אויפרוף איז געשטאַנען: „ער האָט מיט זיינע אַרבעטן געהאָלפן די יידישע קינסטלער זיך צו דערהייבן ביז צו דער מדרגה פון נאַציאָנאַלן שאַפן, ביז צו דער קלאָרקייט פון אונזער פאָלק־באַוואוסטזיין,

כדי מיר זאָלן דערפילן אין די טשיקאַווע איינצל־דערשיינונגען דעם לעבע־דיקן אָטעם פון אַ גאַנצן נאָרמאַלן אָרגאַניזם".

און חיים נחמן ביאַליק האָט אין זיין באַגריסונג צום יובילײ געזאָגט, אַז בעל־מחשבות איז „אַ געטרייער באַגלייטער פון די בעסטע און שענסטע באַנייער פון אונזער ליטעראַטור, אַליין אַ פייערלעכער מבשר פון אירע נייע וועגן און מעגלעכקייטן"...

אין אַ באַריכט, וואָס דער פאַרשטאָרבענער קאָוונער זשורנאַליסט י. א. לייזעראָוויטש האָט געהאַט אין „פאָרווערטס" וועגן בעל־מחשבותעס טויט און לויה, וואָס די קאָוונער קהלה האָט אויף זיך גענומען און אין וועלכער די גאַנצע שטאָט איז געווען באַטייליקט, גיט ער וועגן בעל־מחשבותן ביאָ־גראַפישע איינצלהייטן. וועגן דעם אָנהייב פון בעל־מחשבותעס קאַריערע שרייבט ער:

„עליאַשעוו, דער רייכער סטודענט פון דער היים, ר' זאַלקינד עליאַשעוו און חיה שרה זאַלקינדס אַ זון, איז נאָך גאָר יונג געוואָרן אַ סאָציאַליסט. די ערשטע זאַכן וואָס ער האָט געדרוקט, זיינען געווען צייט־אַרטיקלען און ליטעראַרישע נאָטיצן אין דייטשע סאָציאַליסטישע זשורנאַלן. און ווען דר. עליאַשעוו איז געקומען צום ציוניזם, איז ער צוגעטראָטן צו דער באַוועגונג מיט ספקות און מיט טענות, וועלנדיק אַריינגעבן אַהער וואָס מער פאָלק־גייסט, וואָס מער מאָסן־נשמה, וואָס איז ניט אַלע מאָל געפעלן געוואָרן די ציוניסטישע אָנפירער. זיי האָבן זיך שטענדיק באַצויגן צו אים מיט גרויס ליבשאַפט, צוליב זיינע סימפּאַטישע אייגנשאַפטן, אָבער מיט נאָך מער פאַר־זיכטיקייט.

„דר. עליאַשעוו האָט ליב געהאַט די יידישע גאַס, זיין אייגענע יאַט־קאָווער גאַס, ניט נאָר ווייל ער איז דאָרטן געבאָרן געוואָרן. ער האָט זי ליב געהאַט, ווייל ביי איר גאַנצער אָרימקייט, האָט ער אין איר אַנטפּלעקט אַ סך פאַרבאָרגענע שיינקייט. מיט דעם אונטערשיידט ער זיך פון אַ סך יידי־שע אינטעליגענטן פון זיין צייט, וועלכע פלעגן נאָך זייער שטודיום אין די אוניווערסיטעטן אַראָפּקומען פון די ווייטע „אויסלאַנדס" צוריק צו דער יידישער גאַס. אויב יענע פלעגן זיך נאָך אַמאָל אינטערעסירן מיט דער יידישער גאַס, ניט בלויז צוליב קאַריערע, פלעגן זיי שטענדיק קומען לער־נען, בילדן „די אָרימע און פינצטערע ברידער און שוועסטער".

„עליאַשעוו איז צוריק אַראָפּגעקומען פון היידעלבערגער און בערנער אוניווערסיטעטן אין יאַטקאָווער גאַס, זיך אַליין צו לערנען, זיך אַליין צו בילדן ביי „די אָרימע און פינצטערע ברידער און שוועסטער". ער האָט אָנ־געהויבן שרייבן יידיש אונטערן פּסעוודאָנים „גר צדק", ווייל ער האָט זיך טאַקע באַטראַכט פאַר אַ גר, וואָס קומט ניט אַנדערע צו לערנען, נאָר, דער

עיקר, צו לערנען זיך אַליין. זיין שיינער געשמאַק, זיינע לעבנס־באַגריפן זיינען אין די סטודענטן־יאָרן אין דייטשלאַנד, און אין דער שווייץ געוואָרן אַ ביסל גויאישע, איז ער געקומען אָנזאַפן זיך פון דאָס־ניי מיטן יידישן געשמאַק.

„קיינמאָל וועט קיינער ניט קענען גוט פאַרשטיין בעל־מחשבותן, אויב ער וועט זיך ניט באַקענען מיט זיין געבורט־שטאָט קאָוונע פון פופציק יאָר צוריק, מיט דער יאַטקאָווער גאַס און מיט דעם הויז, וואו ער איז געבאָרן געוואָרן.״

און וועגן זיין לעצטן אומקער אין זיין קאָוונע שרייבט לייזעראָוויטש:

„ער איז צום לעצטן מאָל קראַנק געוואָרן אין בערלין, און דאָקטוירים האָבן אים געהייסן אַוועקפאָרן קיין סאַן רעמאָ, אין איטאַליע. ער האָט זיי גע־פאָלגט. אָבער דאָ איז אים פלוצלונג באַפאַלן אַ שרעק: טאָמער זיינען שוין דאָס די לעצטע וואָכן... וועט ער דאָ שטאַרבן?... יאָ, די זון איז דאָ, אין סאַן רעמאָ, אַזוי שיין, און די בערג זיינען וואונדערבאַר — אָבער עס איז ניט גוט צו לעבן אָן אַ היים און נאָך ערגער צו שטאַרבן אָן אַ היים...

„און בעל־מחשבות האָט זיך פלוצלונג אויפגעהויבן, זיך אָפגעזעגנט מיט איטאַליע און מיט סאַן רעמאָ און געקומען אויף גיך קיין קאָוונע, צו דער יאַטקאָווער גאַס, וואו זיין קינדער־וויגעלע איז געשטאַנען.״

* * *

נאָכן טויט פון גרויסן יידישן קריטיקער האָט אַ קאָמיטעט, מיט ש. דובנאָוו און דר. אהרן שטיינבערגן אין דער שפּיץ, געוואָלט טאָן דאָס, וואָס דער קראַנקער שריפטשטעלער האָט ניט באַוויזן צו טאָן: אַרויסגעבן זיינע אַרטיקלען און עסייען, אַ סך פון זיי זייער ווערטפולע, וואָס זיינען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע אַלטע צייטשריפטן אָדער זיינען געבליבן אין מאַנוסקריפּט.
(„פאָרווערטס״, מערץ 5, 1950)

# יוסף ראָלניקס וועג אין דער יידישער פּאָעזיע

עס איז געוואָרן 20 יאָר זינט יוסף ראָלניק האָט פאַרעפנטלעכט זיינע ערשטע לידער, און דרייסיק יאָר זינט ער האָט אַרויסגעגעבן זיין ערשטע לידער־זאַמלונג „אויפן זאַמדיקן וועג". פון זיינע ערשטע לידער און פון יענעם ערשטן ביכל און ביז דער נאָר־וואָס אַרויסגעגעבענער זאַמלונג, „אַ פענצטער צו דרום", האָט דער דיכטער דורכגעמאַכט אַ גרויסן מהלך.

ראָלניקס וועג אין דער יידישער דיכטונג ליגט פון אויבן־אויף אין זיינע לידער. וואָרים פון די ערשטע לידער אָן האָט זיך ראָלניקס ליריק אויסגעצייכנט מיט די פונדאַמענטאַלע גרויסע מעלות: אויפריכטיקייט, פּשטות און געצאַמטקייט; און די דאָזיקע דריי אייגנשאַפטן האָבן זיך ביי ראָלניקן אַלץ מער פאַרפולקאָמט און פאַרטיפט. פון איין בוך זיינעם ביזן צווייטן קאָנען מיר אָנמערקן נייע געווינסן אויף אָט דעם וועג, וואָס ראָל־ניק גייט אויף אים די גאַנצע צייט און זאָגט אונז צו צו גיין אויף אים ווייטער.

צוזאַמען מיט דער גרויסער אויפריכטיקייט, פּשטות און געצאַמטקייט, וואָס גיבן ראָלניקס ליריק אַ באַזונדערן ווערט, פאַרמאָגט ער אַ גרויסע עשירות פון אינטימען לעבן אין דער וועלט פון זאַכן און מענטשן, אַז זייער אַ סך פּאָעטן מעגן אים מקנא זיין; און ער פאַרמאָגט אַן אייגענעם טאָן און באַציאונג צו דער וועלט, מיט וואָס גאָר ניט קיין סך פּאָעטן קאָנען זיך באַרימען.

ער האָט אַמאָל געשריבן:

מיינע ימען זיינען שטילע,
מיינע שיפן גייען ווייט:
מיינע שיפן וועלן קומען
אין דער רעכטער צייט.

און איצט, אין אַ פערטל יאָרהונדערט אַרום, אין זיין לעצטן בוך, האָבן מיר אַן אינטערעסאַנטע עכאָ פון יענעם ליד אויף דער זעלביקער טעמע, אַ

מעדיטאַציע וועגן אייגענעם דיכטערישן גורל, אָבער פאַרטיפטער און מיט אַ פאַרפיינערטער מאָדערנער טעכניק:

איך בין אָנגעקומען אויף אַן אַמאָליקן שטעג,
אָן אַ זייט פון ברייטן וועג;
און כאָטש איך גיי אים איינער אַליין,
איז מיר ניט אומעטיק צו גיין.

עס גייען מיט מיר אין מיין זכרון
דער געלער ווייץ און ברוינער קאָרן,
וואויל־שמעקעדיקע קאָפּעס היי,
און טרויִלעך־וואַרעמער שניי.

מיטן ברייטן וועג גייען מלחמה־לייט,
איך גיי אָבער פון דער זייט.
עס בריאַזגען אויף זיי פּאַנצער און שווערד —
ווי שטילער וואַסער שווימט מיין ערד.

אָנשטאָט די אַמאָליקע אַ ביסל צעשוואומען־סימבאָליסטישע „שיפן", האָבן מיר דאָ די קאָנקרעטערע „ערד".

ראָלניק האָט אַ גאַנצע רייע אַזעלכע עכאָס ניט נאָר פון אַמאָליקע צייטן, נאָר אויך פון אַמאָליקע לידער. אין „אַ מאַרק", למשל, אין דער ערשטער גרעסערער לידער־זאַמלונג (1915), אין דער סעריע „אַרום מיל", האָט ער געהאַט אַזעלכע סטראָפן:

פון דאַוונען גייט אַן אַלטער ייד,
אין האַנט אַ שווערער שטעקן;
פון בוזעם סטאַרטשען אים אַרויס
אַ רויטער טיכלס עקן.

ער טראָגט זיין טלית־זאַק און טרעט
פּאַוואָליע, מיט בטחון.
אַ מאַרק אַזאַ — קיין בייזע אויג! —
שוין ניט געווען זינט יאָרן.

און חדר־קינדער לויפן דורך,
פּאַרקאַמט און איינגעוואַשן;
זיי האַלטן ברויט און קעז, און אויך
אַ גרעשל צו פּאַרנאַשן.

און לאַנג האָט זיך דער וועג־שנור
און אָן אַ שיעור געצויגן.
דער הימל הענגט אי ברייט, אי ווייט:
עס בלענדט די זון די אויגן.

אַ גויטשיק פירט אַ שוואַרצע רינד
ביים וואָגן אויף אַ שטריקל.
אַ מעקלער קומט און שטעלט אים אָפּ:
וואָס ווילסטו פאַרן „שטיקל״?

ער טאַפּט די ראָזע אייטער אויס,
ער פרעגט אים: „וויפל יאָרן?״
„צייל איבער, — ענטפערט אָפּ דער גוי, —
אַ קאָרבן אויפן האָרן״.

**און אין זיין לעצטער לידער־זאַמלונג קערט זיך ראָלניק אום צו דער טעמע אין „אַ יאַריד״:**

אויגן און פּיס ווערן גיך מיד
אין דעם פאַרנאַכט פון ערב יאַריד.
מיר גייען אַרויס אויף די זאַמדיקע וועגן
די הויכע אָגערס און קליאַטשעס אַנטקעגן.
זיי קומען אָן פון אַלע פיר זייטן,
פון נאָענטע דערפער און פון ווייטע —
מיט גריוועס צעבאָרשטן, קעפּ אין דער הייך,
העלדזער פון וואוילטאָג אויסגעבויגן,
מיט דינע פּיס און קלוגע אויגן
און פון די נאָזלעכער שלאָגט אַ רויך.

הינטער מיט היי־באַלאָדענע פורן
צוואַלעוועט פערד פון אַלע קאָלירן:
פעלן — אין גאָלדענע עפל, אַפּריקאָסן,
פעלן — אין זילבערנע טאָלערס געגאָסן;

פערד שוואַרצע ווי טינט אַ בלוילעכן שיין,
און מערער פון אַלע פערד — רויטער ווײַן.
זיי פלעכטן די פיס און גראַבלען די ערד
מיט שאַרפע נעגל און הייבן אויף
אַ דינעם שטויב צו די בײַכער אַרויף.

מיר גייען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרום.
די הײַזער שטייען אומעטום
מיט אָפענע טירן, באַלויכטענע ווענט,
די גאַסן וואַלטן, מיט אויגן און הענט,
יעדן גוי און ייִד, וואָס איז געקומען
צום יאַריקן מאַרק, אויפגענומען.

דער מאַלער לעוויטאַן האָט ליב געהאַט אָנצושרײַבן אויף איין טעמע עטלעכע לייוונטן. ער האָט געזוכט אַ פולקאָמערע פאָרם. ראַלניק שרײַבט איבער לייוונטן אין אַ צײַט אַרום; אָבער מען מוז צוגעבן, אַז אויב די שפּעטערדיקע סטראָפן דאָ האָבן אפשר אַ פּאַסיקערע פערז־מאָס, איידער אין דער אַמאָליקער פּאָעמע, האָבן אָבער יענע אַלטע סטראָפן בשום אופן ניט פאַרלוירן זייער פרישקייט.

דאָס איז באמת געווען אַ גבורה צו האַלטן זיך פערציק יאָר נאָכאַנאַנד אויף דעם אייגענעם וועג און ניט אָפּצואווייכן פון אים אונטער די בײַטשן פון דער ליטעראַרישער מאָדע. דאָס עכטע, וואָס נײַע פּאָעטישע פּירונגען און דערפינדונגען האָבן געבראַכט, איז ראַלניקן ניט פאַרבײַגעגאַנגען אומ־באַמערקט. ראַלניק האָט דאָס אָבער קיין מאָל ניט אויפגעכאַפּט אויבער־פלעכלעך און באַלד פאַראייניקט אין נאָכמאַכונגען; ער האָט דאָס אויפגענומען פאַרזיכטיק, ווי אַ קלוגער פאַכמענטש, און אַסימילירט, און איז פון דעם פּראָצעס אַרויסגעקומען — דער זעלביקער ראַלניק, מער ניט אַביסל מער פאַרטיפט.

אין איין זאַך גליקט אונזער ראַלניקן אָפּט מאָל ניט אָפּ: אין שרײַבן „הויכע״ פּאָגראָם־לידער און „אַלוועלטלעכע״ דעקלאַראַציעס. די וועלט פון זײַן פּאָעטישן באַנעם איז אַ וועלט פון איינצל־געשטאַלטן און איינצל־זאַכן. שרײַבן פּראָגראַמען איז ניט זײַן באַרוף, און ער מעג דאָס איבערלאָזן פאַר פערזן־שרײַבער, וואָס פאַרדעקן מיט דעם זייער ניט־זײַן. זײַנע „דע־קלאַראַציעס״ און „פּראָגראַמען״ קומען אַרויס צו נאַאיוו פאַר אים. ווען ער דערקלערט אַמאָל אין פײַנע קלינגענדיקע שורות, אַז ער איז די שטיל־קייט אַליין און אַנדערע זײַנען טומלדיק, דערמאָנט דאָס אָן דעם פאָלק־וויץ

וועגן דעם פּאָלק סאָלדאַטן, וואָס שרייט „שאַ!" פאַר דעם פּאַלאַץ, וואו דער קייזער שלאָפט. און ווען עס פאַרווילט זיך אים אַמאָל אויפצוהייבן אַ „קריג קעגן דער וועלט", איז ער פאַר דעם צו געמיטלעך, און עס מוז זיך באַקו־מען אַ קליינע אַלטעגלעכע געשיכטע, אַ קריגעריי מיט מענטשן; וואָרים, ווי אַן עכטער פּאָעט, מאַכט ער יום־טוב פון אַלטאָג, און זיין יום־טוב מוז האָבן די ראַם פון אַלטאָג.

דער וועג פון דעם פולבלוטיקן רעאַליסט ראַלניק איז ניט קיין זייטי־קער, מעג ער אַליין ליב האָבן וועגן דעם צו רעדן. ווען ער זאָל שרייבן לבנה־לידער, וועט דאָס פאַר אים ניט זיין כאַראַקטעריסטיש. ראַלניק גייט אויפן ברייטן, גרויסן וועג פון דער דיכטונג ביי אונז און ביי אַנדערע אומות.

יוסף ראַלניק איז גאָר ניט קיין קרוב לעךמאָנטאָווס פאַרוואָגלטער נשמה, וועמען די ערד איז פרעמד. און ראַלניק גאַרט אויך ניט נאָך דער פולער שטילקייט און מיסטישער רו פון רילקען, דעם שטילסטן פון אַלע פּאָעטן. ראַלניק איז ניט קיין מיסטיקער און ניט קיין סימבאַליסט, נאָר אַ פיינער רעאַליסט, און מיט דעם איז ער נאָענט צו אונזער פּאָעטישער צייט. דורך לידער גייט ראַלניק, ווי מיר אַלע, פון דער גרויסער אַליינקייט, וואָס רופט זיך קינדהייט, צו דער אַלץ טיפערער און באַזינטערער אַליינקייט אין לעבן פון דערוואַקסענעם מענטשן.

ראַלניקס פערזן צייכענען זיך אויס מט זייער טיפער פּאָעטישער ער־לעכקייט; און די גרויסע ראַנגלעניש אין אים איז צו אַלץ פולערער אַנט־פּלעקונג פון זיך אַליין. ער קאָן ניט אויסקומען אָן דער וועלט פון מענטשן, אַפילו ווען ער מיינט אַמאָל, אַז ער דאַרף זיך קריגן מיט דער וועלט.

פאַראַן פּאָעטן, וואָס זיינען צופיל „מיר". פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס האַלטן אין איין דעקלאַרירן זייער „איכיקייט" און די גרויסע ליבע צו זייער אַליינקייט; זיי האַלטן אין איין וואָרענען אייך: דאָ איז „איך", טרעט ניט אַריבער מיין גבול.

ראַלניק אָבער ציט זיך צו אַן אַנדער מין פּאָעטן, וועמענס וואַסערן זיינען רואיקע און וועלכע נייטיקן זיך ניט אין קיין שום דעקלאַראַציעס. אַריבער זייערע ברעגן הייבן זיך אָן, פון איין זייט, די פּוסטע מילן פון „סאָציאַלער" מליצה, און פון דער אַנדערער — די מדבריות פון אויסגע־מוחטע „ליידנשאַפטן" און „שטעלונגען", פון ניט־געזעענעם, ניט־געהערטן, ניט־געפילטן, ניט־געלעבטן און אַפילו ניט־געטראַכטן. ראַלניק ציט זיך צו יענער פּאָעזיע, וואָס האָט ממשותדיקע וואָרצלען.

ביים נאָכמאַכער וועט די קונציקסטע שורה בלייבן אַ פאַלשער די־מענט. דער נאָכמאַכער וועט זיך באַהאַלטן פון אייער בליק אָט הינטער אַ

פאַן און אַט הינטער אַ בוים, ווי עס וועט זיך אים לוינען, נאָך זיין נאַרישער אויסרעכענונג.

ראַלניק האָט געקאָנט ווערן באַאיינפלוסט, אָבער קיין נאָכמאַכער וועט ער קיין מאָל ניט זיין. אויף זיין אָפענער פּאָלירטער שורה וועט זיך אָנזען יעדע קליינע פּגימה, אָבער ווען ראַלניק רעדט וועגן אַ בוים, אַ שטיין (פאַראַן ביי אים אַזאַ פיין ליד), אַ פערד, בי אַ מענטשלעכער געשטאַלט, וועלן די רייד, די ווערטער זיין זיינע, אַט די געשטאַלטן וועלן זיין ביי אים ניט קיין מליצה. זיין פּנים וועט ביי אים זיין אַ לעבעדיקע זאַך, וואָס ער שפּירט און קען אינטים און ווייסט איר ווערט און ניצלעכקייט, ווייל ער לעבט אינטים מיט דער ערד. ראַלניק איז איינער פון די פאַרוואָרצלטסטע יידישע דיכטער.

ער גיט אייך דעם ריכטיקן אמת פון זאַכן און מענטשן. און ווי באַ־קליידט דער דאָזיקער אמת איז אין זיינע סטראָפן! זיינע שורות האָבן אַ באַזונדערע ראַלניקשע מוזיק און בייטיקן זיך ניט אין קיין שום אויסערלע־כער באַפּוצונג.

און אין זיין לעצטער עקסקורסיע צום אָרט פון זיין קינדהייט, ווי ניט איינמאָל פריער, איז ער דערגאַנגען צו טיף־אינטימע זעאונגען, וואָס זיי־נען געוואָרן אַלמענטשלעך און האָבן פון זיך אַליין באַקומען אַ סימבאָלישן קלאַנג. אַזעלכע זעאונגען זיינען זיין פרייד און אונזערע. זיין לעצט בוך, פול מיט פּרעכטיקע פרישע בילדער, איז אַ באַווייז פון דעם לעבעדיקן קוואַל אין אים, וואָס וועט אונז געבן נאָך אַ סך פרייד און וואונדער פון ליד.



# דער פּאָעטישער וועג
# פון ראובן אײַזלאַנד

ראובן אײַזלאַנד, אײנער פון די װיכטיקסטע פּאָעטן פון דעם דור אין דער גרופּע „יונגע", איז קײן מאָל ניט געװען זײער פּראָדוקטיװ. דערפאַר איז ער אָבער אײנער פון די אָפּגעהיטסטע, שטרענגסטע און אין דעם ריכ־טיקן זין עסטעטישסטע דיכטער, װאָס מיר האָבן געהאַט. און זײַן ניט־גרויסע „פּראָדוקציע" האָט ער אַלײן כּסדר געמאַכט קלענער.

אין זײַן בוך לידער „פון מײַן זומער" האָט ער ניט אַרײַנגענומען אין גאַנצן די לידער, װאָס ער האָט געשריבן און געדרוקט דעמאָלט, װען ער, צוזאַמען מיט לאַנדױ, מאַני לײב און אַנדערע, האָבן דורכגעלײגט אַ נײַעם װעג פאַר דער ײדישער דיכטונג. צװישן די פאַרשטױסענע פריערדיקע לי־דער זײַנען געװען אויך זײַנע באַרימטע פאַבריק־לידער „פון אַלע טעג", װאָס ניט נאָר קען מען זײ לײענען איצט מיט דעם זעלביקן פאַרגעניגן און אינטערעס, ניט נאָר זײַנען זײ געבליבן פריש, װי זײ זײַנען געװען מיט אי־בער דרײַסיק יאָר צוריק, װען אײַזלאַנד האָט זײ געשריבן, נאָר פאַר דעם ליטעראַטור־היסטאָריקער װעט מיט זײ זיך אָנהײבן אַ נײַע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דעם ײדישן סאָציאַלן ליד.

דאָס טיפּישע סאָציאַלע ײדישע ליד אין אַמעריקע, פאַר אײַזלאַנדס „שאַפּ־ליד", איז געװען װײנענדיקע און שרײַענדיקע, אָדער סתם גרילצנ־דיקע מעלאָדעקלאַמאַציע אויף דער טעמע פון קלאַסן־אומרעכט און קלאַסן־קאַמף. מיט װײניק אויסנאַמען (צום בײַשפּיל, ה. רױזנבלאַטס פײַן ליד „אויף אַ פּולער װאָך", אַ רײ לידער פון מאָריס ראָזנפעלד, א. אַ.), האָבן דאָ אַלערלײ באַרופענע און ניט־באַרופענע פערזן־שרײַבער, פאַבריצירט געגראַמטן אַגיטאַציע־מאַטעריאַל פון דעם ביליקסטן מין פאַר דעם „ברודער־אַרבעטער". בײַ די פירער פון אָרגאַניזאַציעס, װי בײַ דער איבעריקער דע־מאָלטדיקער אינטעליגענטער ײדישער געזעלשאַפט, איז פּאָעזיע געװען אָדער אַן אומנײטיקער לוקסוס, אַ נאַרישער צײַט־פאַרטרײַב, אָדער אַ מיטל אין קאַמף. „רײנע פּאָעזיע" איז געװען פאַר זײ דיכטונג װעגן לבנה, ליבע, נאַטור, — און אין פאַרטײדיקונג פון די דעמאָלטדיקע פירער און װאָרט־זאָגער, מוז מען צוגעבן, אַז די דאָזיקע דיכטונג האָט דעמאָלט טאַקע אויף

קיינעם ניט געקאָנט האָבן די מינדסטע ווירקונג. אונזערע דעמאָלטדיקע פּי־רער און אינטעליגענץ האָבן פאַרגעצויגן די „אָנגעווענדטע", פּראַקטישע פּאָעזיע, וואָס האָט גערופן „צערייסן די קייטן".

די דאָזיקע סאָציאַלע גראַמעריי האָט פּאַר דעקלאַמאַציעס אויף מיטינגען געליפערט פערזן פון צוויי קאַטעגאָריעס: איינע האָט געשריבן וועגן דער „רויטער פאָנע" און אַז „מיר זיינען סאָלדאַטן פון דער פרייהייטס־אַרמיי"; די צווייטע האָט געיאָמערט: „דער שאַפּ איז מיין בינע, די מאַשין — מיין אָרקעסטער", און אַז די „ליכטלעך צוויי פּאַר פינף סענט" פון דער פאַר־הונגערטער ליכט־פאַרקויפערין אויף דער גאַס זיינען „מענטשלעכער קנאָכן און בלוט". עס איז אין די פערזן ניט געווען קיין סימן ניט נאָר פון וועלכע עס איז אייגענע מענטשלעכע געפילן, נאָר עס איז אויך ניט געווען קיין שום געדאַנק, וואָס איז ניט אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ סך קלאָרער אין דעם אַגי־טאַציע־בלאַט און בראָשור; און דער עיקר, עס איז ניט געווען קיין זכר פון אַן אמתן מענטשן, אַ לעבעדיקן אַרבעטער און אַן אמתער, ניט קיין פּאַפּי־רענער פּאָן. מיט נאַציאָנאַלער פּאָעזיע איז געווען ניט בעסער, אויב ניט נאָך ערגער.

איז געקומען ראובן אייזלאַנד, אינמיטן פון אָט דעם יאַריד פון שונד־דיכטונג און גראַמען־גרילצעריי און האָט געוויזן אַ שאַפּ מיט לעבעדיקע בחורים און מיידלעך, מיט פּירקאַנטיקע און קיילעכדיקע קעסלען און אין מיט אַ מאַסע היט און שאַכטלעך, מיט אַ פענצטער, אויף וועלכן מען קאָן אין מיטאָג־שעה זיך אָנוועקזעצן און אַראָפּקוקן אויף דער גאַס. די בחורים און מיידלעך אין שאַפּ האָבן ניט געיאָמערט און ניט געצאָרנט, נאָר זיינען געווען פאַרנומען מיט זייערע אַלטעגלעכע זאָרגן און פריידן. דער שאַפּ אַליין איז געווען ניט אײנגאַנצן אַזאַ, ווי אַנדערע שעפּער, און ווייל ער איז געווען אַ גרעסערער, איז ער געווען בעסער איינגעאָרדנט היגיעניש. דער אַרבעטער האָט באַקומען אויגן, אַ נאָז, און האָט גערעדט מיט אַ מענטשלעכן לשון, מיט אַ דערפרישנדיקן, פּשוטן, נאַטירלעכן, ריינעם פאָלקס־יידיש, אַנשטאָט דעם אומבאַשרייבלעכן דייטשמעריש, וואָס די פּסעוודאָ־פּאָעזיע האָט אים אַריינגעלייגט אין מויל.

מיט עטלעכע שטריכן, פּשוטע, שטילע, מיט עטלעכע לידער וועגן „שאַפּ"־אַלטעגלעכקייט, האָט אייזלאַנד אומגעוואָרפן דעם גאַנצן פּאַפּירענעם באַרג פון ווילדער געגראַמטער דייטשמערישער מליצה. אייזלאַנד האָט באַ־פרייט די יידישע סאָציאַלע פּאָעזיע אין אַמעריקע. פּאָעטן האָבן דאָס באַלד דערפילט, אָבער קאָנסערוואַטיווערע וואָרט־פירער האָבן אויפגעהויבן אַ קאַמף קעגן דער „שקאָצעריי" און „חוצפּה" פון די „יינגלעך". זיי האָט זיך געדאַכט, אַז דער נייער מין פּאָעזיע פון די „יונגע" איז קאָנטר־רעוואָלוציע.

אָבער דער קאַמף איז געווען אַ פאַרלוירענער, וואָרים די אַלטע סאָציאַלע דיכטונג איז געווען דורכגעפוילט, און אַ פריש ווינטל איז געווען גענוג, אַז זי זאָל צעפליען ווי שטויב.

דאָס איז אָבער געווען נאָר איין באַזונדערער, כאָטש זייער אַ וויכטיקער, ווינקל פון דעם גאַנצן פּאָעטישן פראָנט, אויף וועלכן די „יונגע", אייזלאַנד מיט זיינע חברים מאַני לייב און לאַנדוי, האָבן אָנגעהויבן אַן אַלגעמיינע אָפענסיווע, און זיי האָבן געוואונען די שלאַכט פאַר פּאָעזיע — פאַר דעם ריינעם קינסטלערישן יידישן ליד.

די אַרבעט איז געווען אַ גרויסע און אַ שווערע, אַן אמתע פּיאָנערן־אַרבעט, וואָרים מען האָט געמוזט נאָך דורכאַקערן די פאַרוואַרלאָזטע ערד פון אונזער יידישן לשון. די גרויסע אַרבעט איז דורכגעפירט געוואָרן גלענצענד, און דאָס יידישע ליד — אַריינגערעכנט דאָס סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע — איז באַפרייט געוואָרן און איז אויפגעגאַנגען רייך, זאַפטיק און קאָליר־פול, און פריער פון אַלץ אין די פערזן פון דער פּיאָנערן־גרופּע גופא, אין די לידער פון מאַני לייבן, פון ראובן אייזלאַנדן און פון זישאַ לאַנדוין.

אָבער די דריי דיכטער אונזערע, כאָטש אַ געשלאָסענע גרופּע מיט די זעלביקע גרונט־אידייען וועגן דעם, וואָס די יידישע פּאָעזיע דאַרף זיין, כאָטש „צונויפגעוואַקסענע אין איין שטאָט", ווי אייזלאַנד אַליין האָט געזאָגט אין זיינע זכרונות וועגן זישאַ לאַנדוי, זיינען געווען אינדיווידועל זייער פאַרשיידנאַרטיק אין זייער נאַטור און אין די דיכטערישע אייגנשאַפטן.

וואָס עס האָט די צוויי חברים פאַראייניקט איז געווען די אָפּגעהיטקייט און שטרענגקייט צו זיך אַליין און די טיפע, כמעט רעליגיעזע איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער פערזן־קונסט, פאַר וועלכער מען האָט אַלצדינג מקריב געווען. צו זיך אַליין איז מען דאָ געווען שטרענגער, איידער צו אַנדערע.

די דריי פּאָעטן, הגם פון איין שטאַם, זיינען אַרויסגעוואַקסן אין פאַרשיידענע ריכטונגען, לויט זייערע באַזונדערע נאַטורן. ביי מאַני לייבן וועלן מיר אַלע מאָל געפינען אינטענסיווקייט, ביי לאַנדוין — עקסטאַטישקייט, און ביי ראובן אייזלאַנדן — שטילע פרייד און אינטימקייט. דער מוזיקאַלישער עלעמענט דאָמינירט ביי מאַני לייבן, דער מאָלערישער ביי אייזלאַנדן. אָט זיינען עטלעכע פון אייזלאַנדס אַמאָליקע לידער:

איבער אַלע דעכער
הענגט אַ שטילע נאַכט.
אָנגעלענט ביים פענצטער
שטייט מיין קינד פאַרטראַכט.

שטעלט זיך אויף די פינגער,
קוקט און קוקט אַרויס.
זיין געזיכט ווערט בלאַסער
און די אויגן גרויס.

זיינע בלאָנדע לאָקן
קרייזלען זיך אין ווינט. —
ווייס איין גוטער גאָט נאָר,
וואָס עס זעט מיין קינד.

**אין די יונגע יאָרן האָט אייזלאַנד אַ פּאָר מאָל זיך פּאַרטראַכט וועגן עלטער, און ער האָט אונז געגעבן צוויי פיינע לידער אויף אָט דעם מאָטיוו:**

מיר זיינען ביידע אַלט.
צוויי אַלטע לייט, מיט מאַטע, ווייכע אויגן.
ביים פענסטער זיצן מיר, דער טאָג איז שיין, נאָר לייכט פאַרצויגן
איז דער הימל מיט דינע, ווייסע וואָלקנס.
זי זאָגט: הערי, אַלטיטשקער, ס׳ווערט קאַלט.
מאַך צו דאָס פענסטער און טו זיך אָן דעם וואַרעמען כאַלאַט. —
איך זיץ און רייכער רואיק מיר די ליולקע, לעז אַ בלאַט
און טראַכט: ווי אייביק נאַריש בלייבן דאָס די פרויען.

דער זייגער קלינגט.
און זי, זי דרייט זיך אום און קוקט זיך איין
מיט לאַנגע בליקן אין דעם ציפערבלאַט, ווי שפּעט ס׳קען זיין,
כאָטש קלאָר און העל דער זייגער ציילט די שעהן.

— שוין שפּעט אַזוי. ווי ס׳לויפט דער טאָג.
אַ צי די שמאָלע אַקסלען, און ס׳פאַלן מיד די הענט אין שויס.
און מיר ווערט פלוצים קאַלט. איך בייג דעם קאָפּ אַרויס
און זע, ווי ס׳רויטלען זיך די דינע, ווייסע וואָלקנס,
און כ׳ווייס, אַז ערגעץ לויערט שוין די נאַכט. — —

**און אָט איז אַ ליד וועגן דעם, אַז ער ווערט באַלד דרייסיק יאָר:**

אַזוי! אַזוי! די יאָרן גייען און איך ווער אַלט.
איך האָב דאָס היינט געפונען אויף אַ שער־בלאַט פון אַן אַלטן בוך,
אַז באַלד און איך וועל ווערן דרייסיק יאָר.

איך ווינטש מיר, כ׳וואָלט געווען שוין אַלט.
איך וואָלט מיר דאַן געקויפט אַ גראָבן שטעקן,
און וואָלט אַרויס אין גאַס, געזעצט זיך ביי דער טיר,
באַטראַכט אַ יעדן איינעם און געלאַכט אין מיר
אויף אַלע די, וואָס יאָגן איילנדיק פאַרביי
און האָבן גאָר קיין צייט ניט. אַ קוק, אַ לויף, אַ שפּיי,
און ווייטער זיך געיאָגט צו אַלדי גוטע יאָר.

און אפשר גאָר
וואָלט איך דאָס אויכעט ניט געטאָן.
נאָר כ׳וואָלט זיך פּשוט גאַנץ אַזוי געלאָזן
געגאַנגען מיר שפּאַצירן אין די גאַסן,
די הענט פאַרלייגט אַהינטער אויפן רוקן,
אַביסל איינגעבוקט, בנעימותדיק נאָר קוקן,
ווי שטיל, געלאַסן ס׳טרעטן אויף די שטיינער
מיינע אַלטע ביינער —
טראָט נאָך טראָט,
טראָט נאָך טראָט.

אָט אַזוי, האָבן ראובן אייזלאַנד און זיינע חברים דעמאָלט געלערנט זיך אַליין און אַנדערע פּאָעטן, ווי אַזוי אַריינצוקוקן אין זיך און זיך גוט צוהערן צו זיך אַליין און צום וואָרט, ביים שרייבן ליריק. אָבער די לידער, די שורות און זייער ריטם זיינען דאָ אינדיווידועל־אייזלאַנדיש, מיט זיין באַזונדערער פיינער געמיטלעכקייט, צערטלעכקייט, איינזאַמקייט, פּשטות און באמת „שיי־נער קלאָרקייט״.

אַמאָל האָט אַ רוסישער פּאָעט־סימבאָליסט אין אַ פּאָפּולערן ליד געשריבן: „די פינף חושים זיינען דער וועג פון ליגן״. דאָס איז געווען דער סימבאָליס־טישער אַני־מאמין. אייזלאַנדס וועג איז אָבער גראָד געווען דער וועג פון די פינף חושים, און מיט דעם ניט קיין סימבאָליסטישער, נאָר אַ רעאַליסטישער. ניט, פאַרשטייט זיך, דער פּרימיטיוו־רעאַליסטישער וועג און ניט די רעאַליס־טישע סטיליזאַציע פון אימפּרעסיאָניסטישע מאָדערניסטן. רעאַליזמען זיינען בכלל פאַראַן אַזוי פיל, וויפיל עס זיינען דאָ רעאַליסטישע שריפטשטעלער. דאָס עפּעס, וואָס אייזלאַנד גיט צו צו זיין קלאָרן רעאַליזם, איז — פּאָעזיע, וועלכע קומט ביי אים אויך פון אַ קלאָרן קוואַל און גיסט זיך צונויף מיטן ריינעם שטראָם פון די „פינף חושים״.

פון די אַמאָליקע פּערזן און ביז די גאָר לעצטע לידער, צייכנט זיך אייז־לאַנד אויס באַזונדער מיט דער אָפּגעהיטקייט און שטרענגקייט פון וואָרט און פאָרם און מיט דער קלאָרקייט און ריינקייט פון זען און שפּירן.

די שורה אין לעצטן ליד, וואָס ווערט דאָ געבראַכט, וועגן די מענטשן, וואָס יאָגן נאָכאַנאַנד ערגעץ, איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אייזלאַנדן, וועלכער איז קיינמאָל אין ערגעץ ניט געלאָפן, דערהויפּט ניט נאָך טעמעס פאַר לידער, — ער האָט אַמאָל די דאָזיקע טעמעס דערקלערט מלחמה אין אַ פּראָגראַם־אַרטיקל. אין זיין זשורנאַליסטישער און פּובליציסטישער אַרבעט, און אין ליטעראַרישער פּובליציסטיק, נעמט ער טעמעס, אָבער ניט אין פּערזן. ער האָט זיך קיינמאָל ניט נאָכגעיאָגט נאָך אַ ניי־מאָדישער טעמע, וואָס איז אַראָפּגעקומען צו אונז פון אויסלאַנד. וואָס איז בכלל די איילעניש? זאָל די מאָדישע טעמע זיך מטריח זיין צום דיכטער, און אויב זי וועט אים אָנרעגן, וועט זי דעמאָלט ערשט זיין פּאַסיק פאַר גוטער פּראָזע, אָבער ניט פאַר אַ גוט ליד; וואָרים ליד איז אַ זאַך, וואָס מוז זיך אָפּשטיין און אויסלייטערן אין די טיפענישן פון געמיט.

אין פּינסקיס „אוצר" איז פאַראַן אַזאַ סצענע אויפן בית־עולם. עמיצער גיט אַ זאָג: „אָט איז דאָס", און אַלע גיבן אַ יאָג צו דעם אָרט. באַלד דער־הערט זיך פון אַן אַנדער ווינקל: „אָט דאָ", און אַלע וואַרפן זיך אַהין. אַזוי, אומגעפער, האָט דאָס אויסגעזען אַמאָל ביי אונז, ווען דיכטער, יונגע און על־טערע האָבן זיך געוואָרפן אויף טעמעס, וואָס עמיצער האָט וועגן זיי אַרויס־געלאָזט אַ קלאַנג, אַז דאָס איז אַן אוצר. נאָך זישאַ לאַנדויס פיינעם ליד וועגן ר' ישראל בעל שם־טוב איז געוואָרן אַ געלויף אויפן בעל שם־טוב. דערנאָך איז געוואָרן פּאָפּולער דער רוסישער פּאָעט סערגעי יעסענין — אגב, לאַנג נאָך זיין טויט, — און אַ פאָר טוץ דיכטער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף יעסענינען. עס זיינען געוועזן אַזעלכע געיעגן אויף אַ סאָנעטן־רינג, אויפן האָלענדיש־פראַנצויזישן מאָלער וואַן גאָג (ווייל עס איז צום צווייטן, אָדער דריטן מאָל אָנגעקומען אַן אויסשטעלונג פון זיינע בילדער, צענדליקער יאָרן נאָך זיין טויט).

אייזלאַנדן האָבן זיין קינסטלערישער אינסטינקט און זיין חסידישער אַריסטאָקראַטיזם, — אויב מען מעג באַנוצן אַזאַ מין קאָמבינאַציע פון קעגנ־זעצלעכע טערמינען, — אַלעמאָל פאַרהאַלטן די טריט ביים אָנזאָג פון עפּעס מאָדישעס. און עס האָט אים אויך קיינמאָל ניט געצויגן צו באַרימטע, אָדער אויסגעדראָשענע טעמעס. אין בוך „פון מיין זומער" צווישן אַ גרופּע גע־שטאַלטן, האָט ער דריי דיכטער. ער האָט גענומען אין דייטשלאַנד רילקען, ניט היינען און ניט געטען, (וועגן געטען האָט ער, אגב, אַמאָל זיך געקליבן שרייבן, אָבער ניט קיין ליד נאָר אַן עסעי); פון ענגלאַנד — ניט קיטסן, נאָר בלעיקן; פון רוסלאַנד — טאָלסטאָיען, ניט פּושקינען אָדער בלאָקן. וועגן געטען האָט

ער זיך ניט צוגעקליבן צו שרייבן, דערפאַר האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ פייַנע עסעי וועגן סטעפאַן געאָרגע.
אָט איז אַ קליינע מעדיטאַציע פון דעם בוך „פון מיין זומער״:

וואָס בלייבט דען איבעריק אין אונזער שווערן לעבן,
ווי זיך פאַרכישופן מיט שיינע רייד
און אויסגעטראַכטער פרייד,
און צייטנווייז פאַרזונקען ווערן
אין אַ געדאַנק אַ שווערן,
צי גאָר אין לאַשצענדיקע אויגן,
וואָס פירן ווי דער רעגנבויגן
פון דער ערד צום הימל.

דאָס איז אַ וואַריאַנט פון פערזן אויף דעם זעלביקן מאָטיוו און מיט דער זעלביקער ערשטער שורה, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אַמאָל, דאָס בוך הייבט זיך אָן מיט „שטיל־לעבנס״ און אַ סעריע ליבע־לידער, האָט אין זיך פערציק לידער און צוויי פיינע פּאָעמעס, שוין אויף טיף־עטישע טעמעס, „לינקאָלן אין ריטשמאָנד״ און „טאַרנאָוו״, וואו דער דיכטער קערט זיך אום צום חסידיש־עטישן לעבנס־שטייגער פון דער אַלטער היים, צו זיין קינדהייט און שורש.

אייזלאַנד איז ניט אַזוי דינאַמיש, ווי מאַני לייב, אָדער לאַנדוי. און ביז דער גאָר לעצטער צייט, ווען אַלע דיכטער אונזערע זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער גרויסער היטלער־קאַטאַסטראָפע און מלחמה, און ווען אייזלאַנד האָט אָפּגעדרוקט דריי מלחמה־לידער (איינס אַ ווענדונג צו לאַנדוי), איז ער אין פערזן געבליבן דער אומגעזעלשאַפטלעכסטער און אינדיווידואַליסטישסטער דיכטער ביי אונז. עס זיינען אין אים אוודאי געווען קאָנפליקטן צווישן דעם חסידיש־עטישן פון זיין שורש און דעם אוניווערסאַל־עסטעטישן פון זיין דיכטערישן וועג. אָבער די אַלע קאָנפליקטן זיינען אין די לידער ניטאָ; זיי געהערן צו דער „פּאָרגעשיכטע״ פון די לידער. באַשרייבן אינערלעכע ראַנגלעניישן און ספקות זאָלן יונגע דיכטער און די, וואָס האָבן ליב צו מאַכן פּאָלק־אויסשטעלונגען פון זייערע איבערלעבונגען. דאָס ליד זאָל בעסער געבן דעם רעזולטאַט.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, — יעדנפאַלס, ניט צופעליק, — וואָס אייזלאַנד האָט אין בוך פון ריינער ליריק אָן אָפּטיילונג געשטאַלטן, וואָס זיינען אַלץ מענטשן טיף־גלויביקע: בלעיק, לינקאָלן, דער חסיד־שוטה, טאָלסטאָי, „לעניִן, דער גרעסטער פון אַלע נאַראָנים״, דעם דיכטערס פאָטער. פון מאָדערנע — רילקע, וואָס האָט זיך אויפגעשטעלט אָן אייגענעם מעטאַפיזישן

לעבנס־סדר, וואו זיין קונסט און זיין גאָט און זיין מיסטישער לעבנס־באַנעם קאָנען זיין אין מיטלפּונקט. (און זיין לענגסטער עסעי, איז וועגן סטעפּאַן געאָרגע, אַן ערשט־קלאַסיקן קינסטלער, וואָס האָט, צו פאַרגאַנצן אַ פעלער־האַפטיקן סדר אין זיך אַליין, אויפגעשטעלט אַ פּרייסיש־פּאָליציייאישן „אי־בערמענטש״־סדר פון דער וועלט; וואָס איז געווען ווי באַשאַפן פאַר די נאַ־ציס צו וואולגאַריזירן און אויסנוצן פאַר זייער „קולטור־סיסטעם״ און „נייער אָרדענונג״ אויף דער ערד).

עס איז אפשר ניט צופעליק, וואָס אייזלאַנדן האָט געצויגן צו געשטאַלטן, מענטשן פון גלויבן, פון דערהויבענעם פּראַקטישן ווילן. און די אַלע גע־שטאַלטן, אין וועלכע דאָס עטישע האָט דאָמינירט, האָט אייזלאַנד געוואָלט איבערגעבן אין טערמינען פון עסטעטיק. אָט איז זיין „טאָלסטאָי״:

א מענטש מיט ברייטע הענט, אַ ברייטן פּנים,
און מיט אַ נאָז אַ ברייטער, ווי ביי אַלע יונים,
און פול מיט תאווה, און בייז און שטאַרק ווי אַ פויער,
און ווי אַ פויער צוגעבונדן צו זיין שטיקל פעלד.
די אויגן אָבער און דאָס האַרץ זיינס זעען די גאַנצע וועלט
און אַלץ, וואָס מענטשן טוען און טראַכטן.
און אין שטילע פאַרנאַכטן
פאַרנעמט זיין אויער
דעם טרויער און דאָס געזאַנג פון אַלץ, וואָס לעבט.
און ער דערשמעקט דעם פוילן געשטאַנק,
וואָס קומט פון מיאוסער פרייד. —
און פול מיט לייד
צו זיך און אַלע מענטשן, ווערט ער קליין און קלענער,
און אין זיין קליינקייט שענער
און גרעסער פון אַלע מענטשן אין זיין דור.

דאָ האָט געפעלט אַ האָר, אַז דער סוף זאָל אָנהייבן קלינגען אַביסל טענדענציעז און דידאַקטיש; אָבער אייזלאַנד האָט דאָס אויסגעמידן. און אָט איז אַן אומגעריכטער לעצטער סטראָף אין „רילקע״:

און זיינע לידער טרייסטן ווי אַ רעגן,
וואָס פאַלט ווי ברכה אויף פאַרשטויבטע וועגן,
און אַלע שטרעקן מיר די הענט אַקעגן,
ווי בעכערס, אונזער הייסן דורשט צו שטילן,
אונזער בענקשאַפט מיט זיין וואָרט צו שטילן.

„זיינע לידער טרייסן". דאָס איז אַ פולשטענדיק לעגיטימע פונקציע פון פּאָעזיע, אָבער אייזלאַנד אַליין האָט גראָד, אויף ווי ווייט איך געדענק, וועגן אָט דער פונקציע קיינמאָל פריער ניט גערעדט. איז דאָס ניט אַמאָל גראָד דערפאַר, ווייל טרייסט ווערט אַזוי הויך געשטעלט אין חסידות? עס זעט אויס, ווי אייזלאַנד וואָלט אויף דעם געגעבן אַ פּאָזיטיוון ענטפער אויפן אַנדערן בלעטל, אין דער געשטאַלט פון זיין פאָטער, וואָס גאָט האָט אים געגעבן בטחון אין לעבן, און וועמעס אַקסלען „צוקן אויף פאַר פרייד, ווען ער קען געבן אַ טרייסט צו עמיצן, אָדער זיך אַליין". און אייזלאַנד האָט די זאַמלונג געשלאָסן מיט דער פּאָעמע וועגן זיין קינדהייט, „טאַרנאָוו".

אין „טאַרנאָוו", וואָס איז איינע פון די בעסטע פּאָעמעס וועגן דער אַלטער היים, וואָס מיר פאַרמאָגן, גיט אונז אייזלאַנד דאָס אַלטע חסידישע לעבן, אין וועלכן דאָס עטישע האָט פולשטענדיק דאָמינירט. אַ פּאָעט, וואָס גייט אויף זיין אייגענעם וועג צו זעלבסטדערקענטעניש, קען ניט אויסמיידן זיין שורש. אַריינגעמענדיק אים ווידער, קען ער קומען צו אַ פולערן סינטעז אין ווייטערדיקער דיכטערישער אַרבעט.

(„פּראָלעטאַרישער געדאַנק", יולי, 1944.)



# די פּאָעזיע פון מאַני לייב

## (צו זיין 60סטן געבוירנטאָג)

אַ זאַך, וואָס איז גוט אָפּגעטאָן, איז אַ תפילה.
ראַינער מאַריאַ רילקע

I

אין גיכן ווערט פערציק יאָר, זינט אין אונזער יידישער ליריק איז געקומען מאַני לייב. פון דער צייט, ווען ער האָט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג לידער און באַלאַדן אין דריי בענדער, אין 1918, איז אַריבער 25 יאָר, און פון יענער צייט אָן קאָנען מיר רעכענען, אַז מאַני לייב האָט אין דער יידישער פּאָעזיע פאַרנומען דעם אָרט אויבנאָן, ווי איינער פון די פיינסטע ליריקער, וואָס מיר האָבן געהאַט.

אַ סך האָט מען שוין וועגן מאַני לייבן און זיין פּאָעזיע געשריבן ביי אונז. אין די ראַמען פון אַ זשורנאַל־אַרטיקל איז, פאַרשטייט זיך, אוממעגלעך צו געבן אַ פאָרשונג פון מאַני לייבס אַרבעט אָדער אַפילו אַן אַלזייטיקע אָפּשאַצונג, — דאָס וועט געוויס געטאָן ווערן שפּעטער. דאָ וועט גענוג זיין אָנצואווייזן אויף אייניקע שטריכן פון אָט דער אַרבעט און אויף מאַני לייבס אויפטו אין אונזער פּאָעזיע.

מען קען איינטיילן מאַני לייבס דיכטערישע אַרבעט אין דריי פּעריאָדן; כאָטש, ווי זייער אָפּט אין אַזעלכע איינטיילונגען, וועט דאָס זיין אַ רעכט ביסל קינסטלעך און ניט פּינקטלעך. דער ערשטער פּעריאָד האָט אין זיך אַזעלכע הויפּט־מאָטיוון און כאַראַקטעריסטישע שטריכן: פרילינג, יוגנט, באַרוישונג פון ניי־געפונענער מעלאָדיע, אַנונג פון אומגליק און אומבאַשטימטן טרויער, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר יוגנט, און פונקט אַזאַ אַנונג פון גרויסער פרייד, פאַרטיפטער אינדיווידואַליזם, גרויסע לירישע אָנגעשטרענגטקייט און מוזקאַלישע ווירטואָזיטעט. דער צווייטער פּעריאָד: איבערגאַנג, מער גאַנג צום סאָציאַלן, אויסברייטונג און פאַרפיינערונג פון דעם מוזיקאַלישן עלעמענט אין ליד, אַביסל עקספּערימענטן, אַ סך איבערזעצונגס־אַרבעט. דריטער פּעריאָד: זומער, נאָך מער באַוואוסטזיניקע מייסטערשאַפט.

אַזאַ איינטיילונג ווייזט שוין באַלד דעם געוויינלעכן וועג פון וואוקס

ביי אַ באַדייטנדיקן פּאָעט. אין דער אמתן אָבער איז שווער אייגצוטיילן מאַני לייבס פּאָעטישן וועג, סיידן נאָר צוליב דערוווייליקער באַקוועמלעכקייט.

וואָרים קודם־כל איז מאַני לייב כמעט פון אָנהייב אָן געקומען ווי אַ מייסטער פון דעם, וואָס אים איז געגעבן געוואָרן צו ברענגען אין דער יידישער פּאָעזיע, אָדער ער איז גיך געוואָרן אַ מייסטער, און ער איז דאָס געבליבן דורך אַלע פּעריאָדן זיינע. די זיגנעוודיקייט, די מעלאָדיע פון ליד איז כאַראַקטעריסטש פאַר זיין ערשטן פּעריאָד, פאַר דער צייט, ווען עס זיינען אַרויס זיינע דריי בענדער לידער און באַלאַדן אין 1918. אַלע פּאָעטישע זשאַנערן, אין וועלכע ער האָט דערנאָך געאַרבעט, געפינען זיך אין יענע דריי ביכער. און דער זייער גרויסער אויפטו פון מאַני לייבן, די בייע ווענ־דונג, וואָס ער און זיין דור און שפּעטערדיקע פּאָעטן האָבן געגעבן דער יידישער פּאָעזיע, אָבער ער מער פון אַנדערע, געהערט צו יענער צייט.

דאָס מיינט ניט, אַז מאַני לייב האָט זיך דעמאָלט אָפּגעשטעלט און איז מער ניט געגאַנגען פאָראויס. פאַרקערט, מאַני לייב איז שפּעטער אַ סך רייפער געוואָרן סיי אין אינערלעכער דערפאַרונג, סיי אין באַוואוסטזיניקער מייסטערשאַפט, און ער באַפרייט זיך אַלץ מער פון אייגנשאַפטן און ווענדונ־גען, וואָס האָבן אים אין יענער צייט געהאַלטן ווי אין קלעם, ער גייט אַלץ מער אַרויף אויף דעם ברייטן וועג פון דיכטונג, וועלכן ער אַליין, מער פון אַנדערע, האָבן געהאָלפן דורכלייגן. אָבער אויב מען וויל זען מאַני לייבס אויפטו און דעם אויפטו פון אַנדערע פּאָעטן פון זיין דור, מוז מען גיין צו יענער צייט מיט 25 יאָר צוריק.

איינס פון זיינע דעמאָלטיקע דריי ביכער איז ליריק, די צוויי אַנדערע — באַלאַדן, יידישע, געגומענע פון אַנדערע פעלקער און שפּראַכן (איבערהויפּט סלאַווישע) און פאַריידישטע.

אין דעם בוך ליריק געפינען זיך מאַני לייבס לידער, וואָס מען געדענקט נאָך עד־היום אַ סך מער פון אַנדערע. דאָס איז, אייגנטלעך, דורכאויס יוגנט־ליריק. די ווערטער, וואָס איר באַגעגנט דאָרטן אָפטער פון אַלץ, זיינען אַזעלכע, ווי: בלינדער, בלינד, טרויער, גרוי, בלוי, תפילה, שטיל, געוויין, שטום, נאַכט, שניי, רעגן. פאַר די, וואָס ווילן דערגייין, אויף ווי וויט מאַני לייב איז יידיש, וועלן אָט די לידער זיין נייטראַל: ניט יידיש און ניט גויאיש. אָבער אָט דאָ, אין דעם ניט גרויסן באַנד ליריק, ליגט דאָס גרעסטע, וואָס מאַני לייב האָט געבראַכט אונזער יידישער ליריק: ער האָט דעם יידישן ליד געגעבן אינטענסיוויטעט און מוזיקאַלישקייט.

די צוויי ביכער באַלאַדן זיינען פול מיט פאַרבן און פאַרגאָסן מיט זון. דער גאַנצער טאָן איז דאָ גאָר אַן אַנדערער. און דאָ געפינט זיך דער צווייַ־טער גרעסטער יידישער פאָלקסרייכער, זאַפטיקער, קרעפטיקער און שיי־

נער יידישער פֿאָלקס־לשון און דערציילערישע קונסט. די באַלאַדן פֿון די צוויי בענדער לאָזן ניט איבער קיין צווייפֿל וועגן דער עכטער „יידישקייט" פֿון אונזער פּאָעט.

מאַני לייבן איז אויסגעפֿאַלן דאָס גליק צו קומען אין דער יידישער פּאָעזיע אין דעם ריכטיקן מאָמענט, ווען זי האָט זיך געניטיקט און איז גע־ווען רייף פֿאַר אַ לייטערונג און פֿאַרטיפֿונג. אונזער פּאָעזיע האָט זיך דע־מאָלט געמוזט אָפּרייסן אויף אַ צייט פֿון אַלע דרויסנדיקע זאַכן, ווי וויכטיק זיי זיינען ניט געווען: פֿון אַלע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און מאָטיוון. זי האָט געמוזט פֿאַרגעסן אויף אַ ווייל אָן מענטשלעכן פֿאַרשריט, מאַרש פֿון ציוויליזאַציע, גורל פֿון אייגענעם פֿאָלק, קאַמף פֿאַר דער באַ־פֿרייאונג פֿון דער אַרבעטנדיקער מענטשהייט. זי האָט געמוזט אַוועקגיין פֿון דעם טומל און כאַאָס פֿון דער גרויסער שטאָט מיטן נייעם מאַשין־לעבן. זי האָט געמוזט זיך פֿאַרטיפֿן, קאָנצענטרירן זיך אין איינזאַמקייט, אין די איי־גענע דלת־אמות — אויף איר אייגענער אַרבעט און שליחות. זי האָט גע־מוזט געפֿינען נייע ריינע מוזיק, און זי האָט אויך געמוזט באַקומען אַ נייעם אינסטרומענט אויף אַרויסצוברענגען אָט די מוזיק.

אָט דאָס אַלץ האָט מאַני לייב געטאָן און געבראַכט דער יידישער פּאָ־עזיע. ביי מאַני לייבן און פּאָעטן ווי ער, האָבן דער סוביעקטיווער פֿאַרלאַנג און שטעל זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט דער אָביעקטיווער בויט פֿון דער דיכטונג.

די אַרבעט פֿון אַ יידישן ליריקער איז דעמאָלט געווען פּיאָנערן־אַרבעט אין גאָר אַ גרויסער מאָס. ער האָט געמוזט אויספֿורעמען דעם אינסטרומענט און אויסאַרבעטן די טעכנישע מייסטערשאַפֿט אויף אים. נאַטירלעך, וואָלט דאָס אַלץ געבליבן אַ ריין־אויסערלעכע אַרבעט, הגם אַ וויכטיקע, ווען דער פּאָעט וואָלט ניט געהאַט „וואָס צו זאָגן". אָבער מאַני לייב האָט געהאַט וואָס צו זאָגן, און אַ סך, און ער האָט דאָס נאָך גענוג ביז הייגטיקן טאָג.

ער איז אויך געווען רייך אין מאַטעריאַל און שפּראַך און פֿאָלקסליד. ער האָט אין דער קינדהייט און יוגנט אַריינגענומען אין זיך די שיינקייטן און רייכקייט פֿון יידישן פֿאָלקס־לשון, פֿון יידישער פֿאָלקס־מעשה און פֿאָלקס־ליד, — די פֿולע עשירות פֿון שפּראַך פֿון אונזער פֿאָלק, פֿון די דרום־רוסישע און די ליטווישע יידן: די זאַפֿטיקייט און זינגעוודיקייט פֿון די ערשטע און דעם יידישן אומעט און זאָרג פֿון די אַנדערע, די פֿריידיקייט פֿון אַ רייכערער ערד און דעם טרויער פֿון בלייכע הימלען.

זאָל מיך קיינער ניט חושד זיין אין יידישן אימפּעריאַליזם, ווען איך וועל זאָגן, אַז ביי אַ ריי יידישע פּאָעטן פֿון יידישן לשון, וועמעס ערשטע טענער און ניגונים זיינען ביי די צוהערער פֿאַרגעקומען, ווי געבראַכטע פֿון דער פֿרעמד, איז דאָס עכטע יידישע דערנאָך אַרויסגעקומען אַזוי קלאָר, אַז

ביי קיינעם האָט שוין מער ניט געקאָנט זיין קיין ספק, אַז זייער געזאַנג איז ניט דייטש, ניט סלאַוויש, ניט ענגליש, נאָר גענומען פון יידישן פאָלק און לעבן און לשון. און אַפילו יידישע פּאָעטן פון אַנדערע לשונות האָבן זיך אָפּט אַרויסגעוויזן, ווי עכטע יידן, הגם דאָס האָט אויף דאָס מינדסטע זיי ניט געשטערט צו ברענגען נייע עשירות זייער באַזונדערער שפּראַך און פּאָעטישער קולטור, נאָר אָפּטמאָל גאָר פאַרקערט. ווער רעדט, ווען דער פּאָעט האָט נאָך געגומען יידישע טעמעס, איז ער שוין געווען אַ פולער ייד, הגם זיין לשון איז געווען אַ פרעמדער. ביאַליק האָט געשריבן נאָכן טויט פון פרוגן: „לייענענדיק אים, אַפילו אויף אַ לשון, וואָס איז מיר פרעמד, פיל איך אין אים די נשמה פון אַ יידן, איך פאַרנעם דעם ריח פון דער ביבל. פאַר מיר האָט פרוג ניט געשריבן אויף רוסיש. לייענענדיק אים, באַמערק איך גאָר ניט די רוסישע שפּראַך”.

נאָך מער: מיר האָבן אַפילו ביי אַנדערע אומות פּאָעטן און קינסטלער ניט־יידן, וואָס מיר קאָנען לייכט פאַרנעמען ווי יידישע; און דער רוסיש־יידישער מאָלער ל. פּאַסטערנאַק, דער פאָטער פון דעם באַרימטן רוסישן פּאָעט, איז אויפגעטרייסלט געוואָרן ביז די טיפעניש פון זיין נשמה, ווען ער האָט אַנטדעקט, אַז דער האָלענדער רעמבראַנדט איז טיף־יידיש, דער יידישסטער פון אַלע גרויסע קינסטלער. זייער שטאַרק, ווייזט אויס, זיינען מיר ניט נאָר אין אונזערע טאַלאַנטן און אין דער פעאיקייט צו קולטור־שאַפערישער אַרבעט, — אַ זאַך וואָס אַנטיסעמיטן ווילן אונז ניט צוגעבן, — נאָר אויך אין דעם, וואָס איז אין אונז נאַציאָנאַל־יידיש, — וואָס די אַנטיסעמיטן וואַרפן אונז פאָר. עס איז פאַראַן יעדנפאַלס אַ גרויסע און טיפע גייסטיקע צווישן־ווירקונג פון לשונות און פעלקער, און דאָס קומט אַרויס באַזונדערס וואונדערלעך אין דער פּאָעזיע. נאָך דעם אַלעמען איז שווער צו פסלען די יידישקייט פון אַ פּאָעט צוליב אַ פּאָר סימנים.

וואָס איז דאָס יידישע? הונדערטער דעפיניציעס וועלן זיך אַרויסשטעלן פאַר ניט־צופרידנשטעלנדיק. פאַרשטייט זיך, אַז עס וואָלט געווען אַ פאַטאַלער טעות אויסצופירן פון דעם, אַז יידישקייט איז אַ פיקציע. פאַרקערט, דאָס וועט ערשט באַשטעטיקן, אַז שולדיק זיינען דאָ די דעפיניציעס, ניט די זאַך גופא, ניט יידישקייט, וועלכע מיר באַנעמען דירעקט און דערפילן, באַלד ווי נאָר מיר באַגעגענען דאָס, — אַזוי ווי יעדע זאַך, וואָס לעבט, אַזוי ווי פּאָעזיע גופא.

מיר דוכט, אַז אין אונזער פאַרלאַנג פון יידישקייט זיינען מיר גענייגט זיך צו פאַרנעמען אויף אַלטע וועגן, וואָס זיינען אַמאָל געווען נייטיק פאַר אונזער ווייטערדיקן קיום ווי אַ פאָלק; דאָס זיינען געווען וועגן אַ לאַנד אָן ערד, אין אַ היים פון גייסט, אין גרענעצן טיף אַרומגעצאַמטע אויסערלעך. אָבער יענע פאַרצאַמונגען זיינען איצט ניט נאָר נוצלאָז, זיי זיינען פשוט מער

ניטאָ. אגב, האָבן יענע וועגן קיין מאָל ניט געפּירט צו פּאָעזיע און קונסט בכלל, אַפילו ניט ביי יהודה הלוין, ווייל ניט דאָס איז געווען דער ציל פון דעם גדר: דער ציל איז געווען די אויפהאַלטונג פון אונזער קיום ווי אַ פאָלק.

אין ליטעראַטורן רייכערע, ביי פעלקער גליקלעכערע, וואָס האָבן גע־זיכערטע היימען, זיינען פאַראַן פּאָעטן, וואָס זיינען אַריין ווי אַ וויכטיקער טייל פון זייער נאַציאָנאַלער קולטור אַפילו מיט ריינער עקזאָטיק, אָדער מיט פרעמדע טעמעס: פיצדזשעראַלד מיטן „אָמאַר כאַיאַם", ערעדיאַ מיט זיינע „טראָפייען", טיילוויין קאָלרידזש מיט פּאָעמעס ווי „קובלאַ כאַן", שעקספּיר מיט די ניט־ענגלישע דראַמעס. אָט האָט אונזער יידישע ביבל אין איבערזע־צונגען געפורעמט די קולטור און די שפּראַך פון אַ ריי אייראָפּעאישע פעלקער. אַ יידישער געלערנטער האָט אַפילו געזאָגט, אַז אַ פאָלק טרעט אַריין אין דער געשיכטע פון דעם מאָמענט אָן, ווען די ביבל ווערט איבערגעזעצט אין זיין לשון. פאַר פּאָעזיע איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך אַ פאָרם, און אַזוי לאַנג ווי עס וועט עקזיסטירן די יידישע ליטעראַטור און דיכטונג און קולטור, האָבן מיר אין זיי אַ גענוג פעסטן גדר און דאַרפן ניט מורא האָבן פאַר אונזער נאַציאָנאַלן קיום.

מיר מוזן בייקומען די שרעק פאַר פרעמדס, ווייל מיר לעבן אין דער פרעמד, צווישן פרעמדס, און מיר מוזן דאָס פרעמדע כסדר אין זיך אַריינגע־מען און פאַראייגענען, אַזוי ווי מאַני לייב האָט אַריינגענומען אין זיך לידער פון אוקראַינישן און רוסישן פאָלק, צוגלייך מיט יידישע. אונזער ליטעראַטור איז אַלוועלטלעך, ביי אונזער פּאָעזיע זיינען טיר און טויער ברייט אָפן; מיר וועלן אַלצדינג אַריינגעמען און אַרויסגעבן דיכטונג, וואָס וועט זיין יידיש. די לעגיטימע גרענעץ איז דאָ די שפּראַך.

אַלטע קולטורעלע אומות האָבן ניט מורא געהאַט אַריינצונעמען עקזאָטיק. מיר היטן זיך פאַר עקזאָטיק, ווייל מיר ווילן ניט זיין לעכערלעך־קליינשטעטל־דיק. מיר זיינען דאָך באַרימט אויף דער וועלט מיט אונזער הומאָר. איין גרויס עקזאָטיש לאַנד האָבן מיר — מדבר. מיט אַ דור צוריק האָט אַ גרופּע יידישע שריפטשטעלער און פּאָעטן זיך דערזען אַרויסגעוואָרפן אין אַ פרעמד לאַנד, וואָס איז געווען פאַר זיי צוערשט אַ מדבר. זיי האָבן באַשלאָסן, אַז פאַר זייער קונסט איז נייטיק אָט דעם מדבר צו פאַרטיפן, זיך אַליין צו פאַרטיפן און די אייגענע קונסט־חלומות און אַרבעט, אָוועקצוגיין אויף אַ ווייל פון אַלע גויטן פון אַרומיקן לעבן, וואָס איז זייער קונסט געווען ווייט ניט אין טאָן.

אייניקע פון אָט די דיכטער־איבערוואַנדערער האָבן געפרואווט צו פאַר־אַנקערן אין דער נייער ערד, אַנדערע — אין די זכרונות פון דער אַלטער, וואו עס זיינען געבליבן די קינדהייט און יוגנט. נאָך אַנדערע האָבן כסדר אויסגעפרואווט זייער שטים אין געשרייען קעגן דער גרויסער שטיינערנער

שטאָט. דער וויכטיקסטער קערן פון דער גרופּע אָבער האָט דאָ, אין דער פרעמדקייט און איינזאַמקייט, זיך נאָך אַביסל מער פאַרפרעמדט און פאַר־איינזאַמט, צו פאַרטיפן זיך אין דער וועלט פון דער אייגענער קונסט.

זיי האָבן פאַר דער יידישער פּאָעזיע אויסגעפאָרשט און איינגענומען איר נייע וועלט, — פאַר זיך, אַזוי ווי פאַר שפּעטערדיקע, און אויך פאַר די עלטערע פּאָעטן, וואָס האָבן געשטעקט אין פלאָנטער און פענטעס פון „גראַמען־דעפּאַרטמענטס" ביי פאַרשיידענע באַוועגונגען, ווי זישאָ לאַנדוי האָט דאָס ריכטיק אָנגערופן.

מאַני לייב האָט אַ סך געוואַנדערט איבער אָט דעם „מדבר פון חלומות" זיינעם, פון אָוונטיקע קונסט־חלומות, און ער איז געקומען צום לאַנד פון זיין באַגער, צום לאַנד מעלאָס. די אַנעקסיע פון אָט דעם לאַנד, מיט זיינע פרישע קוואַלן פון געזאַנג, האָט אונזער דיכטונג־מלוכה געמאַכט גלייך מיט פּאָעטישע וועלט־מלוכות פון אַנדערע אומות.

אויסצופאָרשן און איינצונעמען דאָס ניי־געפונענע לאַנד פון פּאָעזיע האָט געפאָדערט אַ סך אַרבעט, און דאָס האָבן געטאָן יעדערער אויף זיין אויפן, די פּאָעטן פון יענעם דור און פון שפּעטער, אָבער מער פון אַלעמען מאַני לייב. זיין פּאָעזיע, ווי מיר האָבן זי באַקומען אין זיין ערשטער דריי־בענדיקער זאַמלונג, איז געווען ניט באַזונדערס סאָציאַל און ניט אַפילו יידיש און קעמ־פעריש אַלמענטשלעך און אַלוועלטלעך; ניט אַמעריקאַניש און ניט איראַ־פעאיש, — נאָר ריין מעלאָפּעאיש, עקסקורסיעס אין לאַנד פון ריינעם געזאַנג.

מען האָט געמוזט געבן דעם יידישן פערז יענעם מעלאָדיזם, אויף וועלכן פרעמדע און אייגענע קעגנער און גרינגשאַצער פון דעם לשון פון אונזער פאָלק האָבן אים געהאַלטן פאַר אומפעאיק. דאָס האָט געטאָן מאַני לייב, דאָס האָבן געטאָן זישאָ לאַנדוי, ראובן אייזלאַנד, אַביסל שפּעטער ה. לייוויק און אַנדערע פּאָעטן פון יענער צייט און שפּעטער.

אַלע יינגערע פּאָעטן פון יענער צייט, וואָס האָבן פאַרמאָגט טאַלאַנט און פאַרשטענדעניש, האָבן אָנגענומען די נייע ווענדונג פון דער גרופּע, וועלכע מען האָט אַ נאָמען געגעבן „יונגע". די יידישע פּאָעזיע האָט דורכגעמאַכט אַ פולשטענדיקע רעוואָלוציע.

עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ שטרענגע אַרבעט אויף אַלע עלעמענטן פון ליד, — וואָרט, שורה, סטראָף, אאַז"וו. דאָס וואָרט האָט באַקומען וואָג, איז געוואָרן ציכטיק און פריש. מען האָט געמאַכט אַלערליי מעטרישע און ריטמישע עקספּערימענטן. מען האָט אויך גרינדלעך אויסגעפאָרשט דאָס אי־נערלעכע לעבן פון ליד, די פּאָעטישע אידיי. אין יענע יאָרן זיינען די רוסישע פּאָעטן מיטן גרעסטן איינפלוס און אָנזען נאָך אַלץ געווען די סימבאָליסטן, אָדער די, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פון זיי, און די ווירקונג פון סימבאָליזם

האָט זיך שטאַרק געפילט אויך אומעטום אין איראָפּע. צו דער ריכטונג האָבן אויך געהערט די דריי פיינסטע דייטשישע פּאָעטן פון יענער צייט, ראַינער מאַריאַ רילקע, סטעפאַן געאָרגע און הוגאָ פאָן האָפמאַנסטאַל.

מאַני לייבס גרופּע האָט גוט געקענט די דייטשישע און רוסישע פּאָעטן פון יענער צייט און פריער און די פּאָעטן פון אַנדערע לענדער. זישאָ לאַנדוי, אייזלאַנד און מאַני לייב האָבן איבערגעזעצט לידער פון די פאַרשיידענע פּאָעטן און שפּראַכן, און מיר האָבן דעמאָלט צוערשט דערפילט דעם טעם פון גוטער פּאָעטישער איבערזעצונג. באַזונדערס פיל האָט איבערגעזעצט לאַנדוי. שפּעטער אָבער האָט מאַני לייב געדרוקט זייער אַ סך איבערזעצונגען פון אַלטער און מאָדערנער פּאָעזיע.

דאָס לעבן פון די יונגע דיכטער־אימיגראַנטן איז געווען שווער. די טעג פלעגן אַוועקגיין אין די געוויינלעכע, אַלעמאָל שווערע זאָרגן פון לעבן, און די אָוונטן און די איבעריקע צייט זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן דער יידישער פערז־קונסט. מאַני לייב האָט אין פּאָעזיע געזען דעם יום־טוב פון לעבן. זיין ליד גופא איז אַלעמאָל יום־טובדיק. אייזלאַנד און לאַנדוי האָבן אַ צייט געזוכט די פּאָעזיע פון אַלטאָג, פאַרשיידענע פּאָעטישע אידייען זיינען גוט דורכגע־טראַכט געוואָרן. עס איז געווען אַ צייט פון לאַבאָראַטאָרישער אַרבעט אויפן יידישן ליד.

מאַני לייב האָט אין זיינע לידער פאַראייניקט פּאָעטישע פאַנטאַזיע און וויזיע מיט טיף־אויפריכטיקן אינטענסיוון געפיל. ער האָט געגעבן בילדער און מוזיק, אָפטמאָל אין האַרמאָנישער פאַראייניקונג, און אַזעלכע לידער האָבן ביי אונז געמאַכט דעם שטאַרקסטן רושם. ער איז געקומען מיט זיין גרויסן לירישן כוח, ווען די פאַרוואָרלאָזטע, שליאַבעריקע היגע יידישע דיכטונג האָט זיך אין אים געבייטיקט זי אָפּצופרישן, באַלעבן און באַנייען. מאַני לייב און זיין דור האָבן דאָס יידישע ליד באַפרייט.

צוזאַמען מיט דעם האָבן זיי אויך שטאַרק אויפגעהויבן די חשיבות פון פּאָעזיע. די ליבע צום ליד, דער גלויבן אין ליד זיינען אפשר ביי קיין אַנ־דערן יידישן פּאָעט ניט געווען און ניט געבליבן אַזוי שטאַרק און גאַנץ, ווי ביי מאַני לייבן.

די ליבע צום ליד, דער ווילן צום ליד, דער קולט פון ליד, — דאָס אַלץ האָט אומפאַרמיידלעך געפירט צו דעם לאָגישן רעזולטאַט, צו דער הויכער קולטור פון ליד. ליבע, די גרויסע ליבע, איז איינע און דערלאָזט ניט קיין קאָנקורענטן. ליבע וויל זיין אַליין מיטן געליבטן. פריער האָט מען אין יידישן ליד געליבט דאָס פאָלק, דעם אַרבעטער־קלאַס, גאָט, די מענטשהייט און וואָס ניט? אָבער ווען די גרויסע ליבע צום ליד איז געקומען, האָבן די אַלע זאַכן, ווי הויך זיי זיינען ניט געווען, געמוזט אויף אַ צייט אָפּטרעטן דעם אָרט.

די ליבע צום ליד איז ניט מיטאַמאָל געקומען צום זעלבסטבאַוואוסטזיין, — דאָס איז געקומען שפּעטער. צוערשט האָט דאָס געמוזט זיין אַ ניט אין גאַנצן באַזיגטער, טונקעלער אינערלעכער דראַנג, און עס האָט געמוזט זיין נאָך אַן אָביעקט, אָדער מעדיום פון ליד. דער לאָגישסטער אָביעקט, אָדער מעדיום איז געווען — „איך", דער פּאָעט־יחיד.

דער „איך" איז ביי דער גרופּע ניט געווען דאָס, וואָס ביי די רוסישע סימבאָליסטן, למשל, וועלכע האָבן אין זייער מעטאַפיזישער און מיסטישער אידייען־ און פאָרשטעלונגס־וועלט געשטעלט דעם „איך" אין צענטער פון באַשאַף. דער „איך" וואָלט דאָ גיכער געקאָנט אָנגערופן ווערן גלייכצייטיק דער מזבח און דער קרבן אין דעם הייליקן טעמפּל פון דער קונסט.

דעריבער האָבן געמוזט אַרויספאַלן אַלע ביז־דעמאָלטיקע הויכע און הייליקע טעמעס פון פּערזן — פאָלק און מענטש, נאַטור און גאָט, גוזעלשאַפט און גלויבן. דער פּאָעט האָט געמוזט זיין פּנים אל פּנים מיטן ליד. ערשט שפּעטער, מיטן אויסגעפורעמטן ליד, האָט ער געקאָנט אַרויסקומען צוריק צו אַלע גרויסע און וויכטיקע און הייליקע טעמעס. און אָן אויסנאָם אַלע האָבן אַזוי געטאָן. אָט אַזאַ אַנטוויקלונג האָט דורכגעמאַכט מאַני לייב.

קיין זאַך איז ביי מאַני לייבן ניט געווען אַזוי הייליק, ווי די הייליקייט פון ליד, און אַלע גלויבנס האָט ער געבראַכט אַ קרבן צום גלויבן פון ליד. און די חברים־דיכטער האָבן אין אים אָנערקענט דעם ערשטן דעראָבערער, דעם קאָנקוויסטאַדאָר פון דער ניי־געפונענער וועלט פון יידישער פּאָעזיע.

מאַני לייב האָט געגעבן וואונדערלעכע צוזאַמענשמעלצונג פון בילד און מוזיק, פון ראַפינירטער שטימונג־מאָלעריי מיט הויכער מייסטערשאַפט און פיינסטער און פרישער פאָלקסטימלעכקייט. אַזעלכע לידער האָבן ניט גע־קאָנט ניט פאַרכאַפּן. אָבער זייער אַ סך האָבן צוערשט אין גאַנצן ניט פאַרנו־מען, דערנאָך אָנגעהויבן הערן און ווערן צוגעוואוינט, און צולעצט דאָס אָנ־גענומען ווי אַ נאַטירלעכע זאַך; עס פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן צוערשט געשריען און געזידלט, דערנאָך געמורמלט און צולעצט אַנטשוויגן געוואָרן און שלום געמאַכט. עס איז געווען אַ לאַנג־יעריקער קאַמף מיט די „יונגע" פּאָעטן, און די „יוגנט" האָט, נאַטירלעך, געוואונען.

אָט איז איינס פון מאַני לייבס אַמאָליקע כאַראַקטעריסטישע לידער — „אַ נאַכט":

זי וועט אַרומגיין בלינדערהייט,
מיט בלינדע פינגער טאַפּנדיק
אין גאַסן אויסגעלאָשענע,
מיט בלינדע פינגער קלאַפּנדיק
אין פענצטער צוגעשלאָסענע.

זי וועט זיך זעצן ביי אַ פלויט,
די שוואַרצע האָר צעשויבערן,
אויף עמיצן צו לויערן,
און עמיצן פאַרצויבערן
און עמיצן באַדויערן.

און אָט זיינען צוויי אַנדערע מיניאַטור־בילדער, — „הערבסטיקער רעגן":

גרוי און אַלט, גרוי און בלאַס,
איינגעהויקערט און נאַס
גייט ער אום אויף אַ קוליע אין גאַס,
און ער טאַפּט פאַר זיך בלינד,
און ער וויגט זיך פון ווינט
און גיסט טרערן אויף אונדזערע זינד.

און — „וויטער":

פאַר מיינע פאַרקלערטע שויבן
הויבן זיך העכער, העכער
הויכע פאַרשנייטע דעכער,
הויכע אין זילבערנע הויבן.

פאַר מיינע פאַרקלערטע שויבן
איבער די הויכע דעכער
הויבן זיך העכער, העכער
רויכלעך, ווי זילבערנע טויבן.

דער מעטאָד איז אַ סימבאָלישער, אָבער די גרופּע, הגם נאָענט צו די סימבאָליסטן אין פּראַקטיק, האָט ניט געהאַט קיין סימבאָלישע אידעען און טעאָריעס. דאָס האָט אגב פאַרהיט אונדזערע דיכטער פון די שטרויכלונגען און קריזיסן פון די רוסישע סימבאָליסטן, למשל. גיכער זיינען זיי געווען ערגעץ צווישן פּאַרנאַס און דעם וואַלד פון די סימבאָליסטן. און וועגן פון שפּעטער־דיקע ליטעראַרישע שולן, די דריי קליינע לידער זיינען, דוכט זיך, פשוט און קלאָר; אָבער אַזוי איז שווין אין לעבן, אַז די פשוטסטע זאַכן זיינען שווערער פון אַלץ צוערשט צו באַנעמען, און אַז פּאָעטן־דערפינדער מוזן זיי צוערשט אַרויסברענגען. אוי־ערן זיינען צו אַזעלכע פערזן ניט געווען צוגע־וואוינט, און זיי האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אין די פוסטע מליצה־געשרייען מיט שלעכטער עברי אין די „נייע" געזאַנגען איז געווען נאָר — „פּוסטער קלאַנג".

**אונזערע „יונגע" פּאָעטן האָבן אַבסטראַהירט פון ליד יעדן קאָזיאָנעם „אינהאַלט", און אַז זיי האָבן דאָס ליד אויסגעטאָן פון אַלע הייליקייטן, איז געבליבן אַ קאָנקרעטע, ממשותדיקע און לעבעדיקע זאַך. און די פריערדיקע „אידייען־דיכטער" האָבן מיטן גאַנצן הייליקן „אינהאַלט" געגעבן גרילצנ־דיקע און באַנאַלע אַבסטראַקציעס.**

**אָבער דעמאָלט, ווען דאָס פּאָעטישע וואָרט איז געוואָרן געצאַמט, אָר־גאַניזירט און באַלעבט און האָט אָנגעהויבן זינגען האָט מען דעם וואונדער צוערשט ניט געקענט פאַרנעמען, האָט מען געהאַט טענות צום וואָרט, וואָס זינגט, אַלעמאַי עס זאָגט ניט, אַלעמאַי עס פילאָסאָפירט ניט. דאָס איז פּונקט ווי מ׳וואָלט געהאַט טענות צו אַ חזן, פאַרוואָס ער איז ניט קיין מגיד, אָדער מקובל.**

**אָט איז מאַני לייבס אַ שפּעטערדיק ליד:**

אין בוזעם — ברויט אַ רייפטל,
מיט טרויער פון די טעג,
בין איך מיר מיט מיין פייפל
אַרויס אין ברייטן וועג.
און הילכיק, העל און הייטער —
אַ גלעקל פון פאַרפרי,
בין איך געגאַנגען ווייטער,
אַ פייפער פון ניט הי.

האָב איך געפייפט פאַר קינדער,
פאַר גראָז און קלוגע לייט,
פאַר וואָלקן און פאַר רינדער,
פאַר ווינט און פאַר דער ווייט.

דער קלוגער האָט פאַרנומען ? —
אַ גראָז, אַ קינד, אַ רינד ? —
און אָפּהילך איז געקומען
פון וואָלקן מיטן ווינט.

בין איך מיר מיט מיין פייפל
געגאַנגען אויף מיין וועג,
מיט ברויט אַ האַרטן רייפטל,
מיט טרויער פון די טעג.

איז ווער וועט וואַרפן שטיינער
אין מיינע ווייטע טריט?
אַ פייפער נאָר אַזיינער, —
קיין נביא בין איך ניט!

דער פיינער און קלאָרער אַפּשפּרעך־פערז האָט אָבער ניט געהאָלפן: עס האָט זיך שוין געפונען ווער ס'זאָל וואַרפן שטיינער. און די שווערסטע שטיינער זיינען געקומען פון הענט, וואָס האָבן דווקא געמעגט זיין אי קליי־גער אי גנעדיקער. אַליין מענטשן מיט טיפן סאָציאַלן, וועלט־ און פאָלק־טרויער, האָבן זיי ווינציק פאַרנומען און נאָך ווינציקער געהאַט געדולד צום טרויער פון אַ יידישן פּאָעט, ניט קיין נביא, וואָס וואַנדערט אין זיין וויסטע־ניש, — צו אַ פּאָעטישן, צו זיך־געווענדטן, קול־קורא במדבר. אַהאַ, אַ פייפל גאָר! אין אַזאַ צייט! און וואו זיינען די מלחמות און רעוואָלוציעס? דאָ אין ניו־יאָרק, צווישן בבל־טורעמס, מיט אַן אוקראַינישן פייפל!

אָט די אַלטע געשיכטע, וואָס בלייבט, ווייזט אויס, אייביק ניי, האָט זיך ביי אונז איבערגעחזרט און האָט מיט דעם אייגנטלעך, באַשטעטיקט, אַז מיר זיינען ניט קיין יוצאים מן הכלל אין פּאָעזיע פון אַנדערע אייראָפּעאישע פעל־קער, אַז מיר זיינען אַ פולשטענדיק געזונט און נאָרמאַל פאָלק, ניט ערגער און ניט בעסער פון אַנדערע. דער רעוואָלוציאָנערער פּרינציפּ און דער קאָנ־סערוואַטיווער האָבן אויך ביי אונז איינער דעם אַנדערן באַלאַנסירט.

אין דעם היכל פון קונסט, אין דעם קדשי־קדשים פון גרויסער ליריק, פון „הויכן וואָרט", קאָן מען אַריינקומען נאָר מיט ליבע און גלויבן. דער באַ־רימטער ענטפער פון פרומען צום אַפּיקורוס אין דעם פאָלק־וויץ: „אָט זעסטו דאָך", איז דאָ אַן ערנסטער פּרינציפּ. פאַרשטייט זיך, אַז אייער געוויסן איז פריי, און אויב אייער גלויבן און ליבע האַלטן אייך ניט געגנוג פעסט, פאַלט דאָך במילא אַוועק דער היכל, דער קדשי־קדשים ווערט ניט, און איר דער־זעט זיך אין דער היים, אויף דער גאַס, ביי אייער אַלטעגלעכער באַשעפטיקונג. ביי אונז זיינען מענטשן געוואָרן דענערווירט, ווען זיי האָבן פּאָעזיע ניט גע־קאָנט ראַציאָנאַליזירן.

עס וואָלט געווען אַן אומזין צו האָבן טענות צום מיראַזש, אַלעמאַי ער האָט אונז אָפּגענאַרט. דער קאַראַוואַן־פירער אין מדבר און דער ווייט־און קלאָר־זעענדיקער פּאָליטישער און סאָציאַלער פירער אין דעם קאָמפּליצירטן לעבן פון דער היינטיקער ציוויליזירטער וועלט וואָרענען אונז נאָכאַנאַנד קעגן מיראַזשן, ווייל דאָ זיינען זיי באמת געפערלעך. אָבער פאַר דעם ליריקער איז מיראַזש דער ממשותדיקסטער מאַטעריאַל, אַ טעראַ פירמע, אַ פעסטע און גייטיקע רעאַליטעט. אַלץ, וואָס פּלאַטאָ האָט געקאָנט טאָן, איז אויסשליסן פאָ־

עטן פון זיין רעפובליק, אָבער ער האָט זיי ניט געקאָנט אָפּזאָגן אין דעם רעכט צו באַנוצן זייער מאַטעריאַל און זייער מעטאָד אין אַרבעט.

די פּרעטענזיעס וועגן אָפּרופן אויף וועלט־געשעענישן האָבן צו מאַני לייבן בכלל קיין שייכות ניט. ער האָט געגעבן אָפּרופן אי אויף דער איצטי־קער קאַטאַסטראָפע, אי אויף פאַרשיידענע „אייביקע" פּראָבלעמען, יידישע און אַלוועלטלעכע. נאָך אין דעם בוך ליריק פון דער ערשטער זאַמלונג האָט ער רעוואָלוציאָנערע פערזן („דער טאַטע, ניט קנייטש אַזוי ביז מיטן ברעם . . .")

אונזער מאָדערנע יידישע פּאָעזיע איז אין גאַנצן אַלט פופציק יאָר: פון פרוגס יידישע לידער, פון זיין „שמשס טאָכטער" און ביז יחיאל לערערס „מיין היים", וואָס איז אַרויס מיט פינף יאָר צוריק, אָדער פון די ערשטע לי־רישע לידער פון אונזער קלאַסיקער־מייסטער פון ליד און דערציילונג אברהם רייזען און ביז היינט איז ניט מער ווי אַ האַלבער יאָרהונדערט. דאָס דאַרף אונז ניט שרעקן: די מעכטיקע רוסישע ליטעראַטור איז אַלט הונדערט און פופציק יאָר, פון פושקינען — הונדערט פינף און צוואַנציק יאָר. אָבער אייראָפּעאישע אידייען האָבן צו אונז געמוזט קומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג, און די גאַנצע אַנטוויקלונג פון דער פּאָעזיע האָט געמוזט אָנגיין ספּאַראַדיש, מיט שפּרונגען. דאָס דאַרף אונז אויך ניט אַנטמוטיקן, מיר האָבן דאָ ווידער דעם ביישפּיל פון די רוסן — אויך ביי זיי איז אַזוי געווען, און דאָס האָט זיי גאָר ניט געשאַדט.

די אַרבעט אויפן יידישן פערז, וואָס איז דאָ דורכגעפירט געוואָרן, האָט ניט געקאָנט געטאָן ווערן אין רוסלאַנד, וואו אויפן קאָפּ פון אונזער פאָלק האָבן זיך געשאָטן אומגליקן אָן אויפהער. יידישע פּאָעטן אין רוסלאַנד האָבן זיך געשטיקט אין דער דאָרטיקער אַטמאָספער. דאָרטן האָט, חוץ יחידישער ליריק, געקאָנט זיין נאַציאָנאַלע און רעוואָלוציאָנערע פּאָעזיע. דאָ אין אַמע־ריקע איז אויסגעוואַקסן אַ סאָציאַלע פּאָעזיע, אָבער דער אָנקום פון מאַני לייבס דור האָט סוף כל סוף אָפּגעשטעלט דעם מבול פון פסעוודאָ־פּאָעזיע אויף „הויכע טעמעס". אַזאַ מין פּאָעזיע דרוקט זיך נאָך אין פאַרשיידענע צייט־שריפטן, אָבער דאָס קאָן שוין ניט שאַדן: עס איז פאַראַן אַ פּאָעטישע געזעל־שאַפטלעכע מיינונג, אַ פּאָעטיש געוויסן.

פון פרוגן, רייזענען, איינהאָרנען און ביז מאַני לייבן און שפּעטער איז די יידישע פּאָעזיע שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון דער רוסישער, אָבער טיפער איז אין יעדן פאַל די ווירקונג פון נאַציאָנאַלע יידישע טראַדיציעס. אונזער גאַנצע יונגע פּאָעזיע, פון רייזענען און ביז דעם יינגסטן דור, איז איצט איינס. די צייט האָט דאָס באַשטימט.

דאָס וואָרט ווערט געשאַפן פון פאָלק און ווערט נאָך אַמאָל אויסגעפונען פון דעם פּאָעט. די אַרבעט הערט ניט אויף. דער אַמאָליקער אָפּגעשלאָסענער

און פאַרשלאָסענער מאַני לייב גייט איצט מיט זיכערע טריט אויף די ברייטע וועגן פון דער רייכער יידישער דיכטונג.

דער צער אין אויגן ביי אַ צווייטן
באַצווינגט מיך, ווי אַ גוטער האַר,
און ווילִיק טראָג איך יענעמס קייטן,
און ווילִיק טראָג איך יענעמס צער.

נאָר צער אַזויפיל קומט באַצווינגען
דעם שוואַרצן שיטל פון מיין קאָפּ!
איז רייס איך רינגען פון די רינגען
און נייג די אַלע קייטן אָפּ.

איך בין אַן עפּלבוים אַ מידער,
אין ערד געוואָרצלט ביז אין דיך.
און ווי דער בוים די עפּל — לידער
ווי עפּל וואַרף איך אַרום זיך.

דער זעלביקער מאַני לייב, מיט זיין מוזיק, גוט אָפּגעקליבענעם וואָרט, פיינער מייסטערשאַפט און דערזעלביקער, נאָר רייכער געוואָרענער דיקציע, נאָר ער איז רייפער און רואיקער. און אין יעדער שורה הערט איר מאַני לייבן ווי אַלע מאָל.

אין וועג איז אַלע מאָל געשטאַנען ברייט אָפן פאַר מאַני לייבן, גרייט, זוניק און פריש — דער וועג צו קינדער. די קינדער האָבן צייט, און זיי פאַר־נעמען גערן לידער און מעשות אין דעם ליבן לשון פון באָבע און זיידע, — אַ לשון, וואָס זיי האָבן ליב, זיי האָבן ניט אַרום וועגן פרעמדע זאַכן, און זיי פראַוועט ניט קיין פרעמדע יום־טובים, וואָס זיי פאַרשטייען ניט. זיי זוכן ניט אַזוי דורשטיק זיך צוצופּאַסן צו אַ פרעמדן לעבן, ווי די גרויסע טוען, ווייל מען מוז דאָך לעבן.

עס וואָלט געווען די אומנאַטירלעכסטע זאַך אויף דער וועלט, ווען מאַני לייב זאָל ניט קומען מיט זיין פּאָעזיע צו די קינדער. ער איז געקומען צו זיי און האָט זיי געבראַכט פיינע מתנות, אַ סך פּאָעמעס און לידער, אַ גאַנץ בוך — „וואונדער איבער וואונדער".

אין מאַני לייבס ערשטן פּעריאָד איז, חוץ די אַמאָליקע לידער, די גרויסע דערגרייכונג געווען דערהויפּט אין דעם גאַנצן נייעם וועג, וואָס ער האָט מער פון אַנדערע געעפנט פאַר דער יידישער ליריק. איצט איז זיין וועג אַ באַשטימ־טער, און דערגרייכונגען געפינען מיר דערהויפּט אין זיינע באַזונדערע נייע

לידער; און ער גיט זיי אונז ביז היינטיקן טאָג און וועט זיי אונז נאָך לאַנג געבן.

## II

פּאָעטישע דורות לויפן דורך זייער גיך, ווען אַ ליטעראַטור האַלט אין וואַקסן. אונזער מאָדערנע יידישע ליטעראַטור איז איינע פון די יינגסטע ליטעראַטורן אין דער מערב־וועלט, און עס איז קיין חידוש ניט, וואָס זי איז זייער גיך געוואַקסן. אונזער מאָדערנע יידישע פּאָעזיע איז אין גאַנצן אַלט ניט מער ווי עס איז אַלט אונזער מאַני לייב, דער איצטיקער בן־שישים. מאַני לייבס דור איז געווען דער צווייטער, אָדער דריטער אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע. עס איז שוין לאַנג געקומען אַ ווייטערדיקער דור און נאָך אַ דור. עס האָבן שוין געקאָנט זיין אייניקלעך און אפשר אוראייניקלעך פון דעם דור פּאָעטן, וועלכן מען האָט ביי אונז געגעבן דעם נאָמען „יונגע". מאַני לייב אַליין האָט וועגן דעם יינגערן דור פּאָעטן מיט יאָרן צוריק געהאַט אַזאַ פיין שפּילעוודיק ליד (מיט אַן אויפשריפט „ר. איזלאַנדן"):

### די פּאָעטן נאָך אונז

די פּאָעטן, וואָס קומען נאָך אונז — יונגע פעדרלעך אין צוימען
אויף די פריילעכע טאָלן. די עקן פאַרשאַרצט אין די בלויען,
בלוט און מילך אין די אויגן, די קלויען אַריבער די רוימען,
און דער שטויב און דער דימענט בליצט שאַרף אונטער זייערע קלויען.
און מיר זיינען שקאַפּעס אין זומער. באַלאָדענע שלעפּן מיר ווייטער
ריינעם גאָלד, געלן קאָרן פון שוואַרצערד צום שאָטן פון שייער.
און אין נעכט פון פאַרצערטע לבנות, און אין שאָטן פון זוניקן פייער
זוכן זייערע ליפּלעך די בלוי־מילך פון אונזערע אייטער.

יענע „יונגע פערדלעך" האָבן שוין באַוויזן אָפּצושפּרינגען זייער צייט און ווערן סטאַטעטשנע, און אַ טייל פון זיי באַרימטע פּאָעטן, און אַנדערע זיינען געקומען נאָך זיי. און דאָך, ווען מיר ווילן האָבן אַ לעבעדיקן סימבאָל פון אונזער יונגער יידישער פּאָעזיע, — יונגער, ניט אין דעם זין פון אַ ריכטונג, אָדער גרופּע, — איז דאָס מאַני לייב.

מאַני לייב און זיין דור זיינען געקומען אין דער יידישער דיכטונג מיט אַ קלאָרן און ליכטיקן ווילן — ניט נאָר אויפצוהייבן דאָס יידישע ליד פון שטויב, אין וועלכן ניט־געשיקטע און ניט־באַרופענע הענט האָבן עס פאַרוואַלגערט, נאָר אָנצוהייבן אַ ניי יידיש ליד. אין דער יידישער דיכטונג פון זייער יוגנט־צייט דאָ אין דער נייער וועלט האָבן מאַני לייב און זיין דור אויפ־

געהויבן אַ פּאַן פון מרידה, וואָס איז דערנאָך געוואָרן די פּאַן פון אַ ניי־גע־פונענער וועלט אין אונזער פּאָעזיע. מאַני לייב האָט באַוויזן דורכצוטראָגן אָט די פּאַן ביז איצט, און ער האָט קיינמאָל זיך ניט אָפּגעווענדט פון איר אַן אַ זייט, ווי עס האָבן אָפּט געטאָן אַנדערע פון זיין דור און שפּעטער.

יעדער פּאָעט פון יענער צייט, און נאָך דעם, האָט געהאַט זיין באַזונדערן וועג, פאַרשטייט זיך, און די אַלע וועגן האָבן פון פאַרשיידענע זייטן געפירט צו דעמזעלביקן רוים פון אונזער רייכערער און רייפערער דיכטונג. אָבער קיינער איז, דאַכט זיך, ניט געגאַנגען אויף אַזאַ גלייכן וועג ווי מאַני לייב, ניט אָפּווייכנדיק פון אים קיינמאָל.

אין פאַרשיידענע צייטן האָט מען ביי אונז גערעדט, און אַמאָל אויך „גע־מורמלט" וועגן אַלערליי איינפלוסן אויף מאַני לייבן פון פרעמדע ליטעראַטורן. שטאַרקע איינפלוסן פון אַ פרעמדער ליטעראַטור, אָדער אפילו פון עטלעכע ליטעראַטורן, זיינען געוויס ביי אַ פּאָעט ניט קיין חסרון און ניט קיין מעלה, נאָר אַ נאַטירלעכע זאַך, — באַזונדערס אין דעם פּאָעטס פאָרמאַטיווער צייט, אָבער אויך שפּעטער, — ווי עס איז נאַטירלעך, למשל, דער איינפלוס אויף אַ שריפטשטעלער פון דעם באַזונדערן קלימאַט, אין וועלכן ער וואַקסט אויס, און פון די היימלאַנד־פּעיזאַזשן פון זיין יוגנט. און וואָס גרעסער דער פּאָעט, אַלץ טיפער וועט ער אַריינגעמען אין זיך און אַסימילירן אָט די אַלע עלע־מענטן. מען צעמישט ביי אונז איינפלוסן מיט נאָכמאַכונגען. די בין וועט אויפ־זאַמלען בלומען־שטויב און וועט פון דעם אַרויסברענגען גוטן האָניק; די פליג וועט גאָרנישט ניט אַרויסברענגען.

אין אַ פיינעם לירישן אַרטיקל וועגן לאַנדוין, אין דעם בוך „זישאַ לאַנדוי", דער איינציקער אַרטיקל מאַני לייבס, וואָס איך געדענק, — דערמאָנט ער אָט וואָס וועגן איינפלוסן סיי פון פרעמד־שפּראַכיקע פּאָעטן, סיי פון אייגענעם חבר — פון לאַנדוין:

„... מיר זיינען נאָך אַלע יונג, טראַציק, מיט הויכע פּאַרריסענע קעפּ פון פּאָעטן אָנפּאַנגער. דאָס איז געווען אין יענע טעג, ווען אונזער פּאָעזיע איז געווען אַ „פּאָעזיע" פון סקאַרבאָווע ווערטער — ווערטער אָן לעבן, גריל־צנדיק, אָן געשמאַק און אָן אמתער פּאָעזיע; ווען אונזער פּאָעזיע איז געווען אַ פּאָעזיע פון „געדיכטע"...

„ביסטו געקומען, זישאָ, יונג, שיין און געוואַגט, און האָסט אונז אין פּנים מיט אַ קנייטש פון דיין אַריסטאָקראַטישער ליפּ איבערגעקרימט:

„גע—דיכ—טע..."

„מיר האָבן זיך פאַרשעמט. מיר, אָנפאַנגער, און עלטערע פון מיר, מיר האָבן דאָך נאָך אין יענע טעג אויך געשריבן „געדיכטע".

„האָבן מיר אויפגעהערט שרייבן „געדיכטע", און מיר האָבן געזוכט אַ נאָמען פאַר דעם, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן שרייבן.

„ביסטו געקומען, זישאַ, און האָסט געזאָגט:

„ — פון אונז דאַרף זיך אָנהייבן די יידישע פּאָעזיע פון דעם ריינעם קינסטלערישן ליד. —

„און אַזוי איז דאָס ביי אונז פאַרבליבן.

„און אין יענע טעג האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע פּאָעזיע פון ריינעם קינסטלערישן ליד."

ווייטער דערמאָנט מאַני לייב אין יענעם אינטערעסאַנטן אַרטיקל פרעמדע איינפלוסן און זייער גייסטיקייט. ער שרייבט:

„אַ סך, אַ סך זיינען מיר דעמאָלט געווען פּאָעטן אָנפאַנגער. נאָר פּאָעטן פון ריינעם קינסטלערישן ליד זיינען געוואָרן ווינציקער וויפל עס זיינען דאָ פינגער אויף איין האַנט.

„און צו די ווינציקע האָסטו, זישאַ, געזאָגט:

„ — שרייבן לידער איז קונסט. געדיכטע האָבן געקאָנט שרייבן אַלע, אָפילו ניט־באַרופענע. שרייבן לידער קען נאָר אַ פּאָעט אַ קינסטלער, וואָס ווייסט די נאַטור פון וואָרט, פון גערעדטן און געזונגענעם וואָרט.

„און אַזוי איז דאָס ביי אונז פאַרבליבן.

„דאָס געזונגענע און גערעדטע וואָרט איז טאַקע ניט געווען אין אונזער פּאָעזיע פון געדיכטע. האָבן מיר, אָנפאַנגער, ניט געהאַט פון וואָס צו לערנען.

„האָסטו אונז געזאָגט:

„ — מיר דאַרפן לערנען פון דער גויעשער פּאָעזיע, פון דעם יידישן פאָלקסליד און פון אונזערע פאָלקס־זינגער... פון דער גויעשער פּאָעזיע דאַרפן מיר לערנען די חכמה פון קונסט, און דאָס פאָלקסליד זאָל זיין אַ קוואַל פאַר אונז, די נאַטור אונזערע."

דאָ האָבן מיר שוין אַ פּראָגראַם. ווייטער, דערציילט מאַני לייב, האָט לאַנדוי געזאָגט, אַז „אמתע פּאָעזיע קומט פון קאָנקרעטער דערפאַרונג און דורך עקזאַקטן אויסדרוק פון וואָרט". אמתע פּאָעזיע קומט דורך פשטות, דורך קלוגער פשטות... זישאַ לאַנדויס רוף צו פשטות האָט אויף אונז גע־ווירקט אָפּצוטרייסלען זיך אויף שטענדיק פון פרעמדן „פּאָעטישן" פוץ און פון אַנדערע „פּאָעטישע" אָנשטעלן".

אויף דער לעצטער טעמע, פשטות, האָט מאַני לייב שפּעטער מיט יאָרן געהאַט אַן אינוואָקאַציע ליד „קום, פשטות":

קום, פשטות, קלאָרע, מיט דיין בלאַנקן מעסער
שנייד אויף דעם שוואַרצן פלאָנטער פון מיין זעל.
מיין וועלט פון אונטער טונקעלע און שווערע שלעסער
זאָל פאַר מיר אויפשטראַלן, ווי זונען פאַר מיין שוועל.

און וואָס אין טיפער פינצטערניש פאַר מיינע אויגן
איז בלינד פאַרבלענדט געווען, פאַרהוילט און פרעמד,
זאָל ווערן קלאָר פאַר מיר ווי ליכט פון רעגנבויגן,
און ווי די ווייסע לייוונט פון מיין העמד.

און אַלע לעבעדיקע און ניט־לעבעדיקע זאַכן,
וואָס לעבן ווייט פון מיר און אָפּגעווענדט,
דערנענטערן, דעק־אויף ווי ריינע וואַסער־פלאַכן,
און ווי מיינע ליבע צען פינגער פון די הענט.

און אויף מיין ענגער ערד פון ניט־דערשעפּטן טרויער
די שטים פון אַלץ, וואָס ליגט אין צער געשמידט,
ווי בלוט צו בלוט זאָל קלינגען צו מיין אויער
און אין מיין וואָרט געלייטערט דורך מיין ליד.

פשטות איז איינע פון די גאָר הויכע אידעאַלן אין קונסט. אַ סך קינסט־לער האָבן זי פּראָקלאַמירט. איך מיין ניט די פּאַראיינפאַכטקייט, צו וועל־כער עס האָט גערופן טאָלסטאָי אין „וואָס איז קונסט?״ נאָר די פשטות, וואָס רעדוצירט און דיסטילירט דאָס וואָרט, ביז עס באַקומט אַן עלעמענטי־שע קראַפט. צו אַזאַ פשטות האָבן קינסטלער דורכגעמאַכט אַ גרויסן מהלך און האָבן זי ניט דערגרייכט. ווי אַן אידעאַל, קען דאָס בכלל האָבן נאָר אַ דערנענטערונג, אָבער אין גאַנצן קען עס ניט ווערן רעאַליזירט, — אַזאַ רעאַליזאַציע וואָלט געווען דאָס ערשט־געשאַפענע גאָטס וואָרט. דאָס וואָלט געווען די העכסטע מדרגה פון דעם כוח פון פּאָעטישן אויסדרוק.

מאַני לייב האָט אין דעם אַ סך גרויסע דערגרייכונגען. אויפנעמען נייע פּאָעטישע תורות קענען אַלע; מאַכן פון נייע פאָרמולעס פון פּאָעטיק דעם געהעריקן געברויך וועט נאָר אַ פּאָעט. מאַני לייב האָט ניט לייכט אויפגענו־מען נייע פּאָעטישע טעאָריעס. ער האָט זיך צו זיי גוט צוגעקוקט און האָט אויפגענומען אין זיי נאָר דאָס, וואָס איז אים געווען אייגן און האָט אים געהאָלפן גיין בעסער צו זיין ציל. און אַלעמאָל, פון אָנהייב אָן, אין די פער־

ציק יאָר פון זיין פּאָעטישער אַרבעט, איז זיין ציל געווען איינער: דאָס קינסטלערישע ליד.

צו נייע ריכטונגען איז מאַני לייב געווען זייער אויפמערקזאַם, אָבער די מערסטע נייע ריכטונגען ביי אונז האָבן אים ניט געקאָנט אויף אַ האָר אָפּווענדן פון זיין אייגענעם וועג. דאָס הייסט ניט, אַז זיי האָבן ניט געהאַט אויף אים קיין שום ווירקונג. ער האָט געהאַט, למשל, עקספּערימענטן אין פרייען פערז, כאָטש ניט קיין סך, און זיי זיינען אַלע געווען איינגעגעבענע. דער עקספּרעסיאָניזם האָט אים איין צייט שטאַרק צוגעצויגן. אָבער מאַני לייב איז קיינמאָל ניט אַראָפּ פון זיין אייגענעם טאָן. איר האָט אַלעמאָל געקאָנט דערקענען מאַני לייבס שורה, ווען איר האָט זי דערהערט.

עס זעט אויס, ווי ער, דער פיינסטער ליריקער פון דער גרופּע „יונגע", וואָלט גענומען אויף זיך צו טראָגן ביז היינט און אויף ווייטער די טאָפּלטע לאַסט פון איר פּאָן, איר קרעדאָ, און פון איר נאָמען: צו זעכציק יאָר איז מאַני לייב איצט פריש און יונג אין זיין ליד ווי אַלעמאָל, און מאַני לייבס ליד איז ביי אונז נאָך אַלץ אַקטועל. מיר פרעגן נאָך עד־היום איינער דעם אַנדערן: געזען מאַני לייבס לעצט ליד? גאָר ניט קיין סך פּאָעטן האָבן צו דעם זוכה געווען.

פּאָעזיע איז ביי מאַני לייבן אַלעמאָל געווען און איז געבליבן די גרויסע ליבע. און ווייל ער האָט זיך ניט לייכט אונטערגעגעבן צו פרעמדע, צו־קאָמפּליצירטע טעאָריעס, האָט ער אויסגעמיטן שטרויכלונגען און אַנטוי־שונגען און נשמה־פּאַרוויסטונגען פון אַ סך אַנדערע פּאָעטן. ער האָט זיך פעסט געהאַלטן ביי זיין ציל און גלויבן און ניט געמאַכט דאָ קיין פּשרות. מיט אָט דער טיפער געטריישאַפט צו פּאָעזיע האָט זיך אויסגעצייכנט די גאַנצע גרופּע פּאָעטן, אין וועלכער מאַני לייב איז געווען דער צענטער און איז עד־היום דער פּאָן־טרעגער.

די האַנט איז געפאַלן פון ווייטיק
אין מי אין פאַרשפּאַרטער, אין האַרטער.
געדולד פון אַן אָקס איז דאָ נייטיק,
און דו ביסט אַ הירש גאָר אַ צאַרטער.

איז ברייטער צעצינדן די אויגן,
דאָס שפּיציקע אויער פאַרשאַרפן,
די פיס, ווי די פיילן פון בויגן,
אַריבער די היגלען פאַרוואַרפן.

און פלי אין די אָפענע הייכן,
און שטעך מיטן האָרן די שטערן,
און וואָס אין אַ חלום — דערגרייכן,
און ווי אין אַ חלום — ניט ווערן.

מאַני לייב האָט אַ ריי לידער וועגן לידער. דאָס ווערט איר געפונען ביי צוויי קאַטעגאָריעס פערזן־שרייבער: ביי פּאָעטן, וואָס זיינען זייער שטאַרק קאָנצענטרירט אויף זייער באַרוף; און ביי נאָכמאַכער, וואָס ווילן איינשמועסן זיך אַליין און אַנדערע, היפּנאָטיזירן, אָדער פּשוט פאַרמאַטערן מיט איבער־חזרונגען פון „איך פּאָעט", אָדער „מיר פּאָעטן"; אָדער מיט דעקלאַראַציעס, „ווי אַזוי לידער ווערן פאַרפאַסט", וואָס אַזוינס איז ליד, וואָס אַזוינס זיי ווילן האָבן פון זיך אַליין און פון דער וועלט מיט זייערע לידער. ביי מאַני לייבן זיינען פּראָגראַם־לידער כמעט אַלעמאָל נייע וואונדערלעכע דערגרייכונגען, פרישע פּאָעטישע פאָרמולירונגען, אָדער מוסטערן פון ווירטואָזיטעט פון פּאָ־עטישן אויסדרוק, — אָפט בײדע זאַכן צוזאַמען.

ביים פּאָעט, אין וועמעס ליד דער מוזיקאַלישער עלעמענט דאָמינירט, קומט די מוזיק פון אינעווייניק. דאָס איז וואָס דער פּאָעט האָט צו זאָגן. דאָס קינסטלערישע באַוואוסטזיין גיט צו דעם צו די געהעריקע מייסטערשאַפט פון פערזן־קונסט, און דעמאָלט האָבן מיר דעם פּאָעטס בעסטע דערגרייכונגען. מאַני לייב האָט אונז געגעבן אַזעלכע אומפאַרגעסלעכע לידער.

אונזער נייע יידישע פּאָעזיע איז זייער יונג, ניט עלטער פון אונזער מאַני לייבן. אונזער יידיש לשון איז אַ סך עלטער. אין אים האָט דאָס פאָלק אַריינגעלייגט אַ טויזנט־יעריקע געשיכטע, זיין אָנגעזאַמלטע טיפע חכמה, זיין גאַנצן גייסט און שיינע נשמה. אונזער פאָלק אַליין איז גאָר אַלט און האָט אַ טיפע און גרויסע נאַציאָנאַלע טראַדיציע. מיר זאָלן מורא האָבן, אַז גויעשע איינפלוסן וועלן מאַכן אונזער ליטעראַטור פאַר ניט יידיש?

מען ווייזט אָן אויף גויעשע איינפלוסן ביי מאַני לייבן און מען טענהט, אַז ער איז ניט־יידיש, — באשר ער איז אין דער יוגנט באַווירקט געוואָרן פון רוסישע און אוקראַינישע לידער, צוזאַמען מיט יידישע, און האָט אַרויסגעגעבן אַ באַנד „סלאַווישע מאָטיוון", איז ער גויעש.

אָבער, מיר דאַכט, אַז ווינציקער פון אַלץ קען מען מורא האָבן פאַר דער יידישקייט פון מאַני לייבן, — ער איז אפשר אין אייניקע פרטים נאָך יידישער פון וועמען עס איז ביי אונז, וואָס שרייבט אויף עכט־יידישע טעמעס. ער פאַרמאָגט אַ רייך פאָלקס־לשון, און ער איז אויך טיף־יידיש אין זיין לעבנס־באַנעם.

מאַני לייב איז געבענטשט מיט אַ פיינעם חוש פאַר לשון און וואָרט, מיט

אַן ערלעכער קינסטלערישער וואָג און מאָס און אַ וואונדערלעכן גלייכגעוויכט. זעלטן ווען איר וועט ביי אים האָבן עפּעס אַ מין „עקסצעס", — זיין געשמאַק און פיינער אורטייל און טיפער פּאָעטישער און יידישער אינסטינקט, וועלן דאָס ניט דערלאָזן.

ניט געקוקט אויף מאַני לייבס אַלע האַרבסטן, און ווינטערס, און בלינדע, און טרויערס און שנייען (און ער האָט וואונדערלעכע שנייען!) האָט ניט מאַני לייב קיין טויט. איר וועט ביי אים געפינען שטעלן אויפן מאָמענט פון טויט, בעת אַנדערע יידישע פּאָעטן פאַרטיפן זיך אין דעם. דאָס דערלאָזט אים ניט דער פּאָעטישער אינסטינקט, וואָרים טויט איז אים באמת פרעמד: ער איז פול מיט לעבן, באַוועגונג און געשעענישן. ער איז ביי אונז אַ פּאָעט ניט פון האַרבסט, נאָר פון זומער, אַזוי ווי ער איז אַמאָל געווען אַ פּאָעט פון פרי־לינג. דאָס דיקטירט אים אָבער אויך זיין טיף־יידישער אינסטינקט.

פון דער אַנדערער זייט האָט ער ניט יענע ווילדע, אומגעצוימטע פרייד, וואָס גיסט זיך אַריבער אַלע ברעגן, און וואָס מען וואָלט געקענט דערוואַרטן ביי אַ „רוס", אָדער „אוקראַינער", ווי אייניקע ווילן זיך אים פאַרשטעלן. ניין, אויך דאָ איז ער קינסטלעריש ערלעך און עכט־יידיש. זיין פרייד קומט זייער אָפט אין דער באַגלייטונג פון טרויער.

מאַני לייב האָט געבראַכט אונזער מאָדערנער פּאָעזיע וואָג און ריינקייט פון וואָרט, פון יידיש לשון, קלאַנג און בייגעוודיקייט פון דער פּאָעטישער שורה און מוזיק פון גאַנצן ליד. און איצט, נאָך כמעט פערציק יאָר שרייבן דורכאויס לידער, איז מאַני לייבס פערז פונקט אַזוי פריש און ניי און וואָגיק, ווי ער איז אַלעמאָל געווען, און רייפער ווי אַמאָל.

אָט דאָס איז מאַני לייב צו זעכציק יאָר.

(„פּראָלעטאַרישער געדאַנק", מערץ 15, 1944.)

# אברהם משה דילאָן

צווישן די יידישע פּאָעטן האָט דער נאָר וואָס פאַרשטאָרבענער אברהם משה דילאָן פאַרנומען אַ באַזונדערן, זיין אייגענעם, אָרט. ווי יעדער עכטער פּאָעט, האָט א. מ. דילאָן פאַרמאָגט זיין אייגענעם טאָן און זיין אייגענע טעמע. אָבער ניט מיט דעם אַליין האָט ער זיך אויסגעטיילט צווישן זיינע קאָלעגן. וואָס אים האָט אַוועקגעשטעלט גאַנץ באַזונדער אין דער יידישער פּאָעזיע איז געווען זיין מערקווירדיקע גאַנצקייט, סיי אין זיין וואָרט און ליד און סיי אַפילו אין זיין לעבן. און אינאיינעם מיט דער גאַנצקייט זיינער איז געגאַנגען זיין געטריישאַפט, זיין ערלעכע, תמימותדיקע איבערגעבנקייט מיט דער גאַנצער נשמה דעם קינסטלערישן וואָרט, דער יידישער פּאָעזיע און ליטעראַטור.

אברהם משה דילאָן איז ניט געווען קיין פּאָעט, וואָס האָט געוואָלט אי־בערראַשן מיטן גלאַנץ פון מייסטערשאַפט און טעכניק, אָדער זיין דורכאויס, פאַר יעדן פּרייז, אָריגינעל. דאָס אַליין איז שוין איינער פון די סימנים פאַר אַן עכטן פּאָעט. ער האָט זיין פערז און זיין וואָרט געזאָגט זייער פשוט, אָן קיין שום אויסערלעכער באַפּוצונג. זיין בילד איז קנאַפּ, זיין פאָרם — די סאַמע איינפאַכסטע, זיינע ווערטער — די פשוטסטע. אָבער דער איינדרוק פון זיינע פערזן בלייבן אַלע מאָל אַ פולער, אַ ניט־געשטערטער, — דער איינדרוק פון איבערצייגונג און גלויבן, דער איינדרוק פון עכטער פּאָעזיע.

אַ. מ. דילאָן איז ניט געווען קיין פּאָעט־געלערנטער, און ניט קיין פּאָעט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער רייכקייט פון ערפאַרונגען. אין לעבן איז א. מ. דילאָן געווען אומבאַהאָלפן און ניט־צוגעפּאַסט, ווי אַ קינד, און כמעט פונקט אַזאַ כבד־פּה, אַ מענטש מיט אַ שווערן לשון. אָבער ער האָט אַלע מאָל געפו־נען אין זיך איבערגעגעבנוג אויסדרוק־פעאיקייט, ווען ער האָט זיך גענומען שרייבן זיינע לידער. זיין וועלט איז געווען אפשר אַ קליינע, אַ באַשרענקטע, אָבער דערפאַר איז געווען צווישן אים און איר אַ פולשטענדיקע פאַרשטענ־דעניש און האַרמאָניע.

אברהם משה דילאָנען האָבן אַלע זייער גוט געקאָנט אין דער וועלט פון יידישע שריפטשטעלער און פּאָעטן, און די אַלע האָבן אים ליב געהאַט. ביי דער גאַנצער אָריגינאַליטעט זיינער איז ער געווען אַ מענטש אַן אָפּענער פאַר

אַלעמען, אָן קיין שום פאַרבאַרגענישן. א. מ. דילאָן האָט ניט געקאָנט לאַנג אויפהאַלטן פאַרבאָרגן אין זיך אַן איבערלעבונג. זי האָט זיך באַלד אויסגעגאָסן אין זיין ליד, ער האָט זי באַלד פאַרצייכנט אין אַ פּאָר סטראָפן. און זיינע לידער זיינען ווי אַ טאָג־בוך.

אברהם משה, ווי אַלע אין דער שרייבער־וועלט, האָבן אים מיט ליבע גערופן, האָט געטראָגן אין זיך אַ קוואַל; זיין אייגענעם קוואַל פון ליד, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגענומען, כאָטש ער האָט געשריבן ניט קיין סך. און אַלע זיינע יאָרן האָט ער געלעבט מיט דעם איינעם קוואַל זיינעם, מיט זיין ליד.

עס איז געווען אין א .מ .דילאָנען אַ מערקווירדיקע צונויפשמעלצונג פון אַזעלכע, דוכט זיך, קעגנזעצלעכע געפילן, ווי באַגייסטערונג און טרויער, —נאָך אַ סימן פון אַן עכטן פּאָעט. יעדער איינער, וואָס איז געקומען אין באַרירונג מיט א. מ. דילאָנען, האָט געמוזט אָנגעשטעקט ווערן פון זיין כמעט קינדערשער באַגייסטערונג און פרייד. און א. מ. דילאָן איז דאָך געווען איינער וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר א. מ. דילאָנס פשוטע און האַרציקע געזנגען, באַזונדערס אין די יינגערע יאָרן פון זיין ניט-לאַנגן לעבן.

א. מ. דילאָן איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ דיכטער פון צעריסנקייט מיט אַ ליכטיקער שיין האָט באַהעלט די גרויסע פינצטערקייט פון וועלט־באַנעמונג, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר א. מ. דילאָנס פשוטע און האַרציגע געזאַנגען, באַזונדערס אין די יינגערע יאָרן פון זיין ניט-לאַנגען לעבן.

א. מ. דילאָן איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ דיכטער פון צעריסנקייט מיט וועלט און לעבן, פון טרויער און יאוש און פון טויט. אָט זיינען אַ פּאָר פון זיינע סטראָפן:

נאַכט:

ס׳קריכט די פינצטערניש אין צימער אום.<br>
אָט קומט זי צו צו מיר<br>
און שפּרייט זיך אַרום מיר.<br>
כ׳פיל זיך אַ געפאַנגענער ביי איר.<br>
עס קלאַפּט מיין האַרץ<br>
און ציטערט אַזוי שווער,<br>
און אַ געשטאַלט אין מיטן שוועבט אַריין<br>
און פּיאַנאָ־קלאַנגען, לייכט ווי זי,<br>
הייבן זיך און לאָזן זיך אַראָפּ ווי זי,<br>
און פליען ווייטער אום אַהין, אַהער...

אָדער:

כ'שלאָף אין פּאַרק צונויפגעקאָרטשעט
אויף דער האַרטער ערד...
כ'שפּיר די האַרטקייט פון דער גאַנצער וועלט.
ס'הענגט דער אָסיען־הימל פינצטער
איבער מיר,
דער פּאַרק, דער אויסגעדאַרטער,
איז מיין היים און מיין געצעלט.
כ'שלאָף אין פּאַרק צונויפגעקאָרטשעט
אויף דער האַרטער ערד.
ס'דעקט עמיצער, אַ שוואַרצער,
מיך אין שוואַרצן איין.
כ'פיל אויף זיך די שוואַרצקייט
פון דער שוואַרצער האַרטער וועלט.
שטאַרקער, שטאַרקער, עלנטער
זאָלסטו מיין עלנט זיין!

א. מ. דילאָן איז געווען אַ זינגער פון די אינטימע געפילן פון מענטשן. ער האָט געהערט צו די אַזוי־גערופענע „איך־פּאָעטן", וואָס זיינען אַלע מאָל געווען און וועלן אַלע מאָל זיין. זיין ליד איז שטיל און פּערזענלעך. ער פירט ניט קיין חשבונות מיט דער וועלט און רופט זיך כמעט ניט אָפּ אויף קיין געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען. ווען עס הערט זיך ביי אים אַן אויסגעשריי, איז דאָס ניט קיין כלל־געשריי.

אין דער זעלבער גרופּע יידישע פּאָעטן, צו וועלכער ער האָט געהערט און מיט וועלכער ער איז געווען פאַרבונדן לויט דעם אינערלעכן אינהאַלט און דער אויסגעהאַלטנקייט און גאַנצקייט פון זיין ליד, זיינען געווען פּאָ־עטן געזעלשאַפטלעכע, ווי י. י. שוואַרץ, צום ביישפּיל, און אַנדערע. אָבער כאָטש ח. נ. ביאַליק, למשל, איז געווען צווישן דילאָנס באַליבטע פּאָעטן, איז ער אַליין ניט געווען „געזעלשאַפטלעך" אין זיין טעמע. ער האָט דאָס גערן איבערגעלאָזן פאַר אַנדערע פּאָעטן, וואָס זיינען מער באַרופן צו דעם, ווי ער איז געווען.

אָט איז אַ כאַראַקטעריסטיש־דילאָניש ליד:

כ'גיי אַרום אין פעלד אַליין,
כ'זע: די זון פאַרגייט, פאַרגייט,
און איך אַליין פאַרגיי דאָ אויך,

איך, נאָך שענער פון דער זון.
ווייסט דען עמיצער דערפון?
ווייסט דען עמיצער דערפון?
כ׳גיי אַרום אין פעלד אַליין.
כ׳הער ווי עמיץ ווײנט און וויינט,
באַוויינט די טויטע פעלדער דאָ.
און איך בין טויט, און איך בין טויט.
ווייסט דען עמיצער דערפון?
ווייסט דען עמיצער דערפון?

**דאָס וואָרט פון דעם אמתן פּאָעט איז אַלע מאָל עכט, צי עס איז נביאיש, צי עס איז געזעלשאַפטלעך, צי אינטימער געזאַנג. א. מ. דילאָן איז געווען אָפּטמאָל דער נביא פון טויט, פון זיין אייגענעם טויט. אָבער דאָס עכטע וואָרט פון אמתן פּאָעט ווערט אויך דאָס וואָרט פון אַנדערע מענטשן. איז דערפאַר א. מ .דילאָן געווען דער נביא ניט נאָר פון זיין אייגענעם טויט. מיט פופצן יאָר פאַר זיין פריצייטיקן טויט האָט אברהם משה דילאָן געשריבן:**

אין חדר איז פינצטער און שוואַרץ.
עס עפנט ווער שנעל אויף די טיר.
עס ציטערט מיט קעלט אויף די לופט.
אַ טראָט — און ער שטייט נעבן מיר.

איך פאַל אויפן בעטל פאַר שרעק,
מיט טויט־שווייס מיין שטערן באַדעקט.
מיר דאַכט זיך, ער רופט מיך און רופט
און שלעפט מיר די דעקע און וועקט:

דער ארון, ער איז שוין אין וועג,
און אָט איז דיין שניי־ווייסע קלייד,
און אויפן בית־עולם וויט־וויט
דיין קבר — ער שטייט שוין געגרייט.

**מיר ווייסן ניט פון קיין טיפערער גרענעץ, ווי די גרענעץ צווישן טויט און לעבן, און קיין גרעסערן קעגנזאַץ. עס דוכט זיך אונז, אַז דער, וואָס האָט איין מאָל אַריבערגעקוקט איבער דער אייביקער גרענעץ צו יענער זייט, ווערט שוין עפּעס אַנדערש זען דאָס אַרומיקע לעבן, ווען ער וועט צו־**

ריק אומקערן זיין בליק, אויב נאָר זיין בליק איז קלאָר און זיין אויג זעט. דילאָן האָט געשריבן אויך לידער פון פרייד פון לעבן, פון באַגייסטערונג און פאַרליבטקייט; אָבער אויך זיי זיינען עכט און אמתדיק און פונקט אַזוי געפּאַסט און פשוט, ווי זיינע לידער פון לעצטן טרויער.

די אַלע געבראַכטע לידער און סטראָפן זיינען פון אַ. מ. דילאָנס בוך לידער, וואָס איז אַרויס מיט אַ יאָר פופצן צוריק און איז די שענסטע לידער־אויסגאַבע, די פיינסטע לוקסוס־אויסגאַבע אין דער יידישער ליטע־ראַטור. זייט דעמאָלט האָט אַ. מ. דילאָן אָנגעשלאָגן אַנדערע, מונטערע טע־נער; אָבער די פרייד זיינע איז פונקט אַזוי איינגעהאַלטן, ווי דער טרויער זיינער איז געווען איינגעצאַמט. ער האָט פאַרמאָגט דעם אינערלעכן איינגע־בוירענעם טאַקט פון אַן אמתן פּאָעט.

אָט איז אַ סטראָף פון איינעם פון זיינע לעצטע לידער:

„איך בינד זיך מיט דורות, מיט מיין דור,
ווי ס׳בינדט זיך יעדער חלום מיט זיין וואָר,
און באַוואונדער — אַי, ווי הערלעך און ווי שיין!

די וועלט איז פול מיט וואונדער, ווי מיט שרעק,
דער צער צעאַקערן וועט יעדן וועג,
ווען די זון וועט שוין אויף אַלע מאָל פאַרגיין.“

אַ. מ. דילאָן איז אָבער אַרומגעגאַנגען צווישן אונז, כאָטש אַלע מאָל אַן איינגענער, אַ באַגנטער און פאַרשטענדלעכער, דאָך ווי עפּעס אַן איבער־בלייבעכץ פון אַן אַנדער צייט און וועלט. ביי אַ פאָלק מיט אַן אייגענעם לאַנד, מיט אַן אייגענעם פויערים־קלאַס, מיט אַ מלוכה און אַ געזונטן פאָלקס־לעבן, קאָנען עקזיסטירן און וואַקסן אין זייער באַזונדערער וועלט פּאָעטן, ווי אַ. מ. דילאָן, וואָס לעבן אין גאַנצן מיט זייער ליד און מיטן פּאָעטישן וואָרט. מיר, אין אונזער צייט און ביי אונזערע באַדינגונגען, האָבן זיך דעם לוקסוס פון אַזאַ מין פּאָעט ניט געקאָנט דערלויבן.

# זישאָ לאַנדויס אויפטו אין דער יידישער דיכטונג
## (צו זיין ערשטן יאָרצייט)

### I

עס איז שוין אַריבער אַ יאָר, זינט זישאָ לאַנדוי, איינער פון די בעסטע פאָרשטייער פון דער מאָדערנער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע, איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַק אין עלטער פון 47 יאָר. היינטיקן זונטיק וועט מען אויף דער מאונט כרמל סעמעטערי פון אַרבעטער־רינג אויפדעקן אַ מצבה אויף זיין קבר, צו דעם ערשטן יאָרצייט זיינעם, וועלכער פאַלט אויס דעם 16טן יאַנואַר.

די אַנטוויקלונג פון דער נייער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע איז ענג פאַרבונדן מיט דעם נאָמען זישאָ לאַנדוי. ניט נאָר איז ער געווען איינער פון די וויכטיקסטע מאָדערנע פּאָעטן אונזערע, נאָר ער האָט אויך מער פון אַנדערע טיף געווירקט אויף אַ גאַנצן דור יידישע דיכטער.

עס זיינען פאַראַן פּאָעטן פון מייסטערשאַפט, פון פיין אויפגעבויטע לידער. עס זיינען פאַראַן פּאָעטן, וואָס צייכענען זיך אויס דער עיקר מיט טיפקייט פון אינהאַלט, מיט גרויסע אידייען, מיט דעם, וואָס זיי זיינען פאַרנומען מיט פראַגן פון וועלט, פון פאָלק און מענטשהייט. עס זיינען פאַראַן פּאָעטן־„זינגער” און פּאָעטן־„זאָגער”, פּאָעטן־דענקער, אָדער קעמפער, אָדער ריינע ליריקער.

עס זיינען אויך פאַראַן פּאָעטן, וואָס זיינען אַלעמאָל צוגעבונדן צום תוך פון פּאָעזיע, וואָס קלערן שטענדיק וועגן דעם זין פון דער פּאָעטישער אַרבעט און קערן זיך אום נאָכאַנאַנד צום אורקוואַל פון דיכטונג. פאַר זיי איז דער עיקר אין פּאָעזיע, אין ליד — דאָס עכטע, אמתדיקע געפיל פון דעם פּאָעט; און פאָרם און אינהאַלט איז ביי זיי קיין מאָל ניט אין קריג איינס מיט דעם אַנדערן, נאָר פאַרקערט, זיינען אין האַרמאָנישע גאַנצקייט, ניט פונאַנדערצוטיילן. דער „וואָס”, דער אינהאַלט, און דער „ווי אַזוי”,

די פאָרם, קומען קיין מאָל ביי זיי ניט אויף באַזונדער, סטאַרטשען קיין מאָל ניט אַרויס איינס איבערן אַנדערן, נאָר גיסן זיך אויס צוזאַמען, פליסן אין איין שטראָם פון אוממיטלבאַרן געפיל און אויסדרוק.

צו דעם מין פּאָעטן האָט ביי אונז געהערט זישאָ לאַנדוי.

ווען לאַנדוי איז געקומען אין דער אַמעריקאַנער יידישער דיכטונג, איז ווייט ניט פאַר אַלע פערזן־שרייבער געווען קלאָר די פראַגע וועגן דער פאַרהעלטעניש צווישן פאָרם און אינהאַלט אין פּאָעזיע. אַ סך פּאָעטן דאָ מיט אַ דור צוריק האָבן געגלייבט, אַז דיכטונג מוז נאָר האָבן אַ „גרויסן אינהאַלט", און וואָס גרעסער און וויכטיקער דער אינהאַלט, אַלץ בעסער איז די דיכטונג. זיי האָבן „געזונגען" נאָר וועגן וועלט, מענטשהייט, פרייהייט, און צו די „קלענערע זאַכן" אין לעבן האָבן זיי געהאַלטן פאַר אונטער זייער דיכטערישער ווירדע זיך צוצורירן. וועגן פיינערער „פאָרם" פאַר זייער דיכטונג האָבן זיי אויך ווייניק געקלערט; אויך דאָס האָבן זיי געהאַלטן פאַר אומווירדיק זיך צופיל צו צאַצקען, צו פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע קלייניקייטן, ווען עס שטייט אין קאָן דער שיקזאַל פון פאָלק און מענטשהייט. זיי האָבן דאַריבער געגעבן „טרוקענעם אינהאַלט", וואָס וואָלט אַ סך בעסער געקאָנט איבערגעגעבן ווערן אין פּראָזע, אין אַ לייט־אַרטיקל, און צוליב דעם, וואָס מען האָט דאָס צעהאַקט אין קורצע שורות שלעכטע גראַמען, איז דער שיקזאַל פון פאָלק אויף אַ האָר ניט אויסגעבעסערט געוואָרן.

עס זיינען אויך געווען אַנדערע פּאָעטן, וואָס האָבן געקאָנט קונציק אויספּלעכטן פערזן, וואָס האָבן דידאַקטיק „מלאכה", די „טרוקענע פאָרם" זייערע פאַראייניקט מיט דעם „טרוקענעם אינהאַלט". אָבער דער רעזולטאַט פון אַזאַ מין ריין־מעכאַנישער פאַראייניקונג פון מלאכה און קונץ מיט אידייען האָט אויך ניט געקאָנט זיין גוטע פּאָעזיע, וואָרים דאָ האָט געפעלט איין וויכטיקע זאַך — דער פּאָעט גופא. אַזעלכע לידער האָבן ניט געקאָנט קלינגען אויפריכטיק, האָבן דאַריבער קיינעם ניט פאַרכאַפּט, קיינעם ניט פאַרכשופט, ניט אויפגעטרייסלט, ניט דורכגענומען. די צוויי טיילן, מלאכה און אידייען, „פאָרם" און „אינהאַלט" זיינען דאָ געבליבן ניט פאַראייניקט, כאָטש אונטער איין דאַך, ווייל די סטראָפן, שורות, ווערטער זיינען ניט דורכגעפילט געוואָרן ניט אין זייער אינהאַלט און ניט אין זייער פאָרם.

לאַנדוי און אַ גרופּע חברים האָבן אין דער אַמעריקאַנער יידישער דיכטונג געבראַכט דאָס גאַנצע ליד, דאָס דורכגעפילטע, דאָס אויפריכטיקע און אמתדיקע. דאָס ליד האָט אויפגעלעבט, האָט באַקומען אינערלעכע מוזיק, וואָס האָט געקאָנט באַרוישן, אָנצינדן, אַנטציקן. מיט אַזאַ ליד האָט שוין אַ פּאָעט מיט סאָציאַלער ליידנשאַפט און אידייען יאָ געקאָנט ווירקן.

לאַנדוי האָט געפּאָדערט פון זיך אַליין אין זיין פּאָעטישער אַרבעט, אַז יעדער טייל פון ליד, יעדער פּערז, יעדעס וואָרט זאָל האָבן וואָג, טעם, ריח, זאָל האָבן אין זיך אייגן לעבן. די זעלביקע פאָדערונגען האָט ער געשטעלט אַנדערע פּאָעטן. ער האָט פיינט געהאַט יעדע אָנגעצויגנקייט, צוגעטראַכט־קייט און האָט געקאָנט באַלד דערשפּירן אין אַ ליד ניט־אויפריכטיקייט, פאַלשקייט און ניט־אייגנקייט.

אַ מענטש מיט שאַרפע, וואַכע חושים, מיט אַן אויסגעאיידלטן געשמאַק, מיט אַ פיינער באַנעמונג צום לעבן, מענטשן און זאַכן, מיט טיפער קלוג־שאַפט און טיפער אויפריכטיקייט און מיט איינגעבאָרענער אינטעליגענץ, האָט זישאַ לאַנדוי מיט זיין שאַרפן וואָרט, געשריבענעם און גערעדטן, גע־האָט אַ גרויסן איינפלוס אויף אַ דור יידישע פּאָעטן אין אַמעריקע. מער פון אַנדערע האָט זישאַ לאַנדוי אין זיין צייט געהאָלפן דערהייבן דאָס יידישע ליד.

לאַנדוי האָט אונז איבערגעלאָזן פּרעכטיקע לידער, וואָס וועלן בלייבן לעבן. אין דער אַמאָליקער מרה־שחורהדיקער יידישער דיכטונג האָט ער געבראַכט די פּשוטע פריידן פון לעבן, און אין דעם איז ער ביי אונז געווען דער ערשטער מאָדערניסט. ער האָט געבראַכט אין אונזער פּאָעזיע דאָס גרויס־שטאָטישע. ער האָט די גרויסע שטאָט ניט באַשריבן, נאָר ביי אים האָט צום ערשטן מאָל געגומען קלינגען דער גרויסשטאָטישער טאָן, און עס האָט זיך דערפילט גרויס־שטאָטישע סביבה. ער האָט אונז געבראַכט אין פּאָעזיע אמתע עלעגאַנץ, אָבער אויך טיף־אמתדיק געפיל.

אויסערלעך האָט לאַנדוי געקאָנט אָפט אַרויסוויַיזן צו לידער אַ מין „גרויסשטאָטישן" לייכטן צוגאַנג. זייטיקע האָבן צייטנווייז געקאָנט מיינען, אַז זיין באַציאונג צו פּאָעזיע איז אַ לייכטזיניקע. אָבער אין דער אמתן איז לאַנדויס צוגעבונדנקייט צום ליד געווען זייער אַ טיפע. דער איין גרויסער זין פון לעבן איז ביי אים געווען אין ליד. מיט זיין גאַנצער קאַלירפולער פערזענלעכקייט האָט ער אויפגעהאַלטן ביי אונז דעם גלויבן אין ליד, מיט וועלכן גלויבן ער האָט געלעבט. וואָרים ווי אַנדערע גלויבנס, האָט דער גלויבן אין ליד אין דער טיפער גייסטיקער צעטרייסלונג פון די נאָך־מלחמה יאָרן זיך שטאַרק צעשאָקלט, און צייטנווייז האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט פאַלט ער.

לאַנדויס באַציאונג צום ליד איז געווען זייער אַ שטרענגע, און ער האָט אין פּאָעזיע קיין מאָל קיין פּשרות ניט געמאַכט. ער איז געווען אַזוי שטרענג און ערלעך אין זיין באַציאונג צו דער פּאָעטישער קונסט, אַז ער איז מיט דעם געווען באמת דאָס געוויסן פון אונזער יונגער דיכטונג.

# „ווערטער וואונדערבאַרע, דינע"
## (צום 10טן יאָרצייט נאָך זישאָ לאַנדוי)

### II

זישאָ לאַנדוי, איינער פון דער פּאָעטישער גרופּע „יונגע" און איינער פון די וויכטיקסטע פּאָעטן אונזערע, איז פון אונז אַוועק, ווען ער איז געווען 47 יאָר אַלט. די היטלער־חיה, פול באַוואָפנט, האָט זיך ערשט געגרייט אַ שפּרונג צו טאָן אויף דער וועלט, אָבער די מלחמה, וואָס האָט אומגעבראַכט אונזער פאָלק, איז שוין געווען אין פולן גאַנג. געוויינלעך איז נאַריש צו פרעגן, וואָס אַ יונג־געשטאָרבענער פּאָעט וואָלט געגעבן, ווען ער וואָלט געלעבט לענגער. מיט לאַנדוין איז געווען אַביסל אַנדערש, ווי מיט דעם רוב פּאָעטן, ווייל ער האָט געהאַלטן אין איין ענדערן זיך, — פאַרשטייט זיך, אין אַ געוויסער ליניע פון געזעצמעסיקער אַנטוויקלונג; און אויף אונז, מיט אונזער טיפסטן אומגליק פון די לעצטע צען יאָר, און מיט אונזער יונגער, נאָר וואָס צעבליטער פּאָעזיע, צווינגט זיך די פראַגע אַרויף קעגן אונזער ווילן, — די פראַגע, וואָס לאַנדוי וואָלט נאָך געקאָנט געבן. גאָר ניט קיין סך יידישע פּאָעטן, ווי זישאָ לאַנדוי, האָבן מיר געהאַט. און מיר זיינען באַרעכטיקט צו גלויבן, אַז אָט דער „מאַן פון ליד", דער זעלטענער באַשאַפער פון „ווערטער וואונדערבאַרע, דינע", וואָלט פאַר אונז געפונען אַ זייער וואָגיק וואָרט אין אונזער היינטיקער גרויסער פאַרלאָרנקייט און צעבראָכנקייט.

ביי זיין לעבן האָט מען וועגן לאַנדוין ווינציק געשריבן. ניט נאָר ווייל מען איז צו אים געווען מער אַנטאַגאָניסטיש, איידער צו די אַנדערע פּאָעטן פון דער גרופּע „יונגע", נאָר אויך ווייל עס איז פאַר אַ סך שרייבער אונזערע וועגן פּאָעזיע געווען שווער צו באַנעמען לאַנדוין, און עס האָבן זיך איינגעשטעלט וועגן אים מיינונגען און פאָרשטעלונגען, וואָס זיינען אָפטמאָל געווען גראָד דער היפּוך פון אמת, און לאַנדוי האָט קיינמאָל ניט געקלערט אַפילו עפּעס צו טאָן די אַלע פאַלשקייטן אָפּצעשטרייטן.

איינער פון די געדאַנקען פון דעם איצט מאָדישן פראַנצויזישן עקזיסטענציאַנאַליזם איז, אַז אַ כאַראַקטער־בילד פון אַ מענטשן קען מען אויסמאָלן ערשט נאָך זיין טויט, ווען דער ציקל פון זיינע פאַרוואַנדלונגען איז פאַרענדיקט. אַ ריכטיקער געדאַנק, וואָס איז געווען אָנגענומען אויך פריער. באַזונדערס ריכטיק איז דאָס וועגן לאַנדוין, וועמעס דרייסיק יאָר אַרבעט אויף אונזער פּאָעטישן וואָרט איז געווען איין קייט פון פאַרוואַנדלונגען, פון אַנדערש ווערן, פון מאַכן אַלץ נייע עקספּערימענטן און אַנטדעקונגען אין לאַנד פון דיכטונג. ריכטיקערע אָפּשאַצונגען פון לאַנדויס אַרבעט און אויפטו האָבן

זיך געגומען באַוויזן ערשט נאָך לאַנדויס טויט. איך וויל דאָ דערמאָנען דאָס זיטאָ לאַנדוי זאַמלבוך, וואָס איז אַרויס באַלד נאָך זיין טויט, און אַן אויסגע־צייכנטע מאָנאָגראַפיע פון אַ. טאַבאַטשניק, וואָס איז דערשינען מיט עטלעכע יאָר צוריק.

לאַנדוי האָט ביי אונז געהאַט אַ זייער גרויסן איינפלוס אויף זיין אייגענעם דור און אויף יינגערע און יינגסטע יידישע פּאָעטן. וועגן זיין איינפלוס אויף די נאָענטסטע חברים זאָגט עדות מאַני לייב אין אַ רירנדיקן לירישן אַרטיקל־הספד, מיט וועלכן עס עפנט זיך דאָס דערמאָנטע זישאָ לאַנדוי בוך. איך וועל ברענגען פאַר דעם אַרטיקל אַ קורצן אויסצוג:

„מיר זיינען נאָך אַלע יונג, טראַציק, מיט הויכע פאַרריסענע קעפּ פון פּאָעטן־אָנפאַנגער. דאָס איז געווען אין יענע טעג, ווען אונזער פּאָעזיע איז געווען אַ „פּאָעזיע" פון סקאַרבאָווע ווערטער — ווערטער אָן לעבן, גרילצנדיק, אָן געשמאַק און אָן אמתער פּאָעזיע; ווען אונזער פּאָעזיע איז געווען אַ פּאָעזיע פון „געדיכטע".

„ביסטו געקומען, זישאָ, יונג, שיין און געוואַגט, און האָסט אונז אין פּנים מיט אַ קנייטש פון דיין אַריסטאָקראַטישער ליפּ איבערגעקרימט:

„ — גע—דיכ—טע..."

„מיר האָבן זיך פאַרשעמט, מיר, אָנפאַנגער, און עלטערע פון דיר. מיר האָבן דאָך נאָך אין יענע טעג אויך געשריבן „געדיכטע".

„האָבן מיר אויפגעהערט שרייבן „געדיכטע" און מיר האָבן געזוכט אַ נאָמען פאַר דעם, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן שרייבן.

„ביסטו געקומען, זישאָ, און האָסט געזאָגט:

„ — פון אונז דאַרף זיך אָנהייבן די יידישע פּאָעזיע פון דעם ריינעם קינסטלערישן ליד. —

„און אַזוי איז דאָס ביי אונז פאַרבליבן. און אין יענע טעג האָט זיך אָנגע־הויבן די יידישע פּאָעזיע פון ריינעם קינסטלערישן ליד".

ווייטער דערציילט מאַני לייב, ווי אַזוי זישאָ לאַנדוי האָט אויסגעפונען און אָנגעזאָגט די חברים, ווי אַזוי צו זוכן די קוואַלן און וועגן פון נייעם יידישן ליד. אין דער גרופּע „יונגע", וואָס האָט דאָס יידישע פּאָעטישע וואָרט באַפרייט און באַלעבט, איז מאַני לייב, דער פיינסטער ליריקער אונזערער, געווען דער ערשטער און עלטסטער. די גרופּע האָט געהאַט ממש אַ רעליגיעזע באַציאונג צו דער יידישער פּאָעזיע, אַפילו כללים פון שטרענגער עטישער אויפפירונג. אין דעם זעלביקן לאַנדוי־בוך דערציילט ראובן אייזלאַנד וועגן דעם אַזוי:

„ביי דער ענגער גרופּע „יונגע", האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ ניט־געשרי־בענער קאָדעקס ווי אַזוי אַ דיכטער דאַרף זיך אויפפירן. באַזונדערס שטאַרק

האָט מען מקפּיד געווען אויף דעם, וואָס אַ דיכטער טאָר ניט טאָן. פֿאַר טויט־זינד האָט מען געהאַלטן: דאָס רייבן זיך אַרום גדולים, כּדי דורך דעם אַליין אָנהייבן גילטן פֿאַר אַ גדול; דאָס חנפֿענען זיך צו קריטיקער און רעדאַקטאָרן; אָפֿן אַרויסגעוויזענע זשעדנעקייט נאָך כּבֿוד און אַלע ביליקע און ביטערע וועגן פֿון רעקלאַמע. דער כּלל איז געווען: וואָס מען שעמט זיך צו טאָן אָפֿן, טאָר מען אויך ניט טאָן באַהאַלטענערהייט.״ און שטרענגער, רעליגיעזער פֿון אַלע־מען איז אין דעם געווען לאַנדוי.

## דער קאַמף קעגן דער אַלטער דיכטונג

מאַני לייב איז, נאָך זיין גרויסן אויפֿטו אין ברענגען אונדזער פּאָעזיע מעלאָדיע און מוזיקאַלישקייט, אַרויס אויפֿן ברייטן וועג פֿון פּאָעטישער שאַ־פֿונג; און אייזלאַנד האָט זיין וועג געפֿונען אין רייכער זינליכקייט און אין רייפֿן זומער פֿון לעבן. איין לאַנדוי איז געבליבן אין פֿעלד פֿון עקספּערי־מענט: אויסצופּרואוון אויפֿן גומען נייע פּירות און געטראַנקען, דורכצולייגן נייע וועגן און צו זוכן נאָכאַנאַנד אָנצושלאָגן מיטן כּישוף־שטעקעלע נייע רייכע קוואַלן אונטער דער אויבערפֿלאַך פֿון דיכטונג.

ער האָט זיך אָבער אויף קיין איין נייעם שטעג ניט פֿאַרהאַלטן לאַנג און האָט ניט געקלערט צו פֿאַרלייגן אַ פֿאַבריק פֿון זיינע אַנטדעקטע אַרטיקלען, ווי דאָס האָבן געטאָן אייניקע עלטערע. לאַנדוי האָט באַוואוסטזיניק אויסגע־קליבן פֿאַר זיך דעם וועג פֿון עקספּערימענטירער, ווייל ער האָט געפֿילט, אַז דאָ וועט ער אויפֿטאָן עפּעס וויכטיקס.

ניט ווי די אַנדערע פּאָעטן פֿון זיין גרופּע, האָט לאַנדוי זיין וועג און וועלט אין דיכטונג אַליין באַוואוסטזיניק באַשרענקט; ער האָט אָבער אַלעמאָל צו־געגעבן, אַז דאָס איז ביי אים ניט קיין מעלה, ניט קיין העכערער וועג, נאָר זיין אייגענער אויסדערוויילטער וועג, אויף וועלכן ער האָט זיך געפֿילט זי־כערער. אין זיינע עסייען וועגן פּאָעזיע האָט לאַנדוי אַלעמאָל געפּריידיקט פֿולקייט פֿון קינסטלערישן זען, פֿילן און אויסדרוקן, אָבער קיינמאָל ניט קיין באַשרענקטע וועלט, אַזאַ ווי ביי אים, קיין באַשרענקונג פֿון טעמעס, ווי ביי אים, און אַפֿילו ניט קיין אייגענעם באַשרענקטן „וועג פֿון דער נשמה״, ווי דאָס האָבן פֿאַרלאַנגט עלטערע קריטיקער.

אָט וואָס לאַנדוי האָט געשריבן אין אַ נאָטיץ אין זאַמלבוך „שריפֿטן״ אין 1919:

„די אויפֿגאַבע פֿון דעם דיכטער איז צו זיין אינטערעסאַנט, ער דאַרף פֿאַראינטריגירן. ווי אַזוי ער זאָל דאָס דערגרייכן, דאָס דאַרף אונדז ניט אַרן. יעדערער — לויט זיינע כּוחות. אויב איר ווילט דווקא די נשמה פֿון דעם דיכטער, זייט איר גרייט הונדערט און צוואַנציק יאָר נאָכאַנאַנד צו שטיין

מיט אויפגעשפּיצטע אויערן און איינזאַפּן אין זיך, למשל, יעדן געמיט־צושטאַנד פון אייער קנעכט דעם זון פון אייער דינסטמויד? איר וועט שטאַרבן פון לאַנגווייליקייט, רבותי, איך — זיכער. זאָל ער בעסער צוטראַכטן, פאַרטראַכטן, דערלאַנגען עפּעס אויסטערלישעס, וואָס זאָל ווירקן אויף אונזערע נערוון, ווי אַן איטאַליעניש געקעכטס אויף אונזער יידישן גומען. זאָל ער זיך אָפּ־פאַרבן די האָר אויף גרין, ווי באָדלער, זאָל ער מיסטיפיצירן זיך און די אַרו־מיקע וועלט, ווי פּאָו. וואָרים אַלץ איז דערלויבט אין קאַמף מיטן שונא פון דער מענטשהייט — מיט דער לאַנגווייליקייט".

דער אויסצוג איז טיפּיש פאַר לאַנדוין. אין דעם עסיי האַנדלט זיך וועגן „נייע שטרעמונגען אין דער יידישער פּאָעזיע", וואָס האָבן זיך געוויזן אין יענער צייט, און וואָס לאַנדוי זאָגט, אַז ער קען ניט אַרויסזען באַשטימט, וואָס זיי ברענגען מיט זיך, אָבער זיי זיינען ביי און זאָגן עפּעס צו. עס מאַכט ניט אויס, וואָס שפּעטער וועט זיך אַרויסווייזן, אַז אָט דאָס נייע איז אים פרעמד, אָדער טיילווייז גאָר דערווידער.

דאָ האָבן מיר אויך לאַנדויס אופן פון אַפּאָריסטישן שרייבן אין ליטע־ראַרישן אַרטיקל אָדער פּאָלעמיק, וואָס האָט ווינציק געהאָלפן קריטיקער און אַפילו די אייגענע נאָענטע צו זען קלאָר לאַנדויס וועג און דאָס שטענדיקע און געזעצמעסיקע, וואָס איז אין דעם וועג געווען. אַפילו דעם נאָענטסטן, למשל, אייזלאַנדן, האָט זיך אַמאָל געקאָנט אויסווייזן, אַז לאַנדוי איז פאַרט אַביסל פּאַראַדאָקסאַל, אָדער ניט אויסגעהאַלטן; אין דעם זעלביקן אַרטיקל אין לאַנדוי־בוך שרייבט אייזלאַנד דער „פאַרדיכטונג פון דעם פאַקטישן טאָג־טעגלעכן, וואָכעדיקן לעבן", וואָס אייזלאַנד און לאַנדוי האָבן ביידע אין צייט געהאַלטן פאַר דאָס נייטיקסטע:

„דאָס איז געקומען, — שרייבט אייזלאַנד — ווי אַ רעאַקציע צו דער שאַבלאָנער „פּאָעטישקייט", וואָס מיר האָבן געפונען ביי אונזער קומען. שפּע־טער איז די „וואָכעדיקייט"־טעאָריע פאַרוואָרפן געוואָרן, ווייל די סיבה, וואָס האָט זי אַרויסגערופן, איז מער ניט געווען, און דער עיקר, ווייל דאָס מיטל קעגן שאַבלאָנען איז אַליין געוואָרן שאַבלאָן. אָבער לאַנדוי האָט נאָך אַלץ גע־לערנט, אַז נאָר דאָס, וואָס איז דאָ, איז שיין... אגב, איז דאָס געווען אַ צייט נאָכדעם, ווי לאַנדוי האָט דווקא באַזונגען דאָס „ניט־דאָאיקע", — אַן איבע־ריקער באַווייז, ווי געזעצמעסיק ניט אויסגעהאַלטן קינסטלער זיינען".

אָבער „ניט אויסגעהאַלטן" איז נאָכאַנאַנד געווען נאָר די „טערמינאָלאָ־גיע", אַזוי צו זאָגן, אין די אויסגעטעאָקטע אַפּאָריזמען פון לאַנדויס פּראָזע, ניט דער דרך גופא. אין לאַנדויס וועג איז געווען אַן אינערלעכע לאָגיק. די אויגנשיינלעכע ניט־אויסגעהאַלטנקייט איז געווען, דאַכט מיר, גראָד אַ גע־זעצמעסיקע אַנטוויקלונג און פאַרטיפונג פון זיין זעלבסט־דערקענטעניש. דאָס

באַשטיין אויף דער שיינקייט פון אַלץ, וואָס איז „דאַאיק", איז געווען נאָר אַן אָפּרייסן זיך פון די מרה־שחורהדיקע ברעגן פון די אייגענע אַמאָליקע „ניט־דאַאיקייטן"; און דאָס איז ניט אַלעמאָל געווען דאָס זעלביקע, וואָס „פאַר־דיכטונג פון טאָג־טעגלעכן לעבן". ער האָט אָבער אויך דערנאָך געמוזט פאַר־לאָזן דאָס „דאַאיקע"; ריכטיקער, ער האָט אויסגעפונען, אַז „מען מוז אים אָנטאָן אַ מאַסקע". ער איז געקומען צו די שפּעטערדיקע לידער פון דער „גאָל־דענער האַרף" און צו די מאַסקן־שפּילן.

דער קאַמף קעגן דער אַלטער דיכטונג האָט געמוזט געפירט ווערן אויף דער גאַנצער ליניע פון דעם, וואָס מען האָט דעמאָלט פאַרשטאַנען אונטער די ווערטער „פאָרם" און „אינהאַלט". נאָך מער: מען האָט געמוזט באַשאַפן, אויסאַרבעטן אַ נייעם אינסטרומענט, אַ ניי לשון פאַרן ליד. דאָס אַלץ האָבן גענומען אויף זיך די יונגע פּאָעטן, און לאַנדוי האָט דאָ אַרויסגעוויזן אַ זעלטן באַוואוסטזיין און פאַרשטענדעניש.

מיט אַ וואָרט, מיט אַ קרים פון זיינע שיינע ליפּן האָט ער פון אונז פאַר־טריבן דאָס וואָרט „גייסט", למשל, וואָס איז נאָך געווען גאַנגבאַר אויך צווישן יינגערע, און אַ צאָל אַנדערע „שרעקלעכע" און פוסטע ווערטער, ווי „גאָט", „וועלט", „אוניווערז", „מענטשהייט", „אייביקייט" און אַלע אַנדערע בייזע גייסטער, וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אויף אונזער יונגער פּאָעזיע און זי פאַר־מאַטערט אויף טויט.

מיינט דאָס, אַז לאַנדוי האָט ניט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר יענע גרויסע זאַכן, אָדער אַז ער האָט זיי פאַרלייקנט? געוויס ניט. אָבער צו קענען רעדן וועגן זיי, האָט מען געמוזט האָבן דאָס אמתע וואָרט, און ביי אונז האָט מען אין פּאָעזיע אַרומגעוואָרפן ווערטער, ווי שמאַטעס. אונזער דעמאָלטדיקע אינטעליגענץ אָבער, יענער טייל, וואָס האָט זיך אינטערעסירט מיט פּערזן, האָט באַשלאָסן, אַז לאַנדוי און אַלע פּאָעטן, וואָס זיינען געגאַנגען אין אַזעלכע דרכים, זיינען גייסטלאָז. פאַר גייסט־רייך האָבן זיי געהאַלטן יענע פּאָעטן, וואָס האָבן געטרומייטערט וועגן אייגענעם גייסט, וועגן וועלט־גייסט, אָדער וועגן דעם „הייליקן גייסט", וואָס „די טיראַנען קאָנען ניט טייטן".

היינט וועט פאַר אַלעמען זיין קלאָר, ווי ווינציק יענע אַמאָליקע אינטעלי־גענטן אונזערע האָבן אין דער אמתן געפילט און געשפּירט אין זייער אייגענער וועלט פון גייסט. זיי זיינען ניט שולדיק געווען, די אָפּטמאָל ערנסטע און אויפריכטיקע וואָרט־ליבהאָבער אונזערע, וואָס, פאַרמאַטערטע פון דעם רויען און מרה־שחורהדיקן יידישן לעבן, זיינען זיי ניט געווען גרייט צו פאַרנעמען אַ דיכטער, וואָס האָט זיך נאָכאַנאַנד אַרומגעצאַמט און האָט זיי געלאָזט זען נאָר שפּריצן, איינצלנע לידער, אַזעלכע אַנדערשדיקע, און פון אויבנאויף פאַר זיי אַזעלכע „גאָרניט זאָגנדיקע", ווי:

דו גייסט אַרום זיך, ליאָ,
און דרייסט אַלץ מיטן עק;
אויף גאָרניט פטרסט, ליאָ
די בעסטע דיינע טעג.

און פאַר דער צייט זיין אַלט;
וועסט מעלאַנכאָליש ווערן
פון טראַכטן און פון קלערן
ווען ס'האַרץ דיר ווערן קאַלט.

און וואָס וועסט איצט פאַרלירן,
קומט קיינמאָל ניט צוריק;
די הערלעכסטע מאַנירן
זיי ברענגען ניט קיין גליק.

זיי, ליאָ מיינער, מונטער,
ניט גריבל זיך צופיל!
ביל אַלע ווײַלע אונטער,
דען אַלץ איז בלויז אַ שפּיל.

גאָרניט געזאָגט, פריילעכע פלוידעריי. און דער נאָמען איז ניט ראַב־טשיק און ניט דזשיפּי אָדער סקיפּי, נאָר ליאָ — אַ חשובער נאָמען אַפילו פאַר אַ מענטשן. אָבער אויב איר ווילט, איז אין דעם, צי אין אַ ריי אַנדערע שפּילעוודיקע לידער לאַנדויס, פאַראַן אַ זינען, אַ פילאָזאָפיע, אַ לעבנסבאַנעם. עלטערע פּאָעטן וואָלטן אויף אַזאַ טעמע אָנגעשריבן לאַנגע טויט־ערנסטע און טויט־לאַנגווייליקע פּאָעמעס. אָבער דער עיקר איז דאָ גאָרניט די פּי־לאָזאָפיע, נאָר די לייכטקייט פון דער שורה און דאָס פיינע יידישע און מענטשלעכע לשון, וואָס מען האָט פריער אין אונזער פּאָעזיע ניט באַגעגנט.

אַנדערע לידער לאַנדויס האָבן געקאָנט אימפּאָנירן אויך אונזערע אַמאָ־ליקע וואָרט־ליבהאָבער, אָבער כמעט אַלעמאָל זיינען דאָ געווען שורות, וואָס האָבן זיי געשראָקן, ווי, למשל, אין ליד:

עס זיינען נייע לידער
ריין ווי טויבן, קלוג ווי שלאַנגען,
ווי די פעלזן רואיק, קאַלט,
ציטעריק ווי ווידערקלאַנגען,

רוישיק ווי אַ יונגער וואַלד,
פון אַ גאַסן־פּרוי די אויגן,
ס'פּרייע שפּילן פון אַ קינד, —
און דער קלאָרסטער רעגנבויגן,
און דער לייכטסטער אָוונט־ווינט.

אַזוי פּשוט און פיין, און ווען וואָלטן אַ פּאָר געוואַגטערע שורות דאָ היינט געקאָנט שרעקן? אין אַנדערע לידער האָט לאַנדוי מיט אַ כיוון געוואָלט אַביסל שאָקירן, ווי די שורות „און מיט שמירעכצן אַזוינע טוען זיך די ווייבער שמירן", אָדער אין „נעגערינס" —

באַשאַפן גאָטס וועלט צו פאַרשעמען,
אָדער מיך אַרומצונעמען.

דאָס אַלץ וואָלט היינט קיינעם ניט שאָקירט, אָבער דעמאָלט האָט דאָס אַ קלונג געטאָן אַזוי פריש און ניי, אַז עס האָט באַלד צעריסן און צעווייט די שפּינוועבנסדיקע מרה־שחורה פון דער גרויסער אַנערקענטער דיכטעריי און זי געמאַכט לעכערלעך. אין דער שווערער לאַנגווייל, וואָס עס האָבן געשפּרייט ווייט אַרום די דיכטונגען פון „הויך־אידעאַליסטישע", אמתדיקע אָדער פאַלשע, פערזן־פאַרפאַסערס, זיינען אַזעלכע שטיפערישע לידער, מיט וועלכע לאַנדוי האָט אָפטמאָל שאָקירט אונזערע וואויל־דערצויגענע אינטעליגענטע „גענייסער און שאַצער" פון וואָרט־קונסט, געווען שיר ניט אַ מתנה פון זיין ליבן נאָמען. זיי האָבן גערעטעוועט אונזער פּאָעזיע פון ווערן אין גאַנצן דערשטיקט.

לאַנדויס עטלעכע פיינע קליינע סטיליזאַציעס און שטיפערייען האָבן אויפגעטאָן מער צו באַפרייען די יונגע יידישע פּאָעזיע, איידער עס האָבן געקאָנט עטלעכע טיפּזיניקע טראַקטאַטן. לאַנדויס אַ וואָרט אָדער אַ ביישפּיל אין אַ פערז האָט אַזוי העל געוויזן, אַז דער „גייסט" אונזערער איז אַ טויט וואָרט, אַ פּוסטע מליצה. אין פּאָעזיע איז שעדלעך אַלץ, וואָס איז מליצה, און אַלץ, וואָס איז ניט נייטיק. פּאָעזיע קען ניט האַלטן אין זיך קיין טויטקייטן. טויט קען זיין איר טעמע, — איינע פון די גרעסטע טעמעס, — אָבער ניט איר מאַטעריאַל.

פאַר דער רעוואָלוציע אין דער יידישער פּאָעזיע, וואָס די יונגע פּאָעטן האָבן דורכגעפירט, האָט מען זיך ביי אונז געגרייסט מיט אַ כלומרשטן רייכן רעאַליסטישן, צי אַ ראָמאַנטישן „אינהאַלט" און מיט אַ כלומרשט קלאַסישער „פאָרם". אַזוי ווי קיין גוטע מוסטערן, אייגענע אָדער פרעמדע, זיינען דעמאָלט פאַר די אויגן נאָך ניט געווען, האָבן די אינטעליגענטערע קריטיקער און רעצענזענטן אונזערע פּשוט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זייער „גרויסער"

דיכטונג. סיי דער „אינהאַלט", סיי די „פאָרם" האָט דאָ, אייגנטלעך, ניט גע־קאָנט האָבן קיין שום ווירקונג. און אויב דאָס האָט פאָרט אויף עמיצן „גע־ווירקט", איז דאָס געווען, אָדער אַ וויסטע איינרעדעניש, אָדער אַ נאָכקלאַנג פון אַנדערע, שטאַרקערע ווירקונגען אין אַנדערע לשונות, נאָך וועלכע מען האָט געבענקט.

איין טאַלאַנטפולער, ערנסטער און באַליבטער פובליציסט האָט אַמאָל קרי־טיקירט מאַני לייבס אַ ליד פאַר זיין „אומפאַרשטענדלעכקייט" און איז געקומען צו אַזאַ שלוס: „אַ כלל זאָלט איר האָבן, — האָט ער געשריבן, — אַז אויב מען קען אַ ליד ניט איבערדערציילן, איז דאָס קיין ליד ניט". היינט ווייס ביי אונז יעדער פאַרשטענדיקער לייענער פון פערזן, אַז די מעשה איז פונקט פאַרקערט. ווען דער ליבער פובליציסט וואָלט זיך דעמאָלט גענומען די מי איבערצולייע־נען דאָס ליד עטלעכע מאָל, וואָלט ער דאָס ליד סוף־כל־סוף דערהערט, און עס וואָלט אים געוואָרן פאַרשטענדלעך.

די עלטערע האָבן לאַנדוין פיינט באַקומען, ווי עפּעס אַ שונא, מער פון אַנדערע יונגע פּאָעטן. דערפאַר אָבער האָט דער ייִנגערער דור פּאָעטן לאַנדוין אויפגענומען, ווי זייער ברודער און לערער. און לאַנדויס וואָרט און זיין ליד זיינען אַריין אין בלוט פון דער נייער ייִדישער פּאָעזיע.

## עקספּערימענטן אין מעטריק

לאַנדוי איז געווען אַ פּילזייטיקער פּיאָנער, און אין זיין אַרבעט וואָרצלען פאַרשיידענע מאָדערניסטישע וועגן ביי אונז. ער אַליין איז געגאַנגען פון עקס־פּערימענט צו עקספּערימענט, אַזוי עמפּינדלעך איז ער געווען צו דער גאַנצ־קייט, האַרמאָנישקייט און אָרגאַנישקייט פון ליד, און צו פרייער, גראַציעזער באַוועגונג, אַז זיינע עקספּערימענטן זיינען דאָס רוב אויך געווען דערגרייכונ־גען. אין זיינע פיינסטע פערזן פילט איר ניט דאָס סאָפּען און שוויצן פון דעם פּאָעטישן האָרעפּאַשניק ביים „מאַכן לידער", נאָר דעם דופּט פון ליד אין אַלע זיינע אברים־ווערטער; די נייקייט און עכטקייט פון ליד, די ווייכקייט און פרישקייט פון יעדער שורה און וואָרט אין אים.

אַ סך האָט לאַנדוי געקאָנט זען, אָבער ער האָט געקוקט פאַר זיך אויף אַ באַשרענקטן שטח אַרום זיין ייִדישן ליד. ער האָט אַרומגענומען מיטן אויג, ווי אַ פּיאָנער, דעם באָדן, וואָס דאַרף געעפנט ווערן פאַר דער ייִדישער פּאָעזיע.

אין לאַנדויס לידער־בוך וואַרפן זיך גיכער אין די אויגן זיינע עקספּערי־מענטן מיט ריטם, מעטער און גראַם. לאַנדוי איז געווען אַ גלענצענדער ווער־סיפיקאַטאָר. איך געדענק אַ שמועס מיט אים אין דער ערשטער צייט פון אונזער באַקאַנטשאַפט. לאַנדוי זאָגט צו מיר: „איר ווייסט, איך האָב אָנגעשריבן אפשר טויזנט סאָנעטן". — „וואו זיינען זיי, לאַנדוי?" — „איך האָב זיי אַלע

פאַרברענט". איך געדענק אויך אַ שמועס וועגן דער סעסטינע, וועלכע האָט אים איין צייט אינטערעסירט. אין זיין בוך איז דאָ נאָר איין סאָנעט און אַ קורצע זאַך אין טערצינען. ער וואָלט לייכט געקאָנט אַרויסגעבן אַ פּאָר ביכער אין אַזעלכע פאָרמען, אָבער ער האָט וועגן דעם אַפילו ניט געטראַכט. ער האָט אַפילו זיך ניט צוגעקליבן צוצוגרייטן אַ זאַמלונג לידער, וויפיל מען האָט אים ניט געבעטן דאָס צו טאָן. זיין לידער־זאַמלונג האָבן אַרויסגעגעבן חברים נאָך זיין טויט.

לאַנדוי האָט גראָד געשריבן אין די פּשוטסטע געוויינלעכע פערז־פאָרמען. מיט נאָר עטלעכע אויסנאָמען, זיינען די לידער אין בוך אין וואָכעדיקע פיר־שורה סטראָפן, כאָטש זיי זיינען קיינמאָל ניט וואָכעדיק אין טאָן. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם דריי־זילביקן מעטער, כמעט אַלע לידער זיינען אין אַ צוויי־זילביקן פוס. אָבער מערקווירדיק פאַרשיידנאַרטיק, קיין איין ליד איז ניט ענלעך אויף אַ צווייטן.

שוין אין זיינע פריע לידער־ציקלען זעען מיר, ווי פאַרשיידן עס זיינען די לידער אין יעדער סעריע. נאָר עטלעכע דערפינדונגען זיינען אים עפּעס געווען באַזונדערס ליב, האָט ער זיי געגעבן אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס, — ווי, למשל, די איבערחזרונג פון גראַם, אָדער פון אַ גאַנצער העלפט פון אַ פירצייליער. אָבער אין יעדן באַזונדערן ליד האָט ער אַ נייעם עפעקט.

אָט איז אַן אַנדער מין עקספּערימענט. אין דער עלטערער דיכטונג איז דער אויסרוף „אָ!" אָפטער געווען אַ סאָציאָלאָגישער: „אָ דומע שקלאַפן!" לאַנדוי האָט אַ ליד אין גאַנצן פון אויסרופן, אָבער ניט קיין סאָציאַל־פּאָליטישע, נאָר פּשוט־מענטשלעכע, און דער נאָמען פון ליד איז אַן אויסרוף־צייכן:

אָ, נעכט באַווינטיקטע! אָ, טעג באַזונענע!
אָ, קליינע קינדערלעך אין וויס געקליידטע!
באַבוימטע וועגן ערגעץ ווייט אַנטרונענע!
פאַרבלויטע הימלען אַזוי לייכט צעשפּרייטע!
בריוו אַלטע אומגעריכטערהייט געפונענע!
רעמיניסצענצן! צייטן לאַנג פאַרגעסענע!
אָ, ווערטער איינגעשפּינוועבטע, צעפרעסענע!

פּאול וואַלערי האָט זיינע פּאָעטישע ווערק גערופן „איבונגען". כמעט אַלע לאַנדויס לידער קאָנען אָנגערופן ווערן עקספּערימענטן, ווייל זיי האָבן עפּעס נייעס, דאָך אַזוי פיל פון זיי זיינען פּערפעקט און וועלן בלייבן אין דער לעבעדיקער יידישער דיכטונג. אָבער לאַנדוי האָט זיך ביי קיין עקספּערימענט ניט אָפּגעשטעלט און ניט געהאַלטן פאַר נויטיק זיי צו רעפּראָדוצירן.

דאָס, וואָס לאַנדוי האָט זיך אָפּגעקערט פון דריי־זילביקן פוס, דאָס איז

פאַר אים מער ווי כאַראַקטעריסטיש. דאָס האָט אַ טיפערע פּאָעטיש־פּסיכאָלאָגישע סיבה. די גרופּע „יונגע", און מער פון אַלעמען לאַנדוי, האָט זיך אויסגעהיט פון דער פּוסטער שטייפקייט און פייערלעכקייט פון דער עלטערער דיכטונג, און לאַנדוי איז דערצו געווען געבענטשט מיט אַן אומפעלבאַרן גע־הער. אָבער צווישן די ווינציק לידער אין דריי־זילבן מעטער האָבן מיר אַזאַ שעדעוור, ווי דאָס ליד וועגן ישראל בעל שם טוב:

איז דער הייליקער בעל שם־טוב אין פעלד אומגעגאַנגען,
באַגינען אין פעלד אינם קאַלטן געגאַנגען.
עס האָבן פון צפון געבלאָזן די ווינטן,
קאַלט און פּראָסטיק האָבן געבלאָזן די ווינטן,
אַז ס'האָט גענומען אים פרירן די גלידער,
און ס'האָט מיט פאַרפרוירענע גלידער
דער הייליקער בעל שם־טוב געעפנט די לעפצן
און האָט אויפן קול זיך צעזונגען.
אַזוי האָבן זיינע געעפנטע לעפצן
געזונגען, געזונגען, געזונגען:

„אַז וואויל איז צו דעם, וואָס האָט זוכה געווען
„דיין ווינט זאָל אַמאָל אים באַרירן.
„אַז וואויל איז צו מיר, וואָס כ'האָב זוכה געווען
„פון קעלטן פון דיינע צו פרירן.
„אַז וואויל איז צו מיר און אַז וואויל איז און וואויל,
„אַז וואויל איז און וואויל איז און וואויל."

און דורשטיק די פּראָסטיקע לופט אַלץ געטרונקען
און ווידער אין טיפע מחשבות פאַרזונקען.
און ביסלעכוויז איז אינם הימל אַרויס
אַ זון אַזוי פלאַמיק און גרויס,
אַז ווי אין גיהנום געוואָרן איז הייס,
פון פנים גערונען האָט טראָפּנוויז שוויס,
און ס'האָט אינם ברענענדן פעלד
קיין ווינטל צומאָל ניט געוויט.
נאָר פלוצים זיך האָט דורכן ברענענדן פעלד
דאָס קול פון בעל שם־טוב צעשפּרייט.
דאָס האָט דער בעל שם־טוב געזונגען,
אַ לויב צום באַשאַפער געזונגען:

„פאַר קעלטן און היצן, פאַר זון און פאַר רעגן,
„פאַר טאָג און פאַר נאַכט, דיר אַ לויב!
„פאַר אַלץ, וואָס דו שיקסט דעם מענטשן אַנטקעגן,
„אַ לויב דיר, אַ לויב דיר, אַ לויב!
„און וואויל איז צו מיר, וואָס איך ווער איצט פאַרברענט,
„פון פייערן דיינע פאַרברענט.
„און אויב איך בין זוכה, און דו האָסט באַשערט
„צו פאַלן פון דורשטיקייט איצט אויף דיין ערד,
„ווי וואויל איז און וואויל איז און וואויל."

**דאָס איז אַ גרויס ליד אין אונזער פּאָעזיע, און חוץ אַלעמען, וואונדערלעך מוזיקאַליש. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך מוזיקאַלישקייט, און זיין געהער איז געווען שאַרף, ווי זיינע אַנדערע חושים.**

**אגב האָט לאַנדוי אַ ליד פון איין סטראָף, וואָס הייבט זיך אָן אין דריי־זילביקן מעטער און גייט אַריבער אין אַ צוויי־זילביקן. דאָס איז איינס פון זיינע לייכטע שפּילעוודיקע זאַכן:**

עס בילן אין דרויסן די הינט,
עס טרייסלט די שויבן דער ווינט.
און אפשר ליגן רואיק אויף די קייטן אַלע הינט
און אויף אַ צווייג וואו דרימלט שטיל דער ווינט.
נאָר מיר איז שלעכט אַזוי אַצינד,
ווי אין דעם מוח מיינעם וואָלט געטרייסלט זיך דער ווינט
און אין די אויערן מיינע וואָלטן בילן הינט.

**אַזוי ווי דער מעטער, איז אויך דאָס לשון אין לאַנדויס פערזן דאָס פּשוטסטע און לייכטסטע, כאָטש איר דערקענט זיין וואָקאַבולאַר און דיקציע, די פיינסטע און אויסגעאיידלטסטע אין יידישן פערז.**

**די גרופּע „יונגע" האָט געהאַט פאַר זיך די שווערע אַרבעט קודם־כל אָנצוהייבן ריידן אין פערזן אַ יידיש און אַ מענטשלעך לשון. און לאַנדויס לידער־בוך קען דינען ווי אַ קלאַסישער מוסטער פון דער פיינקייט פון דער יידישער שפּראַך. און מיט אָט דעם פּשוטן וואָקאַבולאַר, וואו איר געפינט כמעט קיינמאָל ניט קיין שווער וואָרט, איז די זאַמלונג די פאַרשיידנאַרטיקסטע וואָס קען געבן, ווייל יעדעס ליד איז אַנדערש און ניי.**

## אַלץ, וואָס איז דאָ, איז שיין

**דער וואונדער פון לאַנדויס פאַרשיידנאַרטיקייט איז נאָך גרעסער מיט דעם, וואָס לאַנדוי איז מער באַגרענעצט אין זיינע גרונט־טעמעס, ווי ווער**

עס איז פון אונזערע באַדייטנדיקע דיכטער. אַ זייער וויכטיקע אייגנשאַפט ביי לאַנדוין איז זיין צאַמען זיך נאָכאַנאַנד, שאַפן פאַר זיך אַלץ ענגערע גרע־נעצן, און דערביי קיינמאָל ניט אַריינפאַלן אין איבערחזרונג און אין אַ טאָן, וואָס קען זיין לאַנגווייליק, — וואָרים לאַנגווייל, האָט לאַנדוי געפילט, איז דער טויטלעכסטער שונא פון פּאָעזיע. יעדע שורה ביי לאַנדוין לעבט. ער האָט זיינע לידער ניט געמאַכט און ניט אויסגעמייסטרעוועט, נאָר אויסגע־פיבערט. און אין ערגעץ וועט איר ביי אים ניט שפּירן דעם שווייס פון שווע־רער האָרעוואַניע. זיינע פערזן זיינען לייכט, ווי זיי זיינען דופטיק.

וואָס איז געווען דער קרייז, אין וועלכן לאַנדוי האָט זיך אַלץ ענגער איינגעצאַמט?

פון די גרויסע אייביקע טעמעס אין פּאָעזיע, — לעבן, ליבע, טרויער, פרייד, טויט, — האָט לאַנדוי פרי זיך אָפּגעטיילט פון טויט און טרויער און יעדן מין מרה־שחורה. ער האָט זיך פּשוט באַגרענעצט מיט דער פרייד פון לעבן און ליבע. ער, דער באַוואוסטזיניקסטער פּאָעט אונזערער, האָט אַלע מאָל געוואוסט וואָס ער טוט. אָבער ער האָט זיינע אייגענע גרענעצן ניט גע־פריידיקט פאַר אַנדערע, ניט געמאַכט פון זיין בויט קיין טוגנט. ער האָט זייער טיף געפילט טרויער, טויט און אַלע שאָטנדיקע זייטן פון לעבן, ווי מיר אַלע. און צווישן די פּאָעטישע קרובים זיינע אין אַנדערע שפּראַכן זיי־נען אַ טייל געווען פּאָעטן פון טרויער, טויט אָדער פּעסימיזם, — ווי, צום ביישפּיל, האוזמאַן, טיילוויז סאָלאָגוב.

עס זיינען פאַראַן פּאָעטן אוניווערסאַלע, — שעקספּיר, פּושקין. לאַנדוי האָט זיי גוט געקענט און געוואוסט זייער גרויסקייט. אָבער ער האָט אויך געוואוסט, אַז זיי זיינען ניט זיינע אינטימע פּאָעטן און ער אַליין איז ניט אוניווערסאַל. פאַראַן גרויסע פּאָעטן, וואָס ציען זיך צו די ראַנדן פון אונזער עקזיסטענץ. פאַראַן פּאָעטן מעטאַפיזישע, מיסטישע. לאַנדוי האָט ניט גע־לייקנט זייער גרויסקייט, אָבער זיינע פּאָעטן זיינען זיי ניט געווען. ער האָט דאָ ניט געזוכט קיין תכליתדיקן שידוך מיט יחוס.

לאַנדוי האָט געוואוסט, אַז ער איז אַ מענטש פון דעם מיטן פון לעבן, ניט פון וועלכע עס איז ראַנדן. ער האָט, ווייזט אויס, געפילט אַ טיפע מורא פאַר ראַנדן, אַ שווינדלעניש ביים דערנענטערן זיך צו זיי. פון מיסטיק האָט ער געוויכט, ווייל צוזאַמען מיט דעם גייט אָפטמאָל, מיסטיפיקאַציע. וואָרים לאַנדוי איז געווען טיף־ערלעך און אויפריכטיק, און זיין עסטעטיק איז גע־ווען אַ מין רעליגיע, וואו אין מיטן, ווי די העכסטע ליבע, איז פּאָעזיע, דאָס ליד. פאַר אַלעמען האָט ער שטענדיק געהאַט אין זינען אונזער יידישע פּאָ־עזיע און אירע בויטן.

מיט דער אויסנאַם פון זיין ערשטער פאָרמאַטיווער צייט, האָט איר אין

זיינע לידער ניט קיין זכר פון טויט. ווען זיין ערשט קינד, אלדד, איז גע־שטאָרבן צו דרייצן מאָנאַטן, איז דאָס פאַר לאַנדוין געווען אַ שווידערלעכע אי־בערלעבונג. אַן אַנדער פּאָעט וואָלט אפשר פאַרקלונגען די וועלט מיט פּערזן „אויפן טויט פון מיין קינד", אָבער ניט לאַנדוי. אין אַ צייט אַרום האָט ער אָנגעשריבן אַ ליד „ווער פירט די אַלע שיפן", מיט אַן אויפשריפט „צו אלדדס אָנדענק".

לאַנדוי האָט ניט געשריבן קיין לידער פון לעבנס־שטייגער, האָט ניט באַשריבן דעם וואולוואַירט בילדינג, האָט בכלל גאָרנישט ניט באַשריבן. דאָס האָט ער איבערגעלאָזן פאַר נאַטוראַליסטישע און שטייגער־פּאָעטן. זיין „ריינע פּאָעזיע" איז געווען אַ ליריק פון אַ באַגרענעצטן מין, אַן אייגנאַרטי־קער ראָמאַנטישער רעאַליזם, וואָס האָלט אַן זיין גאַנצע רייפע צייט ביז די לעצטע יאָרן אויף אַ גלייכער הויך, ווייט פון הימל און ניט אויף דער סאַמע ערד, נאָר פאַזע ערד. די ערד האָט ער אָפּגעגעבן די רעאַליסטן און נאַטוראַ־ליסטן. די הימלען האָט ער איבערגעלאָזן פאַר גאָט־זוכער און ליבהאָבער פון אַוויאַציע. און כאָטש ער האָט אַליין געטריבן אַן אויטאָמאָביל, האָט ער ליבערשט געשריבן וועגן דעם אַלטמאָדישן פערד, — צוערשט שפּילעוודיק־איראָניש, און שפּעטער, ווען ער האָט איינגעזען, אַז דאָס דאָזיקע פערד קען ביי אים זיין נאָר ראָסינאַנט, האָט ער געוואָגט גענומען אויף זיך די מיסיע פון דאָן קיכאָט, וואָרים ער האָט געגלייבט, אַז אין געזאַנגען פון רי־טערטום נייטיקט זיך שוין די יידישע דיכטונג, אַז זי איז פאַר דעם רייף.

## זישאַ לאַנדוים וועג

אין דעם לעצטן פּעריאָד, ווען ער האָט געשריבן זיינע מאַסקן־שפּילן, צו וועלכע ער איז געקומען דורך דער ווירקונג פון עטלעכע פּיעסן און סטי־ליזאַציעס ביי סאלאגוב, בלאָק און קוזמין און איטאַליענישע קאָמעדיא דעל אַרטע פּיעסן, פאַרלאָזט לאַנדוי דעם פריערדיקן רעאַליזם. אָבער די שפּיל־פּיעסן און די לידער פון יענער צייט זיינען אַן אָרגאַנישער טייל און אַ דער־גאַנצונג פון זיין פּאָעטישער אַנטוויקלונג, און ער בלייבט אין זיינע אַלטע גרענעצן, מאַכט זיי נאָך ענגער. אין אָט דער לעצטער צייט האָט ער אָנגע־שריבן זיינע עטלעכע לידער וועגן דיכטונג, און אָט איז איינס פון זיי „דער מאַן פון ליד":

איך בין אין גאַס געגאַנגען
און גאָרנישט ניט געזען,
ווי ס'וואָלט פאַר מיינע אויגן
אַ גרויע וואַנט געווען.

ס׳איז ניט קיין וואַנט געווען,
דער וועג געווען איז פריי,
נאָר גאַס און לייט און הייזער
גיי איך כמעט פאַרביי.

ס׳איז ניט געווען טרויער,
וואָס האָט מיין ליכט פאַרשטעלט.
אין טיפעניש פון האַרצן
אַ קוואַל האָט אויפגעקוועלט.

און וואָס איך האָב פאַרנומען,
און וואָס איך האָב געהערט,
צו הערן און פאַרנעמען
איז מיר געווען באַשערט.

מיין בלוט אַ שטראָם אַ טיפער,
אַ פאָדעם אָן אַ קנופּ,
איז איינס פאַר טויזנט דורות
אי פאַר אי נאָך מיין גרוב.

כ׳האָב נאָך אייך וואָס צו זאָגן,
נאָר זאָגן וועל איך ניט.
איך זייט די לייט פון מעשים,
איך בין דער מאַן פון ליד.

**און אָט איז נאָך איינס, וואָס העלפט ווייטער קלאָר צו מאַכן לאַנדויס וועג, — „דאָס ליד פון ווייסן ציגעלע״:**

ווייס ווי מיין מאַמעס נאָמען,
ווי די לבנה ריין,
פריש ווי די פרילינג שטראָמען
קום איך צו אייך צוגיין.

איך טראָג פון ווערטער דינע
די מילך־פאַרהויכטע ווייט,
איך טראָג פון פעלדער גרינע
דאָס ציטערדיקע זייד.

די מלכה פון דער מעשה
מיט מיר אינאיינעם שפּאַנט,
דאָס ציגעלע דאָס ווייסע
עסט גרעזלעך פון מיין האַנט.

מיין פּאַווע האָט די פליגל
די גאָלדענע צעשפּרייט;
די נאַכט ליגט אונטער ריגל,
די שרעק ליגט אויף אַ קייט.

מיט זיין גאַנצער פּאָעטישער גבורה, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אויך אין זיין צאַמען זיך, אין דעם וואָס ער האָט אויסגעמידן, מיט זיין טיפער חכמה און אַלע זיינע דיכטערישע רעסורסן און דערפינדערישקייט האָט אָט דער העלד און ריטער פון אונזער פּאָעזיע זיך פאַרנומען אַ באַזונדערע אַר־בעט — צו האַלטן די שרעק פעסט אויף אַ קייט. צופיל מרה שחורה האָבן ביט־באַרופענע הענט אָנגעטראָגן אין זיין צייט אין אונזער פּאָעזיע, און צו מורה־שחורהדיק איז געווען אונזער לעבן. און נאָך אַלעמען האָט לאַנדוי גוט פאַרשטאַנען, אַז נאָך עדגאַר עלען פּאָ, נאָך שאַרל באָדלער, נאָך פיאָדאָר סאָלאָגוב איז שווער צו זאָגן עפּעס וועגן טרויער פון לעבן, וואָס ועט ניט זיין באַנאַל — און דאָס מיינט אין פּאָעזיע פאַלש.

זישאָ לאַנדוי פעלט אונז איצט, ווי דעמאָלט, מיט עלף יאָר צוריק, ווען ער איז פון אונז אַוועק. דער פּאָעט, וואָס האָט אָנגעשריבן דעם „בעל שם טוב", „פאַר אונזער חרוב יידיש לעבן" און נאָך פון אונזערע פיינסטע, שטאָל־צסטע, שטאַרקסטע נאַציאָנאַלע לידער, וואָלט זיכער געזאָגט זיין שטאַרק וואָרט אויך אין דער איצטיקער חושכדיקער צייט אונזערער. איך גלייב, אַז פון לאַנדוין, מער ווי פון אַ סך אַנדערע דיכטער אונזערע, וואָלטן מיר איצט געקאָנט דערוואַרטן עפּעס, וואָס זאָל אונז וויפיל ניט איז טרייסטן און גאַנץ מאַכן אונזער אין גאַנצן צעבראָכענעם געמיט. ווייל לאַנדוי האָט אין די טיפענישן פון זיין חכמה אויסגעאַרבעט אַזאַ כוח פון פּאָעטישער פאַרשטע־לונג און פאַרמולירונג, און ווייל לאַנדוי האָט אין זיינע אייביקע זוכונגען אָנגעשלאָגן טיפע קוואַלן פון טרייסט.

# א. ראַבאָיס שריפטן

עס זיינען פאַראַן דערציילער, וואָס גיבן זיך ספּעציעל אָפּ מיט באַשרייבן דאָס לעבן אַרום, קאָפּירן די סביבה טריי און געוויסנהאַפט. אַזעלכע שרייבער גייען אַרום איבער גאַטס וועלט און פאַרשרייבן, פאַרצייכענען אַלץ, וואָס האָט זיי פאַראינטערעסירט, צוגעצויגן מיט עפּעס זייער אויפמערקזאַמקייט, אָדער וואָס זיי האַלטן פאַר „טיפּיש". אויב זיי זיינען איינפאַכע „בעל־מלאכות", אַזוי צו זאָגן, שטעלן זיי זיך צופרידן מיט פאָטאָגראַפירן דעם ווינקל, וועלכן זיי האָבן אויפגענומען פאַר זייער סקיצע אָדער דערציילונג. זיי ווייסן שוין גוט, ווי אַזוי אָנצושטעלן זייער קאַמערע, פון וועלכער זייט דאָס ליכט דאַרף פאַלן. און אַז זיי האָבן שוין זייער „סנעפּשאָט", קענען זיי אָפּטמאָל גוט די מלאכה פון באַאַרבעטן, פאַרענדיקן, פאַררונדלען, אַרומפאָלירן די זאַך, געבן איר וואָס מען רופט „עי פינישינג טאָטש". און די סקיצע, אָדער דערציילונג איז פאַרטיק.

אויב זיי האָבן וועלכע עס איז דערהויבענע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן, וועלן די לעצטע דורכדרינגען זייערע ווערק, און עס וועט זיך באַקומען טענ־דענציעזע ליטעראַטור; און אין דעם ליגט אפשר זייער איינציקער ווערט.

אויב זיי האָבן וועלכע עס איז דערהויבענע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן, אין זיי איז פאַראַן אַ „קינסטלערישער אָדער", וועלן זיי דאָס געזעענע אַרויפּ־כאַפּן אויף זייער לייוונט, און די פאַרבן וועלן געמישט ווערן לויט זייער איי־גענער אינטואיציע און אין זיי וועט מוזן צוגעמישט ווערן דער קאָליר פון דעם קינסטלערס בלוט, די באַזונדערע אייגנשאַפטן פון זיין אויג און זיין נשמה, זיין אָטעם. דאָ וועלן מיר שוין האָבן קונסט. אָבער די קונסט וועט דאָ נאָך ניט זיין פריי. זי וועט נאָך אַלץ זיין אונטערגעוואָרפן עפּעס אויסערלעכע, העכערע צוועקן. איר שעפערישקייט וועט זיין באַגרענעצט, ווייל דער קינסט־לער וועט נאָר אויפכאַפּן פאַרטיקע, געגעבענע שיינקייטן אין דעם, וואָס מען „זעט", וואָס אַלע זעען. אַ באַזונדערן ווערט האָט אָט די קונסט מיט דעם, וואָס זי איז אויסגעצייכנטער עטנאָגראַפישער און סאָציאָלאָגישער מאַטעריאַל.

אַ דריטער מין שרייבער זיינען די, וואָס האָבן זיך אין גאַנצן באַפרייט פון דער הערשאַפט פון זייער מאַטעריאַל איבער זיי. ניט פאַרלירנדיק אויף

קיין איין מינוט דעם רעאַלן באָדן פון אונטער די פיס, באַשאַפן זיי אין גאַנצן זייערע אייגענע געשטאַלטן, סימבאָלן, אַטמאָספער, לעבן. דאָס געשאַפענע איז אין גאַנצן זייערס, אַ פּראָדוקט פון זייער אינערלעכן לעבן, פון זייער אייגע־נער לעבנס־עמפינדונג, אַן עמאַציע פון זייער נשמה. דאָס זיינען קינסטלער מיט אַן אייגענעם וועג. זייער נשמה איז דער פאָקוס פון אַלע שטראַלן, פון יעדן ליכט אַרום זיי און אין דער וועלט. אַריבערגעבראַכט אין דער אייגנאַר־טיקער פּריזם פון זייער נשמה, קומט דאָס פון דרויסן געגעבענע אַרויס, ווי זייער אייגענע שאַפונג, די שאַפונג פון זייער פאַרשטעלונג. ניט זונליכט און כעמישע רעאַקציע איז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין זייער שאַפן, נאָר זייער אייגן אינערלעך ליכט.

צו אָט דעם קלאַס שרייבער געהערן אַפילו יענע קינסטלער, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן די אויסערלעכע רעאַליסטישע פאָרם ווי, צום ביישפּיל, ביי די רוסן, גאָגאָל און טשעכאָוו. זאַכן, ווי זיי זיינען, זעען מיר סיי ווי ניט. דאָס אמת „געזעענע" מוז זיין אייגנאַרטיק. נאָר פאַרבלאָזיקייטן זיינען ענלעך. קיין צוויי טאַלאַנטפולע רעאַליסטן וועלן ניט „זען" דעם זעלביקן קעגנשטאַנד אויף דער זעלביקער אַרט.

צו אָט דעם מין שרייבער־קינסטלער געהערט אויך א. ראַבאָי. ער פאַר־לאָזט זעלטן וועגן דעם רעאַלן באָדן, די מוטער־ערד, ווי מיר קענען זי, מיט איר געוויינלעכן לאַנד־און שטאָט־לעבן. די סביבה זיינע איז אַלע מאָל די געוויינלעכע, די מענטשן, זייערע באַציאונגען, באַשעפטיקונגען און איבער־לעבונגען זיינען די פּשוטסטע. אָבער דאָס אַלץ איז באַהויכט מיטן אָטעם פון ראַבאָיס אייגענער לעבנס־עמפינדונג, וואָס איז עכט־אינדיווידועל און קען זיך דעריבער ביי קיין אַנדערן ניט ווידערהאָלן. די אַלע גאָר פּשוטע לעבנס און געשעענישן און אומשטאַנדן, וואָס ער ברענגט אַרויס, שווימען אום אין עפּעס אַ ניט־ערדיקער, אַ לעגענדאַרישער אַטמאָספערע, וואָס ראַבאָי באַשאַפט אַרום זיינע געשטאַלטן.

און זיינע געשטאַלטן צייכנט ראַבאָי ניט שאַרף און ניט מיטאַמאָל. ער דעקט זיי ביסלעכווייז אויף פּאַר אייך אין פאַרלויף פון דער דערציילונג, וואָס וועבט זיך און וועבט זיך ביי אים און וויגט זיך און ווייכט, דאַכט זיך, אָפּ ערגעץ אַן אַ זייט און קומט אומבאַמערקטערהייט צוריק, און ווערט צום סוף ג אַ נ ץ. דאָס זיינען דערציילונגען — חלומות.

ראַבאָיס לשון, זיין סטיל איז באַזונדערס אייגנאַרטיק. ער איז זאַפטיק־פּראָווינציעל, איז פול מיט אָנגענעמע איבעראַשונגען, — אַן אָפּרו, אַן אמתע דערפרישונג נאָך אונזער שאַבלאָנעם, אויסגעריבענעם אינטעליגענטישן לשון, וואָס איז דער זעלביקער אין אַ צייטונגס לייטאַרטיקל און אין אַ דערציילונג.

ראַבאָיס לשון איז ערטערווייז זייער פאַרפּלאָנטערט. ער באַנוצט ווערטער, ווי קיינעם וועט קיין מאָל ניט איינפאַלן זיי צו באַנוצן. דאָס באַנוצן אַ וואָרט אַמאָל אויף אַן אומגעוויינלעכן אופן, נאָר ניט אין דעם אָנגענומענעם, אָדער ריכטיקן זין, האָט ביי אים אַ באַזונדערן חן. ער שרייבט: „רעד ניט אַזעלכע זאַכענישן״; אָדער: „האָט אים ביים האַרצן פאַרקלעמט, און ער איז אַוועק צו די אַנדערע לאַנדסלייט, וועלכע זיינען געווען צעשפּרייט איבער דער שטאָט ניו־יאָרק, און האָט אַ פייער אַ גרויסן אונטערגעצונדן״. אָדער: „עס האָט לייטן געוואונדערט, וואו און ווי ער טוט זאַכן, וועלכע אַנדערע, רייכערע פון זיין שטאַנד, קענען ניט פאַרשאַפן״.

דער דערציילער ראַבאָי איז אָפטמאָל אַזוי נאַאיוו־פאַרוואונדערט איבער דעם, וואָס ער דערציילט אייך, אַז די טריוויאַלסטע פּאַסירונגען ווערן אַ סך וויכטיקער, ווי זיי זיינען געוויינלעך, באַקומען מער געוויכט, מער סימבאָלישן ווערט. שפּרייטן זיך אויס צו אַ סך מער באַדייטונג. אָבער ניט נאָר פאַרוואונדערונג אַליין בינדט דעם לעזערס אויפמערקזאַמקייט אַזוי שטאַרק צו זיינע געשטאַלטן. ער איז דורכגעדרונגען מיט אַ שטילער, טיפער, פעסטער ליבע צו זיינע געשאַפענע געשטאַלטן און באַטייליקט זיך אין זייער לעבן.

אין דעם פּרט האָבן מיר אָבער פאַר זיך אין די דריי ביכער צוויי ראַבאָיס: דעם ראַבאָי פון די צוויי ראָמאַנען און פון די דערציילונגען.

דער אינהאַלט פון די ראָמאַנען איז דאָס לעבן פון יידן־פאַרמער. די דערציילונג דאָ פליסט ווי אַ ברייטער טייך צווישן פעלדער. עס זיינען דאָ אייגנטלעך ניטאָ ניט קיין העלדן, ניט קיין פּאַסירונגען אין דעם געוויינלעכן זין: ערד,ביימער, חיות, מענטשן, — אַלע זיינען גלייכע העלדן און נעמען, דאַכט זיך, אַ גלייכן אָנטייל אין דער מעשה. קיין שאַרפע אונטערשיידן און שאַרפע קאָנטראַסטן זיינען דאָ ניטאָ. די מענטשן זיינען שטאַרקע. שווייגנ־דיקע, מיט אויסדויער און אייזערנע ווילנס; זיי זיינען געוואוינט דורכצופירן דאָס, וואָס זיי האָבן איינמאָל פאַרטראַכט; זיי האָבן יעדערער אַ באַשטימטן ציל. דער טאָן איז אַ גלייכער, ערטערווייז כמעט ביבלישער.

די חיות ביי ראַבאָיען זיינען די זעלביקע דענקנדיקע און פילנדיקע באַ־שעפענישן, ווי די מענטשן. אָט ווי די פערד ראָמאַנסירן ביי אים:

„דער אָגער טוט אַ בריק אַריין צווישן אַלע פערדלעך. זיי לויפן פון אים אין די ווינקלען פון „קאַרעל״. און באַלד קלייבט ער זיך אויס אַ ווייסע, יונגע שקאַפּע. ער טוט איר אַ קוש אין האַלז.

„זי וויל דאָס ניט פאַרליידן און הייבט אונטער אירע הינטערשטע פיס, אים אַ בריק צו דערלאַנגען.

„האָט ער שכל, דרייט זיך אויס פון איר בריק און גיט איר באַלד נאָך אַ קוש, דאָס מאָל שוין אין די ליפּן.

„גיט זי אים אַ ביס דערפאַר אין רעכטן אויער אַריין.

„ער טוט אַ טאַנץ און אַ שפּרונג; לאָזט אַרויס אַ פאַרשטיקטן ברום, און פּרוּווט אַרויפלייגן זיין גרויסן קאָפּ אויף איר האַלז.

„זי טוט אַ קוק פון אַ זייט צו אים, צעלאַכט זיך הויך און קלינגענד און אַנטלויפט פון אים. און ער לויפט איר נאָך..." (הערר גאָלדענבאַרג, קאַפּ. א.).

מיט אַ פּאָר שורות ווייטער ווערט באַשריבן די ליבע צווישן דעם פערד־יונג אייזיק און דבורהן. און אָט די ליבע צווישן מענטשן איז פּונקט אַזוי פּרי־מיטיוו און גראָד נאָך ווייניקער שפּילעוודיק, ווי פריער ביי די פערד. יעדנפאַלס זיינען דאָ די אינסטינקטן פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי ביי די פערד.

„ער דערקענט, אַז זי איז געוועזן ביים ברונעם נאָך וואַסער. ער זעט עס אין דעם ווייסן טעפּעלע, וואָס ליגט אויפן דעק פון ברונעם. ער טרינקט אויס אַ טעפּעלע וואַסער. ערשט ניט לאַנג דאָ דבורה געוועזן. עס איז גע־בליבן אַ ראָזעווער הויך פון אירע ליפּן אויף דעם זוים פון טעפּל.

„און איז ער אין פעלד פאַרטאָן אין זיין אַרבעט, אַז עס טוט אַ יאָג אַ ווינטל, דערשמעקט ער דבורהן..."

און די חיות ווידער האָבן ניט נאָר אינסטינקטן, נאָר אויך שכל. דער קאָטער געפינט אויס אַ פרעמדן מענטשן אין פרעמדע שטיוול. ער אַנטלויפט אין גרויס שרעק פון דעם פרעמדן, וועלכער וועט אונטערצינדן טאָמס שטאַל מיט טאָמען אינאיינעם. און —

„דערווייל האָט ער ביי זיך אַזוי געטראַכט:

„וואָס אָט יענער מיט די פרעמדע שטיוול זאָל אים, טאָמען, ניט ווען אָפּטאָן היינט אויף דער נאַכט, דערווייל ליגט טאָם אויף זיין שטרוי אַזוי גרינג". („טאָם").

ראַבאָיס קען און הינט זיינען די זעלביקע עקשנים, ווי זיינע מענטשן. האָבן ליב דורכפירן אַ זאַך, וואָס זיי האָבן איינמאָל „פאַרטראַכט"; זיי האָבן אַמאָל אַ ישוב־הדעת, קערן אום דעם קאָפּ און לייענען אייערע געדאַנקען; זיי האָבן זייערע פאַנאַזיעס, איינפאַלן און קאַפּריזן און זיינען אַמאָל אַביסל צעלאָזן.

„יונגע פערד זיינען זיי, געזונטע ביינער האָבן זיי, און זייער צאַרטע הויט קען ניט פאַרליידן די שווערקייט פון די קאַלנערס. איז אַזוי געוועזן: אָדער זיי האָבן גאָר ניט געוואָלט גיין, אָדער זיי זיינען זיך צעלאָפן, ווי יונגע קעלבלעך אויף דער לאַנקע.

„ביים עק פעלד, ניט ווייט פון דראָטענעם פּלויט, האָט פערד אויסגע־

זויגן דעם מאַרך פון זיינע העגט, רייסנדיק די לייצעס, און די פערד האָבן ניט געוואָלט אויסבייגן זייערע העלזער.

„מיט איין וואָרט, דער לאַנגער ווינטער, וואָס זיי זיינען געשטאַנען אין שטאַל און גאָר ניט געטאָן, האָט זיי פאַרשטאָפּט זייער קאָפּ.״ („אַ מאַן״).

„פון ווייטן באַווייזט זיך אַ רייטער.

„און מען ווייס דאָך, אַז פערד זיינען נייגעריק, אַז ווען עס פאָרט אַ ריי־טער פון ווייטנס, שטרעקן זיי אויס זייערע אויגן, שפּיצן אָן די אויערן און ווילן זיך שוין ניט רירן פון אָרט.

„זאָל זיי גאָט ניט שטראָפן פאַר אַזאַ זינד!״

פערד האָבן אַמאָל „פאַרשטאָפּטע קעפּ״, זיינען, ווי באַקאַנט, נייגעריק, און באַגייען אַפילו זעלבסטמאָרד אויך („דיקס זעלבסטמאָרד״). און ראַבאָיס מענטשן באַגייען אויך אַמאָל זעלבסטמאָרד („א מאַן״, „די שטומע מאַמע״, „דאָס שלעכטע מיידל״).

די צוויי ראָמאַנען ראַבאָיס זיינען פול מיט אַלערליי עפּיזאָדן מיט חיות. די מענטשן אין זיי און די נאַטור אַרום זיינען דאָ איין האַרמאָנישע זאַך, וואָס ווערט קיינמאָל אין ערגעץ ניט צעשטערט. די ראָמאַנען זיינען אידיליעס, פול מיט שטילער און טיפער לעבנס־פרייד. עס איז דאָ כמעט ניטאָ גאָר קיין סיפּור־המעשה. מען דאַרף זיין באַשאַנקען מיט עכטן טאַלאַנט, צו קאָנען אַזוי צובינדן די אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס פון לעזער אויף דער לענג פון אַ גאַנצן ראָמאַן אין אַ בוך, וואָס איז אפשר אין דעם קאָנסעקווענציאָ־נעלן זין גאָר קיין ראָמאַן ניט.

די צוויי ראָמאַנען זיינען צוויי פּאָעמען — אידיליעס פון צוזאַמענלעבן פון מענטשן און חיות אויפן לאַנד, אויף דער אַמעריקאַנער פּרעריע, אויף אַ פאַרם ווייט פון דער שטאָטישער ציוויליזאַציע.

גאָר אַן אַנדערער איז אָבער ראַבאָי אין זיינע שטאָט־נאָוועלן. זיין טעמפּ ווערט שנעלער, נערוועזער, אין איינקלאַנג מיט דעם האַסטיקן טעמפּ פון שטאָט־לעבן. אין די אידיליעס פון לאַנד פאַרלאָזט ער זיך, דאַכט זיך אייך, אויף דער נאַטור אַליין, און זי, די נאַטור, פירט שוין אַליין מיט אַ זיכערער האַנט די דערציילונג ביז צום סוף און מאַכט קיינמאָל קיין טעות ניט. דאָ אָבער, אין די שטאָט־נאָוועלן, פילן מיר שטענדיק, ווי דער דערציילער אַליין, אַביסל אַ צעמישטער, אַ פאַרלוירענער פון דער צו גרויסער קאָמ־פּליצירטקייט און דיסהאַרמאָניע, וואָס איז אויף אים מיטאַמאָל אָנגעקומען, מישט זיך אַריין, נעמט זיך אָן פאַר יעדן העלד זיינעם, זאָגט אים אונטער, פאַרריכט אים, פירט אים.

מאַכט דאָס אַ שלעכטן איינדרוק? בשום אופן ניט. פאַרקערט, ער באַ־
קומט דאָ פּאַטאָס, אַ געהויבענערן טאָן, זיין שפּראַך גלייכט זיך אויך אויס,
ווערט דירעקטער, די טעמעס — אומגעוויינלעכער, די געשעענישן — וויכ־
טיקער.

און אַזוי ווי זיינע מענטשן אויפן לאַנד ווייסן, האָבן אַ שטאַרקן ווילן
און שטייען פעסט אויף דער ערד, זיינען געזונט, אַ געזונטער טייל פון דער
אַרומיקער וועלט, וואָס האַרמאָנירט מיט איר, אַזוי זיינען זיינע שטאָט־
מענטשן צעטומלטע, צעמישטע, „צעקלוגגענע", פאַרלאָרענע. עס זיינען
צווישן זיי פאַראַן „געוועזענע מענטשן", מענטשן געזונקענע, פון דעק; עס
זיינען אויך פאַראַן מענטשן — געבאָרענע יורדים, אַזוי צו זאָגן. די דער־
ציילונג „אַ מעשה מיט אַ מענטשן", וואָס האָט אַזאַ יורד פאַר אַ העלד, איז
כמעט סימבאָליש.

אין דער שטאָט איז ענג און טונקל, אַלץ איז פאַרשטויבט, פאַרשטויסן
און פאַרפלאָנטערט. דער הימל, ערד, זון, לבנה, שטערן באַהאַלטן זיך פאַר־
שעמטע ערגעץ צווישן הויכע, פינצטערע מויערן. און פינצטער ווערט דעם
דערציילערס געמיט. ער ווערט פּאַטעטיש, טראַגיש. די מענטשן ווערן צע־
בראָכן און ענדיקן מיט משוגעת, זעלבסטמאָרד. דער פּאַראַליזירטער, אין
אַ דערציילונג מיט דעם זעלביקן נאָמען, גייט אויס אויף אַ בעטל אין שפּי־
טאָל. גאָט האָט אים צוגעשיקט אַ באַרעמהאַרציקע שוועסטער, וואָס האָט אים
ליב געהאַט און האָט וועגן אים געזאָרגט. אָבער אָט איז זי אַ ווייל ניטאָ
נעבן אים, און ער גייט אויס. און —

„דער נאַכט־וועכטער האָט אַלע מאָל אַריינגעקוקט דורך דער אָפענער
טיר און געמורמלט: „גאָט, האָב איינזעעניש!"

„דאָס שלעכטע מיידל", „דאָס טונקעלע צימער" און נאָך אַ ריי אַנדערע
דערציילונגען זיינען פּאָעמעס, וואָס האָבן זיך אויסגעגאָסן מיטאַמאָל אין
זייער פולקאָמער פאָרם און לאָזן איבער אַ דויערנדיקן איינדרוק. אויסער
ראַבאָיס געוויינלעכן חן אין דערציילן, איז נאָך אין די שטאָט־דערציילונגען
פאַראַן עפּעס, וואָס איז אין די ראָמאַנען נישטאָ: אַזאַ צאַרטער ליריזם, אַן
עלעגישקייט און אַ ליבע־רחמנות, וואָס דערמאָנט אָן דעם רוסישן נאָוועַ־
ליסט גאַרשין.

דער נאַכט־היטער קוקט אַריין דורך דער אָפענער טיר פון יעדער דער־
ציילונג ראַבאָיס און מורמלט: „גאָט, האָב איינזעעניש!"

נאָך אַ שאַרפער קאָנטראַסט וואַרפט זיך אין די אויגן צווישן ראַבאָיס
ראָמאַנען און זיינע נאָוועלן. ביי די וואַלדענס און וויינבוימס און גאָלדענ־
בערגס און ראָזענבערגס און די עלקינסעס אַפילו זיינען זייער ענלעך אין זייער

לעבן און זייער פּסיכיק, האָט איר דאָ, אין די נאָוועלן, די פאַרשיידנאַרטיקע גאַלעריע העלדן אין אַ בוך דערציילונגען. דער שטאַנד, עלטער, פּסיכיק, סביבה, אַרט לעבן און געשעענישן זיינען דאָ זייער פאַרשיידן און ווידערהאָלן זיך ניט, אָבער יעדע דערציילונג באַזונדער, אַפּילו די שוואַכסטע, איז אייגנאַרטיק ראַבאָיש.

אַ מיידל ראָזי (אין „סאַלאַמאַן") רעוואָלטירט קעגן איר פאָטער, אַ פאַבריקאַנט, און שטעלט זיך אויף דער זייט פון די פאַבריק־מיידלעך. זי דרוקט אָפּ אין אַ צייטונג אַ בריוו קעגן איר פאָטער. די מעשה פאַר זיך אַליין איז, דאַכט זיך, אַ גאַנץ געוויינלעכע. אָבער ווי ענדיקט זיך דאָס? די מיידלעך נייען אויס מיט זיידענעם פאָדים אויף לייוונט אָנגעצויגן אויף אַ רייף וואָרט נאָך וואָרט ראָזיס בריוו אַנטקעגן איר פאָטער, „עס זאָל בלייבן פאַר אַן אָנדענק אויף נאָך דער חתונה, אויף דער וואַנט אויפצוהענגען, פאַר די קליינע קינדערלעך און פאַר קינדס־קינדער".

זייער כאַראַקטעריסטיש איז די דערציילונג „אַ חתונה". יודעל פון רישקאַן עפנט אַ דאַמען־שניידעריי אויף דער ניינטער גאַס און צווייטער עוועניו, ניו־יאָרק. עס גייט אים אַוועק גוט. ער בייט זיין נאָמען אויף „דזשאָו". אין רישקאַן האָט ער איבערגעלאָזן אַ ווייב מיט קינדער. דאָ וויל ער חתונה האָבן מיט דער רויטהאָריקער אסתר. דאָס געשעפט גייט גלענ־צענד. אסתר נעמט אים ביסלעכווייז אַריין אין אירע הענט. אַלץ וואָלט זיך געענדיקט גוט, ווען ניט די לאַנדסלייט, באַזונדערס דער אַלטער יצחק מאיר. ער דערוויסט זיך אַלץ, און אַז ער דערוויסט זיך, רוט ער שוין ניט, ביז וואַנען ער ברענגט אַראָפּ יודעלס ווייב אַזש פון רישקאַן אין לודלאָו סטריט צו דער חתונה. דאָס איז, דאַכט זיך, אַ גאָלדענע טעמע פאַר אַ שונד־ראָמאַן. אָבער ראַבאָי מאַכט פון דעם גאָר עפּעס אַנדערש. ביי אַ שונד־שרייבער וואָלט אַזאַ געשיכטע זיך געענדיקט אַהין אָדער אַהער: אָדער אַלץ וואָלט זיך געענדיקט „גוט", וואָס גוט קאָן געבן, די גערעכטיקייט וואָלט טריאומ־פירט, די אומגערעכטע וואָלטן באַשטראָפט געוואָרן, און אויב דער מחבר וואָלט זיי געשוינט, וואָלט דאָס געוועזן נאָר בזכות די גוטע און גערעכטע; אָדער, פאַרקערט, דאָס שלעכטס וואָלט געזיגט, די גערעכטיקייט וואָלט צע־טראָטן געוואָרן, און עס וואָלט געווען אַן אמתע „טראַגעדיע" פון אַ ביליקן טעאַטער. ביי ראַבאָיען איז דאָס אָבער ניט קיין סענסאַציע אַרויסגענומען ווי זי שטייט און גייט פון אַ צייטונג, נאָר אַ גוט פאַרטראַכטע מעשה, כמעט אַ מעשהלע, און דער סוף איז אַן עכט ראַבאָישער.

אויב מיר וואָלטן זיך געגייטיקט אין באַווייזן, אַז ראַבאָי איז אַ קינסט־לער, וואָלט אָט די דערציילונג אַליין געווען אַ גענוגנדער באַווייז. זי לויפט

ביי אים מיט אַן אומגעוויינלעכן אימפּעט, אין אַ זייער פּייערלעכן פּאַטעטישן טאָן, איז איינגעטיילט אין קורצע קאַפּיטלען: א. ב. ג. א. אַז. וו.

„צוליב וואָס האָט גאָט געגעבן דער מיידל אסתר אַזוי פיל איידלקייט אין אירע ביינער אַריין?

„ווען אסתר האָט דאָס ערשטע מאָל איר פוס אויף זיין שוועל געשטעלט, האָט זי אין זיין האַרץ אַ טראָט געטאָן און דאָרט אַ טיפן צייכן געלאָזן...

„אסתר האָט צוערשט אין זיין שניידערײַ געוועלטיקט, איר חן און איידלקייט אין יעדן שטיקל אַרבעט אַריינגעלייגט. און נאָך דעם האָט זי אים אַליין אויך געגעבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון איר רייץ...״

די דערציילונג גייט אין אַ גאַלאָפּ. די חתונה ווערט צוגעגרייט שנעל, אָבער נאָך שנעלער פליט דער אַלטער יצחק מאיר קיין רישקאַן און צוריק מיטן געזעצלעכן ווייב, און שנעלער פון זייביידן איז ראַבאַיס גערעכטי־קייטס געפיל און זיין קינסטלערישע אינטואיציע. יצחק מאיר קומט אָן אין אַ קריטישן מאָמענט מיט חנהן און צוויי עדות, כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ שטול און שרייט אויס: „פון חתנס צד!״

וואָס טוט ראַבאַי מיט זיינע העלדן? ער גיט זיי אַ ווירדיקן סוף, דיק־טירט פון זיין רחמנות צו זיי, און דער סוף מאַכט פון אַ שונדזאַך אַ דער־ציילונג.

„און ניט געגאַנגען איז מען צו דער חופּה!...

„עס האָבן שדים באַלד אָנגעהויבן צו טאַנצן אין דעם לאַנגן און ברייטן זאַל...״ און —

„די אַמבולאַנסן זיינען געקומען צו לויפן, און די דאָקטוירים אין וויסן באַקליידט זיינען פון זיי אַרויסגעשפּרונגען און אין איילעניש אַריין אין זאַל, און אין נאָך אַ גרעסערער איילעניש אַרויס צוריק״. גלעקלעך האָבן אומאויפהערלעך געקלונגען, „זיך קוים דורכגעריסן צווישן דער שוואַרצער, צוזאַמענגעלאָפענער נייגירדע פון אָרטשאַרד סטריט...

„טויט איז געפאַלן דער חתן, און אויף אים די כלה מיט אַ צעריסענעם האַרץ...

„נאָר חנה איז ערגעץ אַנטרונען געוואָרן פון זאַל, און מען ווייס ניט עד־היום פון איר געביין...״

די אויבן דערמאָנטע דערציילונגען: „דאָס טונקעלע צימער״, „דאָס שלעכטע מיידל״, וואָס זיינען צווישן ראַבאַיס שענסטע שאַפונגען, און די מערסטע אַנדערע אין דעם באַנד „איך דערצייל״, האָבן שוין גאַנץ אומגע־וויינלעכע טעמעס, געשעענישן און סיטואַציעס. אָבער אין אַלע פון זיי שטייט

פאַר אײך דער דערציילער, גאָר ניט ווי אין די ראָמאַנען, — אַ טיף פאַר־אינטערעסירטער אין דעם שיקזאַל פון זיינע העלדן; און מיט אַ מין פאָטער־לעכער זאָרג גייט ער אַרום זיינע העלדן, וואַכט איבער זיי און שטעקט אײך אָן מיט זיין אומרואיקייט, ביז ער דערפירט זיי צום אומפאַרמיידלעכן סוף, צו דעם סוף, וואָס האָט ניט געקאָנט זיין אַנדערש. זיין דערציילונג גייט, דאַכט זיך דורך אַלערליי צופעליקייטן, אומדערוואַרטע אַנטוויקלונגען. אָבער ווען ער ברענגט אײך צום סוף, פילט איר, ווי דאָס אַלץ וואָלט געמוזט זיין אַזוי און ניט אַנדערש ווי דאָס וואָלט געווען אַ וויכוח צווישן דעם אויטאָר און דעם שיקזאַל. און אויב אײך דאַכט זיך, אַז ראַבאָיס דערציילונגען הייבן זיך אָן און ענדיקן זיך ערגעץ אין מיטן, איז דאָס דערפאַר, ווייל זיי, — די בעסטע פון זיי, יעדנפאַלס — זיינען מער לירישע פּאָעמעס, איידער דערציילונגען אין דעם אייגנטלעכן זין, מער אינטימע, קינסטלערישע איבערלעבונגען איידער פשוטע מעשות.

א. ראַבאָי האָט זיין באַשטימט פּנים און פאַרנעמט אַ גאָר באַזונדערן אָרט צווישן אונזערע שרייבער־דערציילער. זיין טעכניק איז אָפּטמאָל ניט אַזאַ גוטע, ווי ביי אַנדערע פּראָזע־קינסטלער ביי אונז. אָבער ער איז אומעטום אייגנאַרטיק, ראַבאָי אין זיינע חסרונות, ווי אין זיינע מעלות, — אַ סימן פון אַן עכטן קינסטלער מיט אַן אייגענעם וועג.



# ברוך גלאַזמאַן — „באַגינען"

וואָס איז דער ערשטער איינדרוק פון ברוך גלאַזמאַנס נאָוועלן? אַ ווילן, ניט אַזוי אויפצודעקן, „דערזען דאָס ניט־דערזעענע", ווי צו באַשאַפן עפּעס, וואָס איז נאָך ניט געזען געוואָרן און וואָס איז ווערט צו זען; אַ ווילן אייגנאַרטיק צו קאָמביגירן דאָס פון פריער אַנאַליזירטע נאָך אַלע כללים און פאַרדערונגען פון אַ וויסנשאַפטלעכן מעטאָד און צו באַשאַפן אַ מין ראַעאַליסטישע פאַנטאַסטיק: דוכט זיך אַזוי  מ ו ז  דאָס זיין, אַזוי איז דאָס אַלץ, און פונדעסטוועגן איז דאָס קיין מאָל ניט אַזוי.

דאָס איז ברוך גלאַזמאַנס אייגענע דערגרייכונג, ער האָט פאַר דעם זיינע אויסערלעכע און אינערלעכע מיטלען. ער נעמט זיך די גרעסטע מי צו באַנוצן דעם מאָדערנסטן יידיש, גיט נייע וואָרט־פאָרמירונגען, און זיין לשון איז אומעטום אַ געשליפענער, אַ יום־טובדיק אויסגעפּוצטער. דער טאָן פון די נאָוועלן אָבער איז פון אַלטע לעגענדן, אָדער אַ ביבליש־עפּישער. זיי קלינגען אָפּ פול־באַלאָדענע מיט אַ דערוויטערטן, געמעסיקטן פּאַטאָס און מיט לעבנס־וויזהייט. דער רעזולטאַט איז אומווירקלעכע ווירקלעכקייט, דערציילטע שטימונגען, קלאָר און באַשטימט אַרויסגעבראַכטע אומבאַשטימטקייטן, אַלערליי נשמה־צושטאַנדן און נשמה־רעגונגען, איבערגעזעצט אויפן לשון פון אויסערלעכע באַוועגונגען און געשעענישן.

דערצו נעמט גלאַזמאַן אַלע מאָל אַן אומגעוויינלעכן סוזשעט. ער וועט ניט נעמען קיין געוויינלעכע געשעעניש און זי אַנאַליזירן אַזוי, אַז פאַר אונז זאָל אויפגעדעקט ווערן איין טיפערער זין. ער שטעלט זיך ניט אַזאַ אויפגאַבע. ער קלייבט אַלע מאָל צו געוויינלעכע זאַכן, געשטאַלטן און מאָמענטן און פאַסירונגען אין אַן אומגעוויינלעכער קאָמבינאַציע אַזוי, אַז קיין שום ראַעאַליסט וועט צו אים קיין טענות ניט קאָנען האָבן. וועבט ער אפשר אויף דער קאַנווע לעגענדן פון דער אַלטעגלעכקייט? דאָס אויך ניט. ער זוכט ניט די נשמה פון זאַכן, און ער דעקט ניט אויף קיין „פּאָעזיע פון דער ווירקלעכקייט".

און וויפיל ער זאָל אין די דערציילונגען ניט באַטאָנען גרויסע צייט־פּראָבלעמען, און אַפילו אונטערשטרייכן זיין אייגענע שטעלונג צו זיי, האָט דאָס ניט די מינדסטע שייכות צו זיין אייגנטלעכער אַרבעט, נאָר איז אַ צופעליקער עלעמענט, אַ טייל פון דעם מאַטעריאַל. אַלץ, וואָס אַזעלכע זייטיקע

באַרופֿנונגען און אַנדייטונגען וועלן אייך זאָגן, איז אַז פֿערזענלעך איז ברוך גלאַזמאַן אַ נאַציאָנאַליסט, אַז ער איז אַ היינטוועלטיקער, אַז ער פֿאַרנעמט דעם רוף פֿון אונזער צייט.

אָבער קיין שום אינערלעכע שייכות מיט די דערציילונגען האָט דאָס אַלץ ניט. ער וועט אין זיי אָפּטמאָל געבן עכטע נאַטוראַליסטישע בילדער, אָבער זיי וועלן קיין מאָל ניט זיין דער עיקר. בכלל איז דאָס דערציילטע ביי אים ניט דער עיקר, נאָר אַ מיטל.

און וואָס שווער־באַלאַדענער, וואָגיקער עס איז זיין לשון, די אונטערגע־שטראָכענע ווערטער און פֿראַזן און די אַלערליי אימפּרעסיאָניסטישע מיטלען און עפֿעקטן, און וואָס ממשותדיקער עס ווייזט ניט אויס דער ריינער „סיפּור המעשה", אַלץ גרינגלעכער וועפּט זיך דאָס אויס צום סוף, אין דעם לעצטן איינדרוק, וואָס בלייבט פֿון דער דערציילונג.

זיין גאַנצע גאַלעריע געשטאַלטן איז ניט מער ווי אַ קאָלעקציע אַרויפֿ־געשטאָכענע טויט־לעבעדיקע באַשעפֿענישן; פֿאַרפֿיקסירטע פּאָזן, נשמה־רע־גונגען און שטימונגען.

זיין האָר־שפּאַלטנדיקע פּסיכאָלאָגיע מאַכט אים נאָך ניט פֿאַר אַ שרייבער־פּסיכאָלאָג, ווי, צום ביישפּיל, אונזער יונה ראָזענפֿעלד, וואָס שטעלט זיך אָפּ פֿאַר נשמה־אָפּגרונטן און ברענגט זיי אַרויס העל־געזעענע. גלאַזמאַנס פּסיכאָ־לאָגישע האָר־שפּאַלטונג איז ניט מער ווי איין זייט פֿון זיין אַלגעמיינער, כמעט וויסנשאַפֿטלעכער גרינטלעכקייט. פּונקט אַזוי גיט ער איבער אַלע אַנדערע דעטאַלן, פּונקט אַזוי אַרבעט ער אויפֿן לשון. די אַרויסגעבראַכטע פּסיכאָלאָ־גיע איז ניט דער עיקר, נאָר אַ מיטל. אים אינטערעסירן די אַלערליי פּסיכאָ־לאָגישע פֿאַרוויקלטקייטן, ניט ווייל ער איז זייער זאַמלער, פֿאָרשער, אַנאַלי־טיקער. זיי אינטערעסירן אים נאָר ווי אַ מאַטעריאַל פֿאַר דעם איינדרוק, וואָס וועט זיך באַקומען אין דער פֿאַרטיקער, גאַנצער דערציילונג.

פֿאַטום, טויט אינטערעסירן אים אַמשטאַרקסטן, אָבער ווידער ניט מיט דעם אינהאַלט און ווערט פֿון אָט די באַגריפֿן. ער שטעלט זיך פֿאַר זיי ניט אָפּ מיט שרעק, ווי עדגאַר עלען פּאָ. און ער איז בכלל ניט קיין שרייבער פֿון פּראָבלעמען, פּסיכאָלאָגישע, פֿילאָזאָפֿישע, אָדער געזעלשאַפֿטלעכע. פֿאַרקערט, פֿאַטום און טויט אינטערעסירן אים דוקא מיט דעם, וואָס זיי זיינען אייבי־קייט, איינגעשלאָסן אין אַ רגע און זיינען דער דאַנקבאַרסטער פּאָן פֿאַר זיינע דערציילונגען, שטימונגען.

אָט האָבן מיר אַ דערציילונג, וואָס איז געבויט אויף דער אידייע פֿון פֿאַטום: „צום נייעם האָפֿן".

„ער פֿלעגט מ ו ז ן אויפֿשטיין... אַ ווילנלאָזער, ווי אַ נאַכטוואַנדלער,

פלעגט ער פון בעט אַרויסקריכן און צוגעצויגן ווערן צום פענסטער. ביים פענסטער פלעגט ער צוקלעפּן זיין פּנים צום שויב און מיט ברייט־פונאַנדער־געעפנטע, בלינד־זעעוודיקע אויגן אַרויסקוקן אין דער נאַכט אַריין.

„ס'איז נאַכט, געדיכט־בלוי, קוים וואָס מען זעט דעם הימל אַרויס. אינם הימל — אין איין נאַכט אַ קיילעכדיקע, גאָלדענע מטבע, און אין אַן אַנדער נאַכט — אַ פּענעצל פון אַן אָראַנזש. און שטיל אַזוי. ער הערט, ווי ס'זינגט.

„דער געזאַנג דער וויטער האָט אַזוי שטאַרק געצויגן, אַז ער פלעגט דאַרפן מאַכן אַ גרויסע אָנשטרענגונג, ער זאָל ניט נעמען און אַרויסשפּאַנען גלייך דורכן פענסטער..."

דער סוף איז, אַז מענדל גייט איין מאָל פאַרטאָג אַוועק אין דער ריכטונג, אין וועלכער אים ציט, קומט צו אַ דאָק, נעמט דאָרטן אַ שיף, וואָס גייט קיין ניו־היורק. גלייכצייטיק געפינט ער אין אַ נאַר וואָס אַנגעקומענער מאָרגן־צייטונג אַן אַנאָנס, אַז מען דאַרף האָבן אַרבעטער אין ניו־היורק. דאָס איז דער לעצטער רינג, וואָס דאַרף מיט דער שטאַרקער ווירקונג אויף זיין באַוואוסט־זיין פאַרשמידן אַרום אים די קייט פון זיין מזל. און ווי נאָר ער קומט אין ניו־היורק און שטעלט די ערשטע טריט אויפן גאַס, פאַרקוקט ער זיך אויף די הויכע מויערן אַרום אים, און אַ טראַמוויי קומט און דערהרגעט אים אויפן אָרט.

גלייך נאָך דעם קומט אַזאַ שלוס:

„דער טאָג איז אַ ווייסער געוואָרן. די זון האָט שטאַרקער געלויכטן. עס איז שוין באַלד פיר אַזייגער נאָכמיטאָג."

אָט דער ניט־געלונגענער סוף איז שוואַך, באַטאָנט קיין זאַך ניט. פאַר־קערט, ער פאַרשטיקט נאָר יעדן אָפּקלאַנג פון דער דערציילונג, צעשטערט איר איינדרוק.

די דערציילונג „צום נייעם האַפן" איז בכלל פון די אומגעלונגענסטע אין דעם בוך, כאָטש אין איר אויפגאַבע איז זי איינע פון די אינטערעסאַנטסטע.

גלאַזמאַנס ציל איז פריער פון אַלץ באַוואוסטזיניקע מייסטערשאַפט. דער־פאַר איז אַ סך שווערער צו פאַרגעבן אים דילעטאַנטישקייטן. אין דעם אָנהייב פון דערזעלביקער דערציילונג, אין מיטן פון דער באַשרייבונג פון מענדלס אויסזען און פירונגען, גיט דער אויטאָר פּלוצלינג אַ שפּאַציר אַריין אונטער מענדלס שאַרבן און דערציילט, אַז „דער קאָפּ זיינער, דער מאַרך... האָט זיך מיט קיין סך פאַלדן און קנייטשן ניט אויסגעצייכנט."

תורה און חכמה רופן אַרויס ביי גלאַזמאַנען מער התפּעלות ווי אַלץ אויף דער וועלט. און דאָס פילט זיך אָפּטמאָל ביי אים און איז איינער פון זיינע גרעסטע חסרונות. ווייל גראָד ביי אים דערוואַרטן מיר ניט קיין שום התפּעלות

פאַר קיין זאַך, און קיין זאַך טאָר דאָ זיך ניט פילן צו שטאַרק, נאָר אַלץ מוז זיין שטרענג געוואויגן און געמאָסטן און אויפן אָרט, כדי דער איינדרוק פון דעם גאַנצן זאָל ניט ווערן געשטערט.

גלאַזמאַן איז דער אייביקער סטודענט־לאַבאָראַנט, וואָס וועט לאַנג און געדולדיק אַנאַליזירן אונטער גלעזלעך פיצלעך טויטן מאַרך, צו געפינען אין זיי סמנים פון הידראָפאָביאַ. אָבער די רעזולטאַטן פון זיינע פאָרשונגען וועלן קיין ציל פאַר זיך ניט ווערן. ער וועט זיי נאָר באַנוצן פאַר מאַטעריאַל פאַר זיינע דערציילונגען־שטימונגען, ווי לעבנס־דערפאַרונג און לעבנס־ווייזהייט.

און אַז ער קומט אַמאָל אַרויס אויף אַ ווייל פון דער טונקעלער, שטויביקער לאַבאָראַטאָריע אויף דער פרישער לופט, און וויל פאַרפירן אַזוי זיך אַ לייכטן שמועס מיט אַ פאַרבייגייער, ווערט ער נאַאיוו, אומבאַהאָלפן און אומגעלומפּערט.

אָט איז, למשל, דער אָנהייב פון אַן אַנדער דערציילונג זיינער, „פון די אָפּגרונטן".

„עס איז אייך אַלעמען וואויל באַקאַנט די זינדיקייט און ניט־ריינקייט פון דעם איצטיקן מאַן־און־ווייב־לעבן, און עס וויטיקט גאָר איינעם צו רעדן וועגן דעם, ווייל עס איז אומזיסט, און אַזוי איז גאָר די מאָדע, דערהויפּט אין אונזער גרויסער יידישער שטאָט, אין דעם כרך ניו־יאָרק, וואָס איז דער סדום פון אונזערע היינטיקע צייטן, און ער וועט נאָך, אַז די מאָס פון אומרעכט וועט שוין איבערפילט ווערן, חרוב ווערן פונקט ווי דער אורשפּרינגלעכער סדום אַמאָל, אין לוטס צייטן. אויב ניט איר, די קומענדיקע דורות וועלן עס זיכער זען. הלוואי זאָל איך זאָגן אמת.

„ליבע. נו, אַז די בחורים באַטריגן די מיידלעך, באַטריגן די מיידלעך די בחורים, וואָרים פאַר וואָס ניט? אַלע דאָס זעלבע, אַלע גלייך. מער ניט. עס איז שוין אַזוי אין דער מענטשלעכער נאַטור, אַז ס'איז ניט אַזוי פאַרדריסלעך ווען איר נאַרט אָפּ יענעם, ווי ווען י ע נ ע ר נאַרט אָפּ א י י ך. ערשט דאַמאָלסט ווערט אייך אַ ביסל טרויעריקער, און איר פאַרטראַכט זיך, ווייל עס טוט אייך וויי, ווי עס דאַכט זיך אייך: — איר זייט געוואָרן קליגער.

„עס איז איבעריק צו דערציילן, און איך בין אין דעם פּרט ניט אָפּגעטיילט פון אַנדערע, בין אַזוי זינדיק און אומריין ווי די איבעריקע יונגע לייט, ווייל, ערשטנס, וואָס קען איך זיך העלפן? און פאַר וואָס זאָל איך טאַקע זיין בעסער ווי די איבעריקע? און איינער וויל ניט אונטערגיין, וויל זיך ניט געפינען צווישן די אומבאַקאַנטע ערלעכע, וועמען מען טוט אומרעכט, און וועלכע שטאַרבן אַזוי אַוועק פאַרטונקלט, מוז מען זיך געפינען צווישן די אַנדערע, די אומערלעכע, די אומגלויביקע און שלעכטע, וועלכע טוען דעם אַנדערן אומרעכט און וועמעס נעמען עס טיילן זיך אַרויס אין דער אַלגעמיינער

חושכניש פונם לעבן. וואָרים אַז איר וועט זיך ניט פעדערן און פײַניקן דעם אַנדערן, וועט דאָך דער אַנדערער, אַזוי זיכער ווי דער טאָג, זיך פעדערן און פײַניקן אײַך, ווייל דאָס איז די נאַטור פון מענטשן. און סתם — אַזוי איז טאַקע בעסער און אַנגענעמער... דאָס איז איינס, און צווייטנס..."

איך האָב ציטירט די הקדמה צו דער דערציילונג נאָר דערפֿאַר, ווייל אין איר זע איך קלאָר די גרעסטע געפֿאַר פֿאַר דעם אויטאָר. די גאַנצע דערציי־לונג קלינגט ווי אַביסל אָפּגעװעיט פון עדגאר עלען פּאָו. די הקדמה שטימט אפשר אין טאָן מיט דער דערציילונג. אָבער זי האָלט בשום אופן ניט אויס קיין פאַרגלייך מיט פּאָוס הקדמה: זי איז אַ מין געמיש פון דעם, וואָס „די באָבע פלעגט זאָגן" מיט אייגענע פלאַכקייטן, אין אַ פּאַראַלעל צו דעם אויטאָרס „היינטוועלטלעכקייט" אין דער „אַלטמאָדישקייט" פון זיין נייער סביבה אין דער דערציילונג. אָבער אָט די „היינטוועלטיקייט" קומט אַרויס פלאַך, און פלאַכקייטן זיינען ביי גלאַזמאַנען דורכאויס ניט דערלויבט.

גלאַזמאַן איז פון די שרייבער, וואָס באַשאַפן עפּעס נאָר זעענדיק זייער וועלט דורך די אייגענע ברילן. קוקן זיי אויף דאָס גאָר פּשוטע מיט אַן אומ־באַוואָפנטן אויג, קאָנען זיי דאָס ניט בייקומען, קאָנען דאָס ניט סטיליזירן.

און בכלל איז גלאַזמאַן קיינמאָל ניט אוממיטלבאַר, דירעקט, נאַקעט. דער אַזאָוו ים, דזשאָרדזשיע און די אַמעריקאַנער וועסט, דאָס אַלטע, דאָס נייע, אונזער צייט און דאָס לעבן אין אַמאָליקן ארץ ישראל — זיינען פֿאַר אים קיינ־מאָל ניט קיין אַנטפּלעקונגען. זיי זיינען פֿאַר אים ניט מער ווי אַ מאַטעריאַל.

דאָס מיינט אָבער ניט, אַז אָט די אומבאַהאָלפנקייט אַנטקעגן דעם פּשוטן, רויען לעבן איז ביי גלאַזמאַנען אַזאַ אָרגאַנישער חסרון, פון וועלכן ער וועט זיך קיינמאָל ניט באַפרייען. גלאַזמאַנס אייגענער וועג איז אויך אַ וועג, ביים סוף פון וועלכן מען קאָן „דערזען אַ גרויס ליכט".



# אַ נייע לידער־זאַמלונג פון נפתלי גראָס

**ווען עמיצער זאָל וועלן פונאַנדערטיילן אַלע יידישע פּאָעטען נאָך זייער פּסיכאָלאָגישער אָנגעהעריקייט צו פאַרשיידענע גרופּעס און טיילן פון קלאַסן, וועט אים זיין זייער לייכט צו קלאַסיפיצירן נפתלי גראָסן. אָט איז אַ ליד, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר גראָסן, באַזונדערס אין זיינע צוויי לעצטע זאַמלונגען „יידן":**

די ניי־מאַשינען זינגען אויף דער פולער וואָך,
סע נייען די געזעלן און זיי ברומען אונטער;
און אַלע ווינקלען רוישן פול מיט אַרבעט מונטער —
אַוועק די צייט, ווען ס'איז קיין אַרבעט נישט געווען קיין שטאָך.

די באַלעבאָסטע קאָכט אַ מלכותדיקן קאָך;
קאַרטאָפל מיט די פעלצלעך און טיי פון ליפּע־צוויט;
דאָס זויערקרויט און אוגערקעס רייצן דעם אַפּעטיט —
מיט זאַטער זיסקייט און געזאַנג רוישט די פולע וואָך.

און אַלעמען איז ליב און לייכט דער יאָך פון דער פרנסה.
דער שווערער זייגער זינגט און עס זינגען די מאַשינען,
די גאַנצע ווערקשטוב רוישט און זומט ווי האָניק־בינען;
די שויבן בליען בלוי מיט ביימער און מיט בליטן,
סע בייטשט דער ווינט אין דאַך ווי ער וואָלט אויף דער שטוב געריטן,
און ס'שניידט דער פראָסט אין גאַס ווי מיט אַ בלויער קאָסע.

**(„ביים שניידער", זייט 75, „יידן" 2)**

**„און אַלעמען איז ליב און לייכט דער יאָך פון דער פרנסה..." די דאָזיקע איינע שורה וואָלט גראָס געקאָנט נעמען ווי אַ מאָטאָ צום בוך.**

**אין גראָסעס לידער איז באַזונדערס אָנגענעם די גרויסע קולטור פון פּשטות, אַ געלייטערטקייט, וואָס גיט זיך איין ביט קיין סך פּאָעטן.**

גראָס האָט אין ערגעץ ניט קיין אַבסטראַקציעס אין זיינע לידער, און דאָס איז ביי אים ניט נאָר אַ מעלה, נאָר פּשוט אַ כאַראַקטער־שטריך. די שטאָט און דאָס שטעטל, אָדער די „שטעטלשטעט", זיינס אַ טרעפלעך וואָרט, — דאָס אַלץ ווערט אויך ביי אים געגעבן אין קאָנקרעטע בילדער, מיט פולע, ערלעכע רעאַליסטישע פאַרבן. גראָס איז אַן ערלעכער רעאַליסטישער דיכ־טער־דערציילער און מאלער. די שפּראַך האָט ביי אים די געהעריקע פּשוט־קייט; אַזוי אויך די בילדער, וועלכע ער נעמט אָפּט פון דער זעלביקער סביבה, וואָס ער גיט איבער אין אַ ליד.

„נאַטור" איז ביי גראָסן פאַראַן וויפיל איר ווילט, און אויך ממשות־דיק און קלאָר און פול־רעאַליסטיש געגעבן; אָבער אומעטום זיינען פאַראַן אין איר מענטשן, און די מענטשן זיינען אין דער איצטיקער זאַמלונג כמעט אַלע — יידן. נפתלי גראָסעס איצטיק בוך, ווי זיינע פריערדיקע זאַמלונגען, איז אַ רעקאָרד פון לעבן, פון יידישן לעבן, דעם היינטיקן, אָבער נאָך מער פון דעם נעכטיקן, דעם, וואָס איז דאָ פון אונז ווייט און האַלט ביים פאַר־שווינדן. מיט דעם איז גראָסעס דיכטונג אין דער ברייטער טראַדיציע פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור.

גראָסעס לידער זיינען אַלע טיף־ליריש און שטאַרק סוביעקטיוו, הגם אין דעם בוך איז כמעט ניטאָ דאָס קליינע, הילכיקע וואָרט „איך". דער ליריזם און דאָס פערזענלעכע איז דאָ אין די בילדער און דערציילונגען. ניטאָ ביי אים אויך קיין לידער „צום פאָלק" אָדער „וועגן פאָלק", ניטאָ קיין לירישע דעקלאַראַציעס און דעקלאַמאַציעס. ער האָט גאָרנישט ניט צו דעקלאַרירן, און ער דעקלאַמירט קיינמאָל ניט. ער פאַרמאָגט גוטן געשמאַק ניט אַריינצופאַלן אין אַזאַ טאָן אין אונזער צייט, אַ צייט פון אַזוי פיל גע־שריי און פון אַזוי פיל ווייטיק און אומגליק, אַז עס איז אָפּטמאָל טאַקע אַזוי שווער ניט אויסצושרייען.

אָבער אויסגעשריי איז ניט פאַר גראָסן, און ער ווייסט און פילט דאָס אַלעמאָל זייער גוט און דערפאַר ווערט ער אין דעם קיינמאָל ניט נכשל. אין דעם גאַנצן בוך איז פאַראַן נאָר איין „אָ", איז דאָס נאָר אַ שטיל־לירי־שער, ביים דערמאָנען אַ בילד פון אַמאָליקן שטעטלש־פאָלקישן לעבן אין דער קינדהייט; און ניטאָ אין דעם בוך קיין שום אויסרוף־צייכנס, סאַידן נאָר אין אַ פאָר באַלאַדעס.

אין אַזאַ צייט, ווי די איצטיקע, פאַרנעמט מען ניט אַזוי גיך אַ שטי־לערן קול פון אַ דיכטער. און נפתלי גראָס געהערט דורכאויס ניט צו דעם גרויסן כאָר פון פּאָעטן, וואָס ווילן און קאָנען זיך לאָזן דערהערן אין אונזער היינט.

דאָס מיינט ניט, אַז גראָס איז מיט עפּעס אַ שטיקל אַנאַכראָניזם אין

אונזער איצטיקער יידישער דיכטונג, אַז ער געהערט צו אַ פאַרגאַנגענער עפּאָכע. ער איז דורכאויס היינטיק, מאָדערן מיט זיין צוגאַנג, מיט זיין לעבנס־באַנעם, מיט זיין „שטעלונג". ער איז אַפילו סאָציאַליסטיש, כאָטש אין זיין דיכטונג איז כמעט ניטאָ קיין סימן פון פּראָגראַמאַטישקייט, און עס פילט זיך ניט קיין שום „סאָציאַלע באַשטעלונג"; ער איז מאָדערן אויך מיט זיין שטאָף און מיט זיין זייער גוטער טעכניק.

נפתלי גראָס גיט אונז אין זיינע פערזן דאָס יידישע פאָלק קאָנקרעט — יידישע בעל־מלאכות און אַלערליי אַנדערע פאָלקס־מענטשן. ער קען זיי זייער גוט, און מיט זייער לעבן לעבן זיינע לידער. ער גיט זיי אונז אין זייער אַלטאָג און זייער יום־טוב. ער גיט אונז אויך דאָס ראָמאַנטישע אַרום זייער לעבן, אָבער ווידער אַלעמאָל אין פּאַרטיקע, קאָנקרעטע זאַכן: באַלאַדעס, פאָלקס־לידער, אליהו הנביא, דער לעגענדאַרישער רויבער דאָבוש, מעשות וועגן משולחים, א. אַ. און אומעטום האַלט ער אין זיין פאַנטאַזיע אין גע־העריקן צוים, ווייזט אַרויס אַ געפיל פאַר פּראָפּאָרציע און גיט אויך ערטער־וויז פיינעם איינגעהאַלטענעם הומאָר.

אַ פאָלק האָט צווישן זיך אַלע מאָל גענוג אַרויסגעשטויסענע פון לעבן, אומגליקלעכע, קאַליקעס, בעטלער, שיכורים, אָדער פּראָלעטאַריער אָן אַר־בעט, מענטשן אָן ברויט, באַזונדערס היינט, און באַזונדערס ביי אונז יידן. איר וועט זיי דאָ געפינען, ווי איר וועט געפינען כלה־מיידלעך מיט זייערע חלומות, דרייצן־יעריקע מיידלעך מיט זייערע אומגעלומפּערטקייטן, קינדער מיט זייער וועלט. אָבער זיי אַלע זיינען אין גראָסעס בוך ניט אויפן ערשטן פּלאַן. אויפן ערשטן פּלאַן איז דער דורכשניטלעכער בעל־מלאכה, דער פאָלקס־מענטש, וואָס פאַרנעמט אַ באַשטימטן אָרט אין פאָלקסלעבן.

עס איז גוט, וואָס גראָס האָט געהאַט דעם גוטן געשמאַק ניט צו נעמען אַ שטיק לעבן, וואָס איז אים ניט אַזוי אייגן, וואָס ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון דער אויסזיכט אויף „ביליקע זיגן" מיט שרייאיקע טעמעס: בעטלער, קאַליקעס, א. אַ. וו., — אַ נסיון, וואָס אַ סך קענען ניט ביישטיין. ביי גראָסן זיינען אויך ניטאָ קיין צו פיל פּסיכאָלאָגישע פאַרטיפונגען און צו גרויסע אינערלעכע קאָנפליקטן.

דאָס איז ניט צופעליק אַזוי ביי גראָסן, נאָר דאָס דעקט אויף אַ גרונט־שטריך אין זיין דיכטערישער אַרבעט. גראָס, טאָקע ווייל ער איז אַזוי דורכ־אויס פאָלקיש, איז מער געניגט צו פאָלקס־אידילישקייט, איידער צו רעוואָ־לוציאָנערישקייט, וועלכע וועט מער צוציען דעם פון פאָלק מער אויסגע־וואָרצלטן אינטעליגענט.

אָט פאַרוואָס אַ שורה ווי „און אַלעמען איז ליב און לייכט דער יאָך

פון דער פּרנסה" איז פּאַר גראָסן אַזוי כאַראַקטעריסטיש. דאָס, ווי געזאָגט, הייסט נאָך ניט, אַז ער איז ניט באַטייליקט אין די „נויטן" און אַפילו אין דעם „רוף" פון דער צייט, אַפילו אין דער פּאַרליגנדיקער לידער־זאַמלונג. אָבער ער איז אַן ערלעכער און אויפריכטיקער דיכטער, און ער גיט דאָס, וואָס לעבט אויף אין אים און וואָס האָט צו טאָן מיט זיין טעמע. ער איז דאָ פאַרנומען מיט זיין אַרבעט, און די אַרבעט איז אַ ממשותדיקע און אַ וויכ־טיקע.

נפתלי גראָס וועקט גלייך אויף ביים לייענער דעם פולסטן צוטרוי. ער טראַכט גאָרנישט ניט צו און טראָגט ניט צו קיין שום „הויכע אידייען", וואָס זיינען איצט אין דער לופט און וועלכע ער קען זייער גוט, און ער האָט אומעטום די געהעריקע טעכניק.

איר וועט ביי אים ניט טרעפן קיין שום הילכנדיקע גענעראַליזאַציעס, קיין בלישטשענדיקע פראַזעס אָדער עפּיגראַמאַטישקייטן. צו אַ צירק־פאָרשטע־לונג קומען ביי אים „ווייבער מיט די מאַנען" און „הערן מיט די פרויען". ער ווייסט דעם חילוק. ער איז בכלל זייער ציכטיק־אָפּגעהיט מיטן וואָרט. ניטאָ ביי אים אין ערגעץ קיין סנאָבישקייט, קיין שטעל פון אויבן אַראָפּ. ניטאָ קיין איבערגעטריבענע התפּעלות און קיין אַרונטערגעפאַלנקייט. איר האָט דאָ אַ גליקלעכע גלייכקייט און גלייכגעוויכט. אַזוי איז דאָך אויך דאָס פאָלק.

דעריבער האָט איר אַזאַ פולן צוטרוי צו גראָסן. ער וועט אויך אין ערגעץ ניט אַנטוישן און ניט איבעררעשן, — סאַיידן מיט זייער אַ גוטן בילד אָדער טרעפלעכן וואָרט, קיינמאָל ניט מיט קיין געדאַנק, וואָס זאָל אייך פאַרבלענדן אָדער שאָקירן. אַזוי זיינען זיינע געשטאַלטן, די העלדן פון זיין דיכטונג. ניט פון זיך אַליין און ניט פון עמיצן פון זיינע מענטשן וועט ער אייך ניט דאַרפן דערציילן, אַז „ער האָט אויסגעמאָסטן זיין לעבן מיט קאַווע־לעפעלעך". פרעמד איז גראָסן אַזאַ טעכנישער פּלי, און ביי אונזער דע־מאָקראַטישן פאָלק קען אַזאַ „מאָס" זעלטן ווען טרעפן. ניטאָ ביי גראָסן אין גאַנצן בוך קיין סימן פון סאַלאָן, פון וועלכער עס איז אַנגעצויגנקייט און פון וועלכער עס איז נשמה־צעשפּאָלטנקייט, פון „מעדיום וויטע", צי פון אַנדערע אינטעליגענטישע חולאתן.

מענטשן פון פאָלק, ווי גראָס גיט זיי אונז אַזוי גוט, ווייסן ניט פון שאָפּענהויערס פילאָזאָפיע און ניט פון דינקייטן און עלעגאַנץ אין דער פראַנ־צויזישער דיכטונג. זיי זיינען אויך ניט „וואולגאַר", ווייל זיי זיינען אַליין דער געזונטער „וואולגוס", זיי זיינען אַליין דאָס פאָלק, וואָס איז קיינמאָל ניט קהלתדיק אומצופרידן מיטן לעבן און מיט זיך, אַפילו ניט ביי די גרעסטע צרות און אומגליקן.

**און אָן דעם אַלעמען איז נפתלי גראָסעס איצטיק בוך פונדעסטוועגן אי מאָדערן, אי זייער צייטמעסיק, — אַ גוט און נייטיק בוך.**

**אַפילו ווען גראָסן קומט אויס צו דערציילן וועגן אָן עלטערן ברודער אַ חלוץ, פאַלט ער ניט אַריין אין קיין שום אידעאָלאָגישע אָפּשאַצונגען און דערלויבט זיך ניט קיין שום באַמערקונג „פון זיך", נאָר דערציילט דעם נאַקעטן פאַקט, — כאָטש דער נאָמען און די טעמע פון ליד זיינען „נייע צייטן":**

אין שכנות ביי דעם פויער זינגט דער פידל —
דעם שכנס שייגעץ לערנט זיך אַ פידלער זיין;
אין אונזער שטיקל גאָרטן זינגט דער רידל —
מיין ברודער אַרבעט ביזן שפּעטן אָוונטשיין.

דעם שכנס שייגעץ גייט אין דער גימנאַזיע,
ווי אָנגעצויגן ער איז אין סטודענטישן מונדיר;
ער רעדט לאַטיין, און פון דער ווילדער אַזיע,
און גריסט זיך העפלעך מיט מיין שוועסטער אויף שפּאַציר.

מיין ברודער האָט פאַרוואָרפן דאָס שטודירן
און אַרבעט ווי אַ גוי, להבדיל, אָפּן פעלד;
ער רעדט פון ארץ־ישראל, און פון אַ נחלה, אַ געצעלט,
און לייענט יעדן שבת אַ העברעאיש בלאַט;
ער רעדט פון נייע יידן און פון אַן אייגענעם שטאַט,
וואו יידן וועלן זיך ווי יידן פירן.

**(„אדן" 2, ז. 69)**

**דאָס איז, מעגלעך, ניט איינס פון די בעסטע לידער אין בוך, אָבער מערקווירדיק איז אין דעם גאַנצן בוך, וואָס די קוואַליטעט, ווי דער טאָן, איז דאָ כמעט אומעטום גלייך. אין דעם געבראַכטן ליד איז פאַראַן אַביסל איראָניע, אָבער נאָר אַביסל; דערפאַר אָבער גענוג ערלעך געגעבענע, גוט אויפגענומענע דעטאַלן. איר טרעפט, איבעריגנס, ביי גראָסן אַזעלכן פיין־געפּאַסטע פערזן, ווי:**

קום, יאָסל, נעם דעם פידל,
ס׳וועט אַלצדינג זיין שוין רעכט.
צו גאָט געהערט דער הימל,
די ערד — צו זיינע קנעכט.

**(„דאָס ליד פון יאָסל קלעזמער", זייט 105, „אידן" 2)**

איס גיבן זיך אָפּטמאַל אַזוי גוט איין געשטאַלטן: דער בעל מקובל

איז שטענדיק אויפגעראמט און פייערלעך,
ווי ער וואָלט כסדר אימיצן דערוואַרטן.

(„אידן" 1, ז. 23)

די לעבנס פון די פאָלקסמענטשן ביי גראַסען זיינען טאַקע זייער שטרענג אויסגעמאָסטן; אָבער ניט מיט קאַוועלעפעלעך, נאָר גאָר אַנדערש:

פאַר איינעם פולע וואָכנטעג, ווי שפע פון יאָרידן,
גייען איבער מיט אַלעמגוטן, ווי אַ קידוש־בעכער,
אַן אַנדערן דריקן זאָרגן ווי די אַלטע דעכער,
און ליידיק איז אים ס'לעבן ווי אַ זאַק מיט לעכער —
פאַר אַלע אָבער רו־טעג מיט שבת און מיט פרידן.

(„אידן" 1, ז. 11)

אָדער:

דאָ לעבן מענטשן פול אויס די מעת־לעתן —
סע גייט קיין טאָג אין לעבן נישט לאיבוד.
מען האָרעוועט די וואָך אָפּ אויף אַ קלייד און עסן,
מ'גייט שבת איינער צו דעם אַנדערן אויף כיבוד.

(„אידן" 1, ז. 2)

גראַס איז אין גאַנצן אין דער בעסערער ברייטער טראַדיציע פון דער מאָדערנער יידישער דיכטונג; ער איז אויך אין דער גאָלדענער אַלטער טראַדיציע פון דער ביבל, פון וועלכער ער איז אַ קענער און איבערזעצער.

אין דעם בוך זיינען אויך פאַראַן עטלעכע פּאָליטישע לידער: זיי זיינען ניט פון די געראָטנסטע אין דער זאַמלונג, ווייל גראַס האָט נאָך, ווייזט אויס, ניט אויסגעאַרבעט פאַר דעם קיין עכטן, אייגענעם פּאָעטישן אידיאָם. אַזאַ ליד איז, צום ביישפּיל, „דער ערשטער מאַי". אין „סאַקאָ און וואַנזעטי" האָט ער אָנגעשלאָגן אַ פּאַסיקערן טאָן און פאָרם. בעסער ווי אַזעלכע לידער גיבן זיך איין גראַסן בילדער פון שטעטלשן לעבן, און פון דער גאַס אין דער גרויסער שטאָט, בילדער מיט פאָלק און זאַכן, אָבער אָן אידעאָלאָגיעס. גראַס איז ניט קיין אידייען־דיכטער אין דעם איצטיקן בוך, כאָטש אַ פּאָעט מיט אידייען.

אַ גאָר באַזונדערע מעלה ביי נפתלי גראַסן איז זיין גרויסע ליבע און אויפמערקזאַמקייט צום אויסגעזוכטן וואָרט אין דעם יידישן פאָלק־לשון. גראַס זאַמלט יידישן פאָלקס־לשון, וואָס ווערט, צום אומגליק, פאַרלאָרן און

פאַרגעסן. ער זאַמלט דעם דאָזיקן לשון מיט ליבע, און ער קלייבט זיך זיינע זאַמלונגען צו פאַרעפנטלעכן. דאָס איז אָן ספק אַן אויסערגעווייינלעך וויכטיקע אַרבעט.

אין דעם איצטיקן בוך זיינען פאַראַן אַ סך „שווערע" ווערטער, אָבער ניט פון אינטעליגענטישן זשאַרגאָן, אָדער פון וויסנשאַפטלעכער און טעכני־שער שפּראַך, נאָר ווערטער פון דעם מויל פון פאָלק, ווערטער, וועלכע זיינען אונז געוואָרן פרעמד, אָדער זיינען לאָקאַליזמען. פאַראַן אויך ווערטער, וואָס גראָס האָט געשאַפן זייער געראָטן אין דעם גייסט פון דעם פאָלק־לשון. זיינע שפּראַך־„מאָנעריזמען" זיינען דורכגעטראַכטע פּאָעטישע אַרבעט. אַ שאָד נאָר, וואָס גראָס האָט צום בוך ניט צוגעגעבן קיין פאַרטייטשונגען פון די זעלטענערע מער־פאַרגעסענע ווערטער.

מיט דעם איצטיקן צווייטן באַנד פון „יידן" שליסט אָפּ נפתלי גראָס צוואַנציק יאָר פּאָעטישע אַרבעט. זיין ערשט בוך, „פּסאַלמען", איז אַרויס אין יאָר 1919.

גראָס האָט איבערגעזעצט אַ סך לידער פון היינריך היינע פאַר דער אַכט־בענדיקער היינע־זאַמלונג, וואָס דער פאַרלאַג „אידיש" האָט אַרויסגע־געבן אין יאָר 1920. ער האָט אויך איבערגעזעצט ריכאַרד בער־האָפמאַנס „יעקבס חלום" (געדרוקט אין „צוקונפט"), מעשהלעך פון קאַליל גיבראַן, דעם תהילים, די פינף מגילות און דעם חומש. די מערסטע לידער פון דער איצטיקער זאַמלונג „אידן" זיינען געווען געדרוקט אין דער „צוקונפט".

(„צוקונפט", יולי, 1939.)



# „געדענק־לידער" פון יעקב גלאַטשטיין

צו דער פראַגע צי מען קאָן, אָדער אַפילו צי מען דאַרף שרייבן לידער וועגן דער איצטיקער מלחמה, איז דער בעסטער באַווייז אַ לידער־זאַמלונג וועגן אונזער היינט. אויב אַזאַ זאַמלונג, זאָל זיין אַ קליינע, זאָל זיין אַפילו איין ליד איז דאָ, און זי איז געראָטן, פאַרשפאַרט מען שוין אַלע חקירות וועגן דעם, וויפיל גרויסע מלחמה־לידער עס זיינען געווען אין דער וועלט־ליטעראַטור, און צי איז דזשאָן מילטאָנס סאָנעט אויף אַ שחיטה אין זיין צייט אין איטאַליע אַן אויגעהאַלטענע זאַך, אָדער ניט. דער פאַקט אַליין, אַז אָט איז פאַר אייך אַ גוט ליד, אָדער אַ זאַמלונג גוטע לידער וועגן היינטי־קער גרעסטער פון אַלע וועלט־שחיטות, פסלט אונזערע טעאָריעס, וואָס האָבן מיט אָט דעם איינעם פאַקט ניט געשטימט. אויב אַ גוט מלחמה־ליד איז דאָ, איז דאָך ניט שייך צו פרעגן, צי עס איז מעגלעך.

די פראַגע, צי דאַרף מען שרייבן מלחמה־לידער, ווערט, פאַרשטייט זיך, אויך אַן איבעריקע. אַזאַ פראַגע קען זיך שטעלן נאָר דער, וואָס צווייפלט, אויב אַ גוט מלחמה־ליד איז מעגלעך. דאָס מיינט ניט, נאַטירלעך, אַז מען דאַרף ביי אַ פּאָעט פאָדערן, ער זאָל געבן מלחמה־לידער. אַ סך פיינע פּאָעטן האָבן נאָך עד־היום קיין מלחמה־לידער ניט אַרויסגעבראַכט. סיבות קענען דאָ זיין פאַרשיידענע. אָבער די היינטיקע מלחמה פאַרנעמט אַלץ מער אַלע זייטן און ווינקעלעך פון אונזער לעבן, און ממילא וועט זי מוזן פאַרנעמען אויך אַלץ מער אָרט אין דער ליטעראַטור און פּאָעזיע. וואָס מער אַ פאָלק איז אין פייער פון דער מלחמה, אַלץ מער איז די גאַנצע ליטעראַטור זיינע געוואָרן אַ מלחמה־ליטעראַטור.

אין סאָוועט־רוסלאַנד איז דאַריבער די גאַנצע ליטעראַטור און פּאָעזיע פאַרנומען מיט דער מלחמה. אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע, וואו די אַנ־טוישונג און פּאַסיפיזם פון נאָך דער לעצטער מלחמה האָבן אַ לאַנגע צייט געמאַכט מענטשן בלינד צו דעם אמת פון דער מלחמה פון היינט, און האָבן אויך אויף לאַנג אַ סך פּאָעטן געמאַכט שטום, פאַרכאַפּט די מלחמה איצט די פּאָעטן אַלץ מער און מער. אַ סך פּאָעטן האָבן שוין אַרויסגעבראַכט לי־

דער־זאַמלונגען, וואָס זיינען אין גאַנצן פאַרנומען מיט אונזער צייט. עס האָבן זיך שוין אַפילו באַוויזן אַנטאָלאָגיעס פון דער היינטיקער מלחמה.

עס איז נאַטירלעך, אַז ביים יידישן פאָלק, דעם גרעסטן קרבן פון דער איצטיקער מלחמה, זאָל די ליטעראַטור און פּאָעזיע זיין מער באַשעפטיקט מיט דער מלחמה און אונזערע הייטיקע גרויסע אומגליקן, איידער מיט עפּעס אַנדערש. ניט נאָר איז נאָך ניט געווען אַזאַ גרויסער יידישער חורבן, ווי מיר האָבן היינט. מיט נאָר עטלעכע אויסנאַמען, האָבן שוין אַלע באַקאַנטע יידישע פּאָעטן געשריבן לידער פון דער מלחמה און אַרום איר. מיר האָבן שוין געהאַט וועגן דעם גרעסערע פּאָעמעס און לידער־זאַמלונגען.

איצט האָט אונז יעקב גלאַטשטיין געגעבן אַ זאַמלונג פון אַזעלכע אָרי־גינעלע און קרעפטיקע מלחמה און חורבן־לידער, וואָס מיר האָבן נאָך ביז איצט ניט געהאַט. גלאַטשטיינס בוך איז ביז איצט דער בעסטער יידישער פּאָעטישער דענקמאָל פון אונזער גרויסער און שוידערלעכער צייט.

פון די צוויי טיילן פון בוך איז דער קלענערער ערשטער טייל ניט די־רעקט וועגן דער מלחמה, אָבער זיי זיינען ניט קיין קאָנטראַסט צו די אייגנט־לעכע לידער פון מלחמה און יידישן גורל, נאָר אַ געהעריקער צוגאָב צו זיי. דער צווייטער טייל רופט זיך „נעם אַ פּנקס און פאַרשרייב", און דאָ האָבן מיר אַן אומגעוויינלעכע זאַמלונג, אַ מערקווירדיקן פּאָעטישן רעקאָרד, וואו יעדעס ליד איז אַ באַזונדערער דאָקומענט, וואָס חזרט זיך ניט איבער און וואָס האַלט לאַנג אַן זיין קלאַנג.

עס איז אפשר ניט צופעליק, וואָס גלאַטשטיין גיט צום אָנהייב און צום סוף פון זיין בוך לידער באַזונדערע לידער־הימנען צום לשון פון אונזער פאָלק. אין דער זעלביקער צייט זיינען ביידע לידער אויך צייט־און מלחמה־לידער: אין דעם ערשטן האָבן מיר אונזער וואונדערלעכן יידישן גורל, און אין דעם לעצטן אַ חשבון, דורך אונזער שפּראַך, מיט דעם גרעסטן שונא אונזערן, מיט דייטשלאַנד.

דאָס לעבן און די נשמה פון אַ פאָלק געפינט זיך מער פון אַלץ אין זיין לשון. מיר האָבן שוין אין דער יידישער פּאָעזיע געהאַט מוסטערן פון פאַר־אייביקן דעם גאַנצן גורל פון אונזער פאָלק מיט אונזער מאַמע־לשון. גלאַט־שטיין איז אָבער דערצו אַ מייסטער פון לשון, און ער גיט אונז די פאַראיי־ניקונג פון פאָלק און שפּראַך ניט אַזוי מיט היסטאָרישע באַרופונגען, ווי מיט דער געשיכטע פון דעם לשון און מיט דעם לשון גופא. נאָך אַזעלכע לידער וועגן יידיש האָבן מיר ניט געהאַט. אָבער אויב מיר זאָלן פון דעם בוך אַרויסנעמען דעם גאַנצן אינהאַלט־מאַטעריאַל, וועט דאָס בוך בלייבן, ווי איין שיינער און קרעפטיקער הימן צו אונזער יידיש.

**אַט ווי גלאַטשטיין ווייזט אונז דעם וואונדער פון יידיש אין ערשטן ליד, „ס׳יידישע וואָרט״:**

ס׳יידישע וואָרט בליט אויף אַ מאַנדלשטעקן.
און יעדע ברכה איז באַטעמט,
יעדע קללה איז געגראַמט,
יעדער וואָרט טוט שמעקן,
יעדער וואָרט טוט טריפן,
און יעדער וואָרט איז באַזאַפט
מיט באַבעשאַפט.
אַ געטרייע לאַנדשאַפט פון אַמאָליקייט —
אין אַ זאַמדיקן מדבר.

אין אַ מדבר בליט אַ מאַנדלשטעקן,
און אויף אים שפּראָצן יידישע ווערטער.
אַ וואַנדראָווניק אויף אַ קעמל
ציט אַהין ווי צו זיין באַשערטער.
און אַרום דעם שטעקן וואַקסן
זיסע קרייטעכצער,
און עסט מען זיי, עפענען רעטענישן
זייערע באַטייטעכצער,
און אַלע באַהוילענע נישטווּיסערייען
ווערן סאַמע קלאָרע פאַרשטייטזיכער.
און אַלץ ווערט כדאַי,
און אַלץ ווערט אָנגעיאָרנט
און אָנגעטרונקען מיט פרייד
פון באבעשאַפט.

**אַ הימן פון אונזער נאַציאָנאַלן שטאָלץ און פון האַס און עקל צו אונזער היינטיקן גרעסטן שונא איז דאָס לעצטע ליד אין בוך „אונזער ציכטיק לשון״:**

ווי די גוטע יידן פון אַמאָל,
וואָס פלעגן אויסלייזן און דערקוויקן
אַ וואָלוועלן ניגון,
אים לייטערן און געבן תיקון
און דערוויטערן פון דער טומאה —
אַזוי האָבן אונזערע זיידעס

פאַרוואַנדלט דיין פרעס־און זויף דייטש
אין יידישטייטש.
זיי האָבן אים געצערט און געצערטלט,
געקלערט ווי גוטן אייל,
געפעפערט און פאַרווערטלט
מיט תנ״כיש,
אַריינגעוועבט אין אים
גוטמוט פון פויערישן ליאַכיש
און זשוואַווישן סלאַוויש;
אים אָנגעלאַגלט מיט פּקחות,
שטאָט צעזעצטן און צעטראַסקעטן געלעכטער,
אים פאַרוואָגלט מיט פרומער בענקשאַפט
פון יידישע טעכטער,
פאַרטרערט יעדער וואָרט
מיט אָפּגעפוצטער אָרימקייט,
פאַרקלערט יעדער וואָרט מיט מיין
און פאַראימפּעטיקט דעם בייכיקן
ווערדען וואורדען זיין.

**צום סוף:**

דו, מצורע צווישן מערדער,
ווי אַזוי קאָנען מיר
אויף אונזער ציכטיק לשון
דערציילן אַלץ, וואָס דו האָסט מיט אונז געטאָן,
ווי דו האָסט אונזער וועלט פאַרלאָשן ?
חלש׳ן, חלש׳ן אונזערע ווערטער,
שעמען, שעמען זיך אונזערע רייד
אויסצוקלאָגן פאַר דער וועלט
די לעבעדיקע יסורים
פון אונזערע מיליאָנען ערב־טויטן.
נאָר דו אַליין אויף דיין בלוט־וואורשט שפּראַכע,
קאָנסט אויסרעדן, ווי דו האָסט גענומען
דייטשע, משוגענע ראַכע
פון דערשראָקענע, אומבאַשיצטע, שוואַכע...
...נאָר דו אַליין מיט וואַגנערס פויקן און טאַצן,
קאָנסט אויסכאָרכלען ביז צום פּלאַצן

דיין געפגרטן רום פון אַ צעדולטער וואַלהאַלאַ,
ביי פראַנקרייך, סאָוועט־רוסלאַנד און פוילן,
איידער דו ווערסט פאַרמשפט צו פוילן
אין אַן אייביקן היסטאָרישן כף־הקלע.

דאָ האָבן מיר אַ קרעפּטיקע פּאָעטיש־פּובליציסטישע טעאָריע פון יידיש קעגן דייטש, וואָס אונזערע פילאָלאָגן, אונזערע שפּראַך־פאָרשער וועלן ניט אָפּשטרייטן; אויב אימיצער פון זיי זאָל דאָס וועלן טאָן, וועט קעגן אים עדות זאָגן אונזער בלוטיקע געשיכטע פון די לעצטע אַכט הונ־דערט יאָר.

גלאַטשטיינס פּאָעטישער סטיל איז פּובליציסטיש און זשורנאַליסטיש און האָט אין זיך איראָניע און סאַטירע, — ווי ביי אַ סך אַמעריקאַנער און ענגלישע מאָדערנע פּאָעטן אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, גלאַט־שטיין איז אַ מייסטער פון סאַטירע, ווי ער איז אַ מייסטער פון לשון, — איןביידע פאַרמאָגט ער אַ סך דערפינדערישקייט און פאַנטאַזיע. ער האָט אין דעם איצטיקן בוך אויך אַ גלענצענדע פּאַראָדיע, — די זאַך הייסט "אַ חלום".

דאָס איז אַ מעשה מיט אַ פויגל, אַ מין פּאַראָדיסטישע אַלעגאָריע וועגן אונזער וועלטלעכקייט און יידישקייט. צווישן די פאַרשיידענע באַרימטע פויגלען אין דער פּאָעזיע געדענקט מען ביי אונז מער צוויי — דעם "ראָב" פון דעם אַמעריקאַנער פּאָעט עדגאַר עלען פּאָו און, פאַרשטייט זיך, דעם פויגל פון דעם יוגנט־ליד פון אונזער גרויסן נאַציאָנאַלן דיכטער חיים נחמן ביאַליק, — "אל הציפור". ביאַליקס איז אַ פויגל אַ היימישער, אַ פּראָסט־פּשוטער, וואָס פליט אַוועק ווינטער־צייט "אין די וואַרעמבעדער", און וואָס דער פּאָעט גיסט פאַר אים אויס זיין ביטער יידיש האַרץ:

און איך — וואָס קאָן איך דיר, מיין פייגעלע, זאָגן,
וואָס קאָנסטו שוין הערן פון מיר?
ניט לידער פון פרייד, נאָר פון אומגליק און טרויער
פון צפון־לאַנד דאָ, וואו איך פריר.

אַ, פייגעלע, פלי אין די וועלדער און פעלדער,
ס׳איז גוט, ביסט אַוועק פון מיין הויז;
ביי מיר וואָלטסטו תמיד באַוויינט נאָר מיין אומגליק,
מיין טרויער, וואָס שווער איז און גרויס.
נאָר ס׳וועלן געוויין שוין און טרערן ניט העלפן...

דאָס איז דער פויגל פון אונזער גרויסן פאָלקס־פּאָעט, דעם רעאַליסט ביאַליק. פּאָוס איז גאָר אַן אַנדער מין פויגל. דאָס איז דער ראָב, דער פויגל פון טויט. ער איז ביי פּאָוען אַ סימבאָל פון דעם אייביקן טרויער, וואָס וויל אים ניט פאַרלאָזן, וואָס ער קען פון זיך ניט פאַרטרייבן, וואָס האַלט אין איין קראַקען אים די איין בייזע נבואה פון פינצטערן וואָרדיקט — „קיינמאָל מער“.

די פאַרוואַנדלונג פון פּאָוס פויגל אין ביאַליקס איז אַליין אַ פיינער איינפאַל, און די פּאַראָדיע איז פול מיט אַנדערע איינפאַלן; אָבער די גאַנצע זאַך, מיט דעם גאַנצן הומאָר אירן, בלייבט אַן ערנסט און גאָר ניט פריילעך יידיש ליד פון אונזער צייט.

אָט איז אַ סטראָף:

אָנגעלייגטער גאַסט, איך באַגריס דיך.
פויגל פון האַלבן יאָרהונדערט צוריק.
ווי, וויפל וואַסערן זיינען אָפּגעפלאָסן.
פאַרוואָר, פאַרוויאַנעט גראָז איז איצטער דאָס פאָלק,
און דאָס האָט ער דאָך געזאָגט דעמאָלט,
ווען יידיש לעבן איז נאָך געווען לעבעדיק און קוואַליק.
פאַלט דער פויגל מיר אַריין אין די רייד —
אַני הצפור של ביאַליק.

ר׳ ישראל בעל שם טוב, ר׳ נחמן בראַצלאַווער, דער מהר״ל זיינען אין די לעצטע יאָרן אין אונזער פּאָעזיע די גאַנגבאַרסטע טעמעס. גלאַטשטיין האָט אין דעם איצטיקן בוך אַ סעריע לידער וועגן ר׳ נחמן בראַצלאַווער און אַ ליד „גאָט איז אַ טרויעריקער מהר״ל“. די זאַך וועגן בראַצלאַווער איז די באַדייטנדסטע אין דעם ערשטן טייל און איינע פון די פיינסטע זאַכן אין דער גאַנצער זאַמלונג. די באַקאַנטע און אַ סך מאָל איבערגעגעבענע לעבנס־פילאָזאָפיע פון בראַצלאַווער און פון בעש״ט, דער לעבנס־באַנעם פון חסידות, איז דאָ איבערגעגעבן מיט אַ מחיהדיקער פרישקייט:

פאַראַן אַזעלכע שטייגער לייט
וואָס טראַכטן אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך,
און דער קאָפּ ווערט ביי זיי הייליק,
אָבער דער גאַנצער גוף בלייבט שטויב פון שטויבן.
זיי קוקן אַריין אין אַ ספר
און די אויגן גלאָצן באַלד אַרויף אויבן,
אָבער די פיסלעך מיט די הענטלעך
זיינען נאָך ביי זיי עפר ואפר,

און איבערן גאַרטל
און אונטער דעם צווישנשייד
ווערט אַלץ טריף און טריפּער.
זיי לערנען זיך אויס שיינע ווערטער,
זיי זיינען עולה־רגל צו די הייליקסטע ערטער.
נאָר זאָל קומען אַ נדבה בעטן אַ מענטש אַ פאַרשמאַכטער,
בלייבט זייער האַנט פאַרמאַכט
און ס׳האַרץ פאַרמאַכטער.
דעם קאָפּ האָבן זיי מרחיק געווען פונם שכל,
און ס׳אָרימע מוח׳ל רודערט אַזש מיט די גילגולים,
נאָר ספּיצעטשיקל מענטשל ווערט פאַרפאַלן
אויף עולם ועד.

דערימעך זאָג איך דיר, נתן,
טראַכטן איז ווי נאָטן צו געזאַנגען,
און די געזאַנגען וואוינען אין לב.
זע, אַז ס׳האַרץ זאָל טראַכטן לויטער,
וועט ממילא דער קאָפּ אויפהערן צו טשאַדען.
פיינט האָב איך דעם גוטן יידן,
דעם כלומרשטן יידן,
וואָס פאַרטריפט די אותיות פון ספרים
מיט נעצרדיקע טראַכטערייען.
נעם אַ ליכט און באַלייכט דעם בראשית,
ברא האָט באַשאַפן.
בראשית האָט באַשאַפן.
גוואַלד, נתן, וואָס איז דאָ שייך צו טראַכטן.
לאָמיר גיין באַזאַמען אין רעגנס און אין שנייען,
אין זונען און אין קעלטן,
און לאָמיר זינגען —
בראשית האָט באַשאַפן וועלטן.

די ערשטע צוויי לידער פון דעם מלחמה־טייל פון בוך זיינען ניט נאָר פון אַ יידישן פּאָעט אויפן גרעסטן אומגליק, וואָס איז אויף אונז געקומען אין דער נייער געשיכטע, און וואָס האָט אַנדערע יידישע פּאָעטן אין גאַנצן דער־דריקט און שטום געמאַכט. זיי זיינען אַן אַרויספאָדערונג דער וועלט. און אַזוי זיינען אַ ריי אַנדערע לידער אין דער זאַמלונג. גראָד גלאַטשטיין האָט ביי אונז געפונען מער פעסטקייט און מונטערקייט און האָט באַלד דערזען אַ

ווינקל, וואוהין מיר קענען אָפּטרעטן פאַר דער חיה־רעה און וואו זי קען אונז ניט בייקומען. איין ווייטערדיק ליד. אין דעם טייל רופט זיך „אונזער פרייד"; דאָס איז די פרייד פון מאָראַלישן כוח, פון דעם וויסן, אַז מיר זיינען גערעכט, — אַ זאַך, וואָס קיין שונא קען שוין ביי אונז ניט צונעמען.

אין „אַ גוטע נאַכט, וועלט", גייט דער ידישער פּאָעט אַליין אַוועק „מיט דעם לאַנגן כאַלאַט, מיט דער פייערדיקער געלער לאַט, מיט דעם שטאָלצן טראָט, אויף מיין אייגענעם געבאָט", צוריק אין געטאָ, פאַרהאַקנדיק דעם טויער הינטער זיך.

און אין „בירגער־קריג" הייבט ער אָן אַזוי:

וועסט איבער מיר נישט געוועלטיקן,
מיין ברודער קין.
אין יעדער דור וועל איך מיט דיר דעם קאַמף באַנייען,
ביז ס'וועט אַמאָל פאַרמענטשט ווערן דער טרויעריקער וואַלד.
מיין טויט הערשט איבער דיר און איבער דיין שלעכטס.

אַז איך וועל זיין טויזנט מאָל טויט,
וועסטו אַלץ זיין טויטער,
און דיך וועט אָפּמעקן דער טאָג,
און מיר וועלן לעבעדיקע שטעלן בליענדיקע מאָנומענטן.

אַז מען וועט אַקערן און זייען טויטע ערד,
וועט זי געבן פינצטערע ברויטן,
נאָר ס'וועט ווייץ און קאָרן אייביק שמעקן
מיט מיליאָנען טויטן.

און:

אויסגעשטערנט וועט אייביק זיין אונזער ליכטיקער הימל
מיט קרוינען פון טויט.
אַוודאי וועלן מיר אַקערן און זייען,
פלאַנצן און בויען,
אַוודאי וועלן מיר ציילן טעג און יאָרן.
פאַרשאָלטן, אויב מיר וועלן ווען פאַרלירן פון זכרון
יעדער איינציקן קדוש.
פאַרצייכענען — נישט זיי זיינען געשטאָרבן פאַר אונז,
נאָר פאַרמשפּט זיינען מיר צו לעבן פאַר זיי.
אַז ס'זאָל פליסן זייער טויט אין אונזערע אָדערן,
כדי מיר זאָלן די וועלט פאַרשוידערן.

און „אויפן יאַטקע־קלאָץ", גיט גלאַטשטיין איבער די רייד פון אונזערע „פאַרטיידיקער":

אָט איז דער מאַן, האָבן אַלע געטייטלט,
וואָס פאַרדינט אונזער רחמנות.
אמת, האָט געקוויטשעט אַ מויל אויף שרויפן,
ער איז אַ שטיקל שווינדלער און גאָרגל־שניידער,
און מען דאַרף אים קוקן אויף די לעפּקע פינגער.
אָבער ווער, אויב נישט מיר, האָבן אים געשטויסן
צו די פרנסות, וואָס זיינען גרינגער.

אוודאי איז ער אַליין אַ ניבזה
און אַ פלעק אויף אונזער משפּחה,
האָט אַ צווייטן, פון גרויס מיטלייד,
אַ טרער געוואָרגן דעם גאָרגל.
נאָר שווער צו פאַרגעסן דעם הייליקן ספר,
וואָס זיינע עלטער־עלטערן האָבן אונז געלאָזט בירושה.
פאַר די צען פאַרזאָגן אַליין
דאַרף מען מיט אים טאָן חסד
און פאַרטראָגן דעם דאָזיקן קריכער,
לומפּ, הורענזון און מאַרעוויכער.

אָבער יעקב גלאַטשטיין האָט אין דעם בוך ניט נאָר פּראָטעסט און אָנ־קלאָג־לידער און לידער־קללות; ער האָט אויך באַוויזן צו געבן אונז אַן אמתע מאָדערנע קינה, וואָס מען קען אַוועקשטעלן ביי דער זייט פון די קינות פון אונזער דייטשן מיטל־אַלטער. דעמאָלט האָבן אונזערע אָרימע פּיטנים איבערגעגעבן די גרוילן, וואָס זיי האָבן געזען מיט די אייגענע אויגן. גלאַט־שטיינס קינה איז אויך אין דעם טאָן, אָבער זי האָט, פאַרשטייט זיך, פאָרם. זי רופט זיך „לתרצ"ט". אָט איז דער אָנהייב:

ס׳וועט אונז אָרימער דאָס לעבן און קלענער די וועלט,
געמינערט אונזערע פריינט, צאַלפאַך אונזערע שונאים.

אומדערבאַרמיק איז די נאַכט פון חולה,
אונז איז אויך בייטאָג די זון פאַרשטעלט.
אַ פלוך האָט געטראָפן ווי אַ דונער יעקבס געצעלט,
עס וועט אונז איינגעשרומפּן די וועלט.

אין דער איצטיקער לידער־זאַמלונג האָט אונז דער שפּילוודיקער יעקב גלאַטשטיין אויסגעפּילט אַ פּאָעטישן פּנקס, וואָס וועט לאַנג ניט פאַרגעסן ווערן.

דאָס איז נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע פּאָעזיע, דאָס זיינען פּראָפּאַגאַנדע־לידער. ווען מיר וואָלטן געהאַט אַן אייגענע מלוכה, וואָלטן מיר זיך ניט געקענט ווינטשן קיין בעסערע פּאָעטישע פּראָפּאַגאַנדע אויף צו אָרגאַניזירן דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין פון די מאַסן פון אונזער פאָלק פאַר אַ לעבן־און־טויט קאַמף מיט דעם ערגסטן שונא. וואָס מיר און די מענטשהייט האָבן ווען עס איז געהאַט. קיין מלוכה האָבן מיר ניט, און מיר זיינען אין גאַנצן אָנגעוויזן אויפן יושר פון דער וועלט, — און מיר מוזן גלייבן אין דעמדאָזיקן יושר, גלאַטשטיינס לידער וועלן ניט געלייענט ווערן פון מיליאָנען, אָבער זיי וועלן בלייבן אַ זייער חשובער בייטראַג צו דער יידישער פּאָעזיע פון אונזערע היינטיקע שוואַרצע טעג.



# יחיאל לערער — זיין פּאָעמע „מיין היים"

דאָס אַלטע, גאַנצע, פרומע יידישע לעבן האָט זיך אין ערגעץ אין מזרח־אייראָפּע אַזוי ניט פאַרהיט, ווי אין דעם קליינעם פּויליש־יידישן שטעטעלע. די שטראַלן פון השכלה זיינען אַהער ניט צוגעקומען. אַנדערע שטראַלן, וואָס זיינען געקומען פון אינעווייניק, האָבן דערהאַלטן דאָס חסידיש־יידישע קליינשטעטלדיקע לעבן. ס'זיינען געווען רעוואָלוציעס, אַ וועלט־מלחמה, ערד־טרייסלענישן מיט שרעקן, מיט אומגליקן, און דאָס קליינע שטעטל אין פּוילן האָט דאָס אַלץ איבערגעטראָגן און איז געבליבן שטיין אויף זיינע פעסטע טיפע יסודות.

און ווען דאָס אַלט־איינגעפונדעוועטע גלייביקע שטעטלשע לעבן אין פּוילן איז סוף־כל־סוף אויך אַרונטערגעפאַלן אונטערן ראָד פון דער געשיכטע און פאַרשריט און האָט שוין געוויזן די ערשטע סימנים פון פונאַנדערפאַל אין דער יידישער יוגנט, האָט זיך נאָך דאָס אַלטע לעבן געהאַלטן פעסט. שטאַרק איז געווען דער צובונד און האַרמאָניש דאָס געמיינשאַפטלעכע לעבן פון דער קליינער עדה, און די קאָנפליקטן פון פאָטערס און זין, פון גביר און אָרימאַן האָבן דאָ אויך אָנגענומען אייגנאַרטיקע פאָרמען.

דאָס שטעטל האָט שטאַרק געפילט די שטייגנדיקע, ברענענדיקע שנאה פון דער דרויסנדיקער וועלט, אָבער עס איז ניט אַרויס אַנטקעגן דער וועלט ניט מיט קאַמף, ניט מיט אַ גרייטקייט זיך צוצופּאַסן צו איר. די וואָך פון לעבן איז דאָ געווען, אייגנטלעך, אַן אינערלעך געזונטע און זוניקע, און ווייל זי האָט ניט געהאַט קיין באַריר מיטן דרויסנדיקן לעבן, האָט זי זיך פאַרוואַנדלט אין חלום און איז געוואָרן רייפער מאַטעריאַל פאַר אַ גרויסער נאַציאָנאַלער פּאָעמע. אַזאַ פּאָעמע האָט אונז געגעבן יחיאל לערער אין „מיין היים".

די פּאָעמע איז איינע פון די שענסטע מאָנומענטן, וואָס זיינען אונז געבליבן נאָך דעם פּויליש־יידישן שטעטל, ווארים דאָס דאָזיקע שטעטל איז שוין איצט מער ניטאָ. יענע ליבע יידן, אין וועמען עס האָט זיך געזאַמלט אַזוי פיל טיפער וויטיק און דערביי האָט נאָכאַנאַנד געזונגען אין זיי אַזאַ טיפע

פרייד פון גאַנצן גלייביקן לעבן, יענע יידן האָבן געגלייבט, אַז משיח וועט קומען, ער מוז דאָך שוין קומען, ווייל דאָס וואַסער האָט דאָך שוין דער־גרייכט ביזן האַלדז.

אַ טייל קינדער זיינען זיך שוין צעפאָרן אין אַלע עקן וועלט, „ווייל דאָ איז ניטאָ וואָס צו טאָן". זיי זיינען געפאָרן קיין פּאַריז, קיין ניו־יאָרק, קיין קאָלאָמביע, קיין בראַזיל און קיין ארץ ישראל. אָבער טאַטע־מאַמע וועלן מיט זייער גאַנצן ווייטיק און בענקשאַפט בלייבן דאָ. טאַקע ארץ ישראל, אָבער ברענגען אַהין וועט נאָר משיח. און ווען דער הויפּט־העלד פון דער פּאָעמע, ר' פּנחס, טענהט זיך אויס מיט זיין זון, דעם „מאַרקסיסט", און ער זעט איין, אַז זיין קינד איז טאַקע גערעכט, ווייל ער רעדט דאָך וועגן גערעכטיקייט, וועגן יושר, איז אָבער זיין לעצטער אַרגומענט, אַז פריער איידער רייך און אָרים וועט אָפּגעשאַפט ווערן, וועט קומען משיח.

געקומען אָבער איז ניט משיח, נאָר היטלער. געקומען מיט מלחמה, מיט באָמבעס פון הימל און מיט אויסראָטונג פון די יידן. ער האָט געמאַכט אַן אומגעריכט גיכן סוף צו יענעם יידישן שטעטל, האָט עס אָפּגעמעקט פון דער ערד און די יידן אויסגעקוילעט. זייער פּאָעט אַליין, יחיאל לערער, איז געווען צווישן די אומגעקומענע אין דעם לעצטן אויפשטאַנד פון דער יידישער געטאָ אין וואַרשע. ער האָט באַוויזן אָנצושרייבן די פּאָעמע „מיין היים", אַ קורצע צייט פאַר דעם חורבן פּוילן, און אַזאַ פּאָעמע איז איצט אַלץ, וואָס אונז איז געבליבן פון יענעם וואונדערלעכן יידישן שטעטל, פון יענע ליבע, גאַנצע, אַלט־גלייביקע יידן.

מיר האָבן אין אונזער יידישער ליטעראַטור אַ סך אידעאַליזאַציעס און פּאָעטיזאַציעס, אַזוי גוט ווי רעאַליסטישע בילדער פון דעם שטעטל. דאָס איז דורכאויס נאַטירלעך. וואָרים דאָס שטעטל פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין אונזער ביז־איצטיקן לעבן און איז אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל. מען וועט נאָך פון דעם קוואַל שעפּן זייער לאַנג, — איצט שוין אין גאַנצן פון זכרון. איינער פון די, וואָס האָבן אונז געגעבן אַ בילד פון שטעטל אין אַ געוויסער עפּאָכע, איז געווען י. מ. ווייסענבערג, וועלכער האָט מקרב געווען יחיאל לערערן און אים געדרוקט אין זיינע זאַמלביכער. יחיאל לערער גיט אונז דאָס שטעטל פון אַ גאַר באַזונדערן ווינקל און מיט אַן אַנדער פּערספּעקטיוו.

ביי ווייסענבערגן האָבן מיר דאָס שטעטל אין רעוואָלוציע, אין דער רו־סישער רעוואָלוציע פון 1905. ווייסענבערגס פּראָטעזשע יחיאל לערער גיט אונז דאָס שטעטל אין זיין אָפּגעשטאַנענקייט, וואו דער אַלטער גלייבן איז דיסטילירט אין פּאָעזיע, מיט אַן אַראָמאַט פון אַ הערבסטיקן גאָרטן. אין צייט פאַרנעמט די פּאָעמע סך־הכל איין אָוונט, אַ שבתצונאַכט, אין דער שטעטלשער היים פון דעם פּאָעטס עלטערן. דער טאַטע קומט פון „שטיבל",

מאַכט הבדלה, דערנאָך קומט דער אַלטער הויז־פריינט, ר' פנחס, און שפּע־טער אַנדערע חסידים צו אַ מלוה־מלכה. דאָ האָבן מיר אַ גאַנצע גאַלעריי פון געשטאַלטן, אייניקע שאַרף געצייכנט, אַנדערע געגעבן אין עפּיזאָדן פון זייער דערמאָנטן לעבן, אָדער לייכט באַרירט. איר האָט דאָ אַ לייוונט מיט עטלעכע פיגורן אין פאָדערגרונט, און אַנדערע, ווייטערע, אַביסל אין נעפּל; אָבער מיט אַ לייכטן נעפּל איז פאַרצויגן דער גאַנצער לייוונט.

די פּאָעמע איז געוועבט פון דערמאָנונגען אין דערמאָנונגען און פון חלומות, און דער פאָן פון דער ווירקלעכקייט איז דאָ איין חלום, אַזוי ווי די פּאָעמע אַליין איז אַ דערמאָנונג פון דעם פּאָעט. די פּאָעמע איז אויסגע־האַלטן אין דער פּשטות פון דערציילן, אין גלייכן, נאַטירלעכן טאָן, אין פיי־נעם פאָלקסטימלעכן לשון און אין אַ האַרמאָניע צווישן דעם אַלעמען און דעם דערציילערס איינגעהאַלטענעם טרויער.

אָט איז דער אָנהייב און דער אַריינפיר פון דער פּאָעמע:

„נאַקעט ווי אדם”? — נישט גוט געזאָגט.
יענער האָט גאָרנישט און אַלץ דאָך פאַרמאָגט:
אַ גלויבן, אַ גאָט און פרייד פון אַ קינד,
און שרעק פון אַ קינד און מורא פאַר זינד.
נאַקעט בין איך, נאַקעט אויף אַ וואָר
אין טויזנט נייןהונדערט זיבנאונדרייסיקסטן יאָר.
כ'בין די מדבר אַליין, איר זאַמד פאַרברענטע,
אַ שול אַ פאַרשוועכטע פון שונאים געשענדטע,
אַ שוואַלבן־נעסט האַרבסט־צייט, ווען ס'פאַלן די בלעטער,
אַ חורבה — אַ זכר נאָך געשטאָרבענע געטער,
אַביידל אין סאָד אונטער ווינטער־שניי בלייכן —
און נאַקעטער נאָך ווי די אַלע פאַרגלייכן
אויך מיין עבר, דעם גאָלדענעם, האָט צייט שוין פאַרווישט;
דאָך אַנומלט, ווען כ'האָב זיינע בלעטלעך געמישט,
און אין שעהן זיך דערמאָנט, אין מינוטן פאַרגאַנגענע,
ווי שטערנדלעך בלויע, אין נאַכט־רוים צעהאָנגענע,
ווי שוואַלבן פוכיקע, איבער טייך־פלאַך געפלויגן —
האָבן טרערן, ווי פונקען, געברענט אין די אויגן.
אַ גאָט, ווען זיי וואָלטן געפלאָסן ווי קוואַלן!

דאָס זיינען די איינציקע רייד וועגן זיך פון דעם מחבר. ווייטער הייבט ער באַלד אָן דערציילן. זייער אָפט טרעפט איר אין דער פּאָעמע בלוי און

**ראַז, און מיט בלוי פון באַגין — און מיט דער מאַמען, מיט וועלכער ער הייבט אָן, — ענדיקט זיך די פּאָעמע:**

...שענק געזונט, פּרנסה און פרייד
די קינדער מיינע, וואו זיי זיינען, נעבעך. ווייט צעשפּרייט
אין אַלע עקן וועלט! און דאָס לאַנד, וואו יעדעס פון זיי איז,
בענטש מיט דיין גנאָד, אָ גאָט! זאָל זיין שלום אין פּאַריז,
און אין ניו־יאָרק, און אין קאָלאָמביע, און אין בראַזיל.
און מיר דאָ, אין פּוילן, לאָז אויסלעבן שטיל
דאָס רעשט ביסל יאָרן מיט דעם אַלטן באַנאַנד.
לאָמיר הערן גוטע בשורות פון דעם הייליקן לאַנד,
רבונו של עולם, פון דעם געליבטן לאַנד דיינעם.
און אויב ס׳איז די צייט שוין, פאַרזאַמל אונז אינאיינעם
דאָרט אַהין, דאָרט אַהין, ווייל וואו דען, אויב נישט אַהין?
די איז אַרויס פון צימער. דער שטילער ערב־באַגין
האָט זי איינגעהילט צאַרט אין זיין טיף־בלויען סוד.
און זי האָט דערפילט איר לייב ווי אַ קליינעם טייל פון גאָט,
וואָס האָט אין חלל געשוועבט צווישן ערד און שטערן.
זי האָט זיך געשעמט מיט די זאָרגן און מיט די טרערן,
וואָס זי האָט פאַרגאָסן אָט ערשט, פאַר עטלעכע סעקונדן —
און אַזוי האָט פּאַסירט, אַז אַלע אירע וואונדן
זיינען פאַרשוואונדן אַ וויל פון איר צעווייטיקט געמיט
און זייער אָרט האָט פאַרנומען: גאָט, באַגין און ליד.

**אין יענעם חסידישן לעבן, וואָס יחיאל לערער גיט אונז אין זיין פּאָעמע, גייט טרויער לייכט אַריבער אין געזאַנג, מיט דער מאַכט פון גלויבן. אָט איז אַ צווייטע פיגור אין דער פּאָעמע, ר׳ פּנחס. נאָר וואָס האָט ער גע־האַט אַן ערשטן פיינלעכן, — פאַרפרעמדטן, זייטיקן, אַ קאָמישן, — צו־זאַמענשטויס מיט זיינע צוויי זין, וואָס זיינען אין „פּסולן פּאַראיין" און קערן זיך אָפּ פון גאָט:**

און פּנחס איז לאַנג נאָך אויפן בעט געלעגן,
געשוויגן און געטראַכט: אַז די קינדערס וועגן
זיינען שלעכט און זינדיק. און, חוץ דעם הויכט אַזאַ קעלט
פון זיי. און ער פאַרשטייט נישט, ווי קאָן מען דאָס אויף אַ וועלט,

וואו עס לויערט דער טויט אויף דיר, וואו דער חושך איז געדיכט,
אויסלעשן בידים יענע העל־גרויסע ליכט,
וואָס צעיאָגט די שאָטנס פון אַרום, מאַכט גרינגער דעם גאַנג
און פאַרוואַנדלט דעם טרויער אין אַ יובל־געזאַנג.
„צי דאַרף מען בענטשן" ? צי מעג מען אים זאָגן אַ דאַנק ?"
זאָגטס נישט, פאַרכעס ! האָט אייך אַכט און אַכציק שוואַרץ יאָר !
אָבער צי האָט איר ווען דורכגעטראַכט, דורכגעבליקט קלאָר
אייער זיין ? צי האָט איר ווען געריסן זיך די האָר
און געוויינט אין די נעכט מיט אַ ביטער געוויין,
יענעם עיקר צו פאַרשטיין, וואָס איר קאָנט נישט פאַרשטיין,
יענע וואַנט אַריבער, וואָס איר קענט נישט אַריבער ?
וואָס איז דער מער מיט אייך, מיט וואָס נעמט איר זיך איבער ?
דאָס לעבן, ס'איז אי זיס, אי ביטער, שווער צו זאָגן וואָס —
דאַרף מען האָבן עפּעס, וואָס איז העכער ווי דאָס.
יעדן האָב — גאָט. ער איז פון לעבן מיר טייערער,
ער איז מיין ברעג מיין ליכטיקער — און וואו איז אייערער ?!

אַ פרעמדער, אַ זייטיקער, וועט אין דעם שטעטל זען אַן אָנזאַמלונג פון נישטיקע, הילפסלאָזע באַשעפענישן, לעכערלעך־אומגעלומפּערטע שוואַכע ווי קינדער. אָבער ווער עס קאָן דערזען דעם שיין פון גלויבן, וואָס שטראַלט פון זיי אַרויס, און ווער עס קאָן זיך אין זיי פאַרטיפן, ווי דער פּאָעט יחיאל לערער, און ווי זיי אַליין איינער אין דעם אַנדערן, דער וועט האָבן פאַר זיך אַ פילפאַרביקע עדה געזונטע און שטאַרקע יידן, און עס וועט פאַר אים געלייזט ווערן די גרויסע רעטעניש, וואָס אָט דאָס פאָלק איז אייביק, קאָן אַלץ ביישטיין, אַלץ אַריבערלעבן, אַלע אַמאָליקע און היינטיקע חורבנות און המנס.

און אַזאַ מענטש, ווי ר' פנחס, וואָס ווערט דאָ אָפּט געוויזן, דוכט זיך, ווי אַ פּראָסטער דורכשניטלעכער יידישער אָרימאַן, אומוויסנד און ניט זעלטן לעכערלעך און קינדיש, וואַקסט דאָ אויס פאַר אייערע אויגן אין אַ כמעט מאָנומענטאַלער פיגור.

אָט איז אַ יונגערמאַן אַ היינטוועלטיקער אַריינגעפאַלן צווישן די חסידים. ער איז דעם פּאָעטס ברודער, און ער קלייבט זיך אויף אַוועקצופאָרן ערגעץ אין עק־וועלט :

און באַלד איז דער ברודער צווישן עולם געזעסן,
און זאַנוועלע מורה הוראה האָט נישט פאַרגעסן

אַרויסצואווייזן אין וועלט־זאַכן זיין גרויס בקיאות,
אַז כאָטש ער האָט נישט דורכגעמאַכט קיין נייע נסיעות,
קען ער דעם גאַנצן כדור־העולם, בנאמנות!
— פאַרסט מיטן ים הגדול, צי מיטן אוקינוס?
צי? זאָג נאָר נאָכאַמאָל! אַטלאַנטיק? כ'זע שוין: ביסט אַ תם!
אַז ס'איז גאָר נישטאָ אויף דער וועלט אַזאַ מין ים!

און אייך ווילט זיך מסכים זיין מיט זאַנוועלע, אַז עס איז טאַקע נישטאָ אַזאַ מין ים. סיי־ווי, דער אַטלאַנטיק איז זיי, די חסידים פון שטעטעלע אין מיטן אייראָפּע, אַ דורכאויס איבעריקע זאַך אין זייער פאַרענדיקטן און פולן וועלט־קוק און וועלט־באַנעם. צו וואָסערע גוטע יאָר דאַרפן זיי אים, דעם אַטלאַנטיק?

עס פאַרשטייט זיך, אַז אין וואָרט־צוזאַמענשטויסן צווישן עלטערן דור מיטן יינגערן צוליב פרומקייט, בלייבט דער אמת אַלעמאָל אויף דער זייט פון דער יוגנט. אָבער דאָס איז ניט דער גרויסער שטאַרקער און ליכטיקער אמת פון גלויבן, נאָר סך־הכל אַן אמת פון שכל און טרוקענער שכל איז אַ „ליטווישער" ענין, און זיך איינשטעלן פאַר דעם פּאַסט נאָר פאַר אַ ליטוואַק, אַ צלם־קאָפּ.

דאָס ניט וויסן און ניט וועלן וויסן פון דעם עקשן, דעם גלייביקן, איז ביי יחיאל לערערן אפשר גאָר אַ מעלה, יעדנפאַלס נאָך ווייט ניט קיין חסרון. דאָס מינערט ניט, שוואַכט ניט אָפּ אויף אַ האָר די שיינקייט און פולקייט פון גלויבן. י. מ. וויסענבערג האָט געפירט אַן אומזיניקן און עקשנותדיקן קאַמף פאַר זיין איינרעדעניש, אַז די ליטוואַקעס זיינען דאָס אומגליק פון דער יידישער ליטעראַטור, און ער האָט אין זיינע זאַמלביכער זיך געהאַלטן שטרענג ביי אַלערליי משונהדיקייטן אין אויסלייג פון ווערטער, ווייל זיי גיבן איבער די פּויליש־יידישע אויססבראַך, וועלכע מוז דאָך זיין די ריכטיקע, ווייל זי איז די פּוילישע.

אַ ליטוואַק מיט זיין רעדן מיט דער „סין", האָבן מיר אויך אומדירעקט אין לערערס פּאָעמע, אין אַ הומאָרפולן עפּיזאָד, וואָס איז שוין דאָ פריער דערמאָנט געוואָרן, וואו ר' פּנחס האָט אַ שטיקל צוזאַמענשטויס מיט זיינע זין צוליב זייער ניט־פרומקייט.

ר' פּנחס לייגט זיך צו בייטאָג, ווען זיינע צוויי זין קומען פון דער אַר־בעט עפּעס איבערבייסן. ער מאַכט זיך, אַז ער שלאָפט: ער וויל הערן וואָס זיי רעדן:

דאָס ווייב פרומעט קומט אַריין,
נעמט די טעלערס אַראָפּ פלינק

און זאָגט צו די בנים:
וואַרטס, בענטשטס נישט, כ׳האָב נאָך לונג פאַר אייערטוועגן.
— גוט — גיט אַ זאָג דער עלטסטער יונג —
כ׳וואַרט טאַקע מיטן בענטשן...
און פנחס, כאַטש די אויגן
האַלט ער צו, זעט ער, ווי דער תנא האָט פאַרצויגן
אַ טרייפן געלעכטערל אויפן פרצוף אַרויף.
און ער האָט טאַקע קיין טעות נישט געהאַט.
ווייל באַלד דאַרויף
רופט זיך אָן צום עלטערן גוי
דער יינגערער אַזוי:
„מעגסט לאַכן, נאָר וואָס שייך בענטשן,
ווייס איך נישט געווי,
צי מען דאַרף נישט. פאַרשטייסט מיך?
נישט אין פרומקייט גייט —
כ׳בין פרום אַזוי ווי דו —
ס׳גייט אָבער אין מענטשלעכקייט.
אויב עמיץ טוט דיר אַ טובה,
דאַנקסטו אים, צי ניין?
נישט קיין חילוק ווער, אמת?
און אויב דאָס איז גאָט אַליין,
וואָס גיט ברויט, קאַרטאָפל —
וואָס איז ער ערגער פון אַ מענטש?
איז צוליב מענטשלעכקייט דאַרף מען אפשר טאָן אַ בענטש,
אַ דאַנק, מיין איך, זאָגן אים.
פאַרשטייסט, וואָס איך מיין?
„האַ־אַלט! — שרייט דער עלטערער —
ביים קעסטל־אָוונט אין פאַראיין
איז אַריינגעפלאָסן גראַד אַזאַ פראַגע, אַקוראַט.
האָט געטומען אַ וואָרט לייבעלע פרעסערס יאַט:
„— אויב — זאָגט ער — יעד בין הונגעריק און כ׳עס מיך אָן זאַט,
איז מיר דען שלעכט דעמאָלט?
ס׳איז דאָך מיר וואויל ווי די וועלט.
דאַרף מען — זאָגט ער — בענטשן.״
צום סוף האָט זיך אויפגעשטעלט
אָגולניק, דער ליטוואַק, דער פירער פון פאַראיין,

און געענטפערט אויף זיין ליטווישן לשון מלא־חן:
„גאָ־אָר? ס׳ניט אַזוי די מייסע, חבר!
איך זייט גענצלעך
ניט גערעכט. ווען גאָט טוט אייך אַ טעיווע,
איז מענצלאַך
צו דאַנקען. אָבער, ער טוט אייך גאָרניט קיין טעיווע
טוט ער אייך! דער פעלד וואַקסט
ווייל ער מוז, ס׳איז זיין טבע
זאָל ער וואַקסן. גענוי ווי דער קליינער פייגעלע זינגט
דער קלאָרער טייכעלע רויסט און דער פערדעלע ספרינגט.
אַנו, זאָל גאָט זאָגן: זינגט ניט, ספרינגט ניט. ר׳מעגט מיר גלעיבן
ס׳עט ניט עלפן...

„ביי דעם אמת זאָל ער אַזוי לעבן —
שרייט פנחס פון בעט אַרויס —
דער צלם־קאָפּ, וואו ער איז דאָרט.
אַז דער, וואָס כ׳האָב מיר ניט געוואַשן די הענט, זאָל איין וואָרט,
איין וואָרט בלויז זאָגן, נישט מער,
צי ער רירט זיך גאָר פון אָרט
דער שייגעץ! דער מחוצף!
האָסט געהערט, ווי דאָס רעדט?!"
און ר׳האָט זיך האַסטיק אַ זעץ געטאָן אויפן בעט.
באָרד אויסגעשפּיצט, אויגן גרויס,
אָט צו טאָן אַ שפרונג,
נאָר מען ווייסט נישט, צי אויפן ליטוואַק, צי אויפן יונג,
וואָס איז שטיין געבליבן דערשראָקן,
דאָס שטיק לונג אין מויל
און געזאָגט (אַ מערכה האָט ער!)
מיט אַ געבראָכן קול
צום ברודער: „וואָס שטייסטו וואָס?
אַ לעק וואַסער דערלאַנג,
וועט מען בענטשן"...
און אויף להכעיס, אַזוי לאַנג
געבענטשט, ביז פנחס האָט אָנגעלענט דעם קאָפּ, ווי פריער.
דעמאָלט האָט דער יונג אָפּגעהאַקט און אַרויס דורך דער טיר.

דער אויסצוג, מיט דעם פיינעם הומאָר אין אים, ווייזט אָן אויף עטלע־כע שוואַכקייטן אין דער פּאָעמע. ווער קרימט דאָ נאָך אין גוטמוטיקן שפּאַס דעם ליטוואַק, דער מחבר, צי דער בחור? אויב דער מחבר, איז דער פיינער דיאַלאָג ניט אין גאַנצן ריכטיק; אויב דער בחור, איז זיין געשטאַלט ניט גענוג קלאָר געצייכנט.

אגב איז דער אויסלייג פון ווערטער זייער אָפט פּויליש, אָבער דורכ־אויס ניט אויסגעהאַלטן. ווי אויף להכעיס די ליטוואַקעס, למשל, געפינט איר אין בוך נאָכאַנאַנד קוד, אָנשטאָט קיך. לערער איז אויך ניט זייער אָפּגעהיט מיט די גראַמען און אין אַנדערע טעכנישע זאַכן.

אָבער אָט די קליינע חסרונות וועט דער לייענער, אָדער אין גאַנצן ניט פילן, אָדער אויב יאָ, וועלן זיי אין לייענען ניט איבערהאַקן; וואָרים, חוץ אַלעמען, פּאַרכאַפּט די פּאָעמע אַזוי, אַז עס איז שווער פון איר זיך אָפּצורייסן. די פיר־אַקצענטיקע פּערז־מאָס פון דער שורה און די פּשוטע פּאַראַלעלע גראַמען זיינען צו דער פּאָעמע גוט צוגעפּאַסט, און די דערציילונג איז מיט די אַלע אָפּווייכונגען, זייער פּליסיק.

יחיאל לערערס „מיין היים״ וועט בלייבן אין דער יידישער דיכטונג, ניט נאָר ווי אַ מאָנומענט פון פּויליש־יידישן שטעטל, נאָר אויך ווי אַ גוטע פּאָעמע.



# בעריש ווײַנשטײנס „ברוכוואַרג"

## I

לאַנגע לידער, ברייטע שורות. פאַראַן אַזויפיל וואָס צו זען און הערן אין ניו־יאָרקער קוואַרטאַלן און אַנדערשוואו אויף דער ברייטער, קאַכעדיקער ערד.

בעריש ווײַנשטיין האָט אַן ערלעך אויג, און ער זעט און פאַרנעמט אומע־טום שטיקער, ברוכוואַרג פון דעם צאַפּלדיקסטן און דעם רויסטן לעבן. און אין איינקלאַנג מיט דעם, זײַנען אויך שטיקער נאַטור און פאַרשיידענע טויטע קעגנשטאַנדן בײַ אים — רוי ברוכוואַרג.

בעריש ווײַנשטיין פאַרמאָגט אויך אַ סך לשון, וואָס איז פּאַסיק פאַר די בילדער, וועלכע זײַן אויג קלײַבט אויף אומעטום. זײַן לשון איז פונקט אַזוי נוצלעך און פּאַסיק פאַר די קצבים־און גאַסן־ייִנגען פון פּוילן, ווי פאַר די ייִנגען פון מענדזשין סטריט, ניו־יאָרק, אָדער די נעגערס פון האַרלעם, אָדער די מאַטראָזן פון האַפן.

מיט דעם אַלעמען גייט בײַ אים דער האַרבער רעאַליסטישער נוסח, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט אין דער ייִדישער דיכטונג פון פּוילן און טייל־ווייז אויך פון אַמעריקע. דער דאָזיקער נוסח איז געוויינלעך פאַרבונדן מיט אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון דער וועלט. און בעריש ווײַנשטיינען זײַנען אייגן סיי דער דאָזיקער מין רעאַליזם און סיי דער רעוואָלוציאָנערער קוק אויף זאַכן.

און וואָס זײַן אויג זאַמלט אויף אין דער גרויסער שטאָט, גיט ער איבער אין די ברייטע, מערסטנס פיר, אַמאָל פינף און מער, שורהדיקע סטראָפן. ער פאַרמאָגט אַ ברייטן אָטעם און האָט אַ סך איבערצוגעבן. אָבער די לאַנגע לידער זײַנען ווי אַ מאָזאַאיק פון באַזונדערע קליינע בילדלעך, וואָס זײַנען פאַרבונדן מערסטנס נאָר אין רוים, ווייל זיי געפינען זיך איינס לעבן אַנדערן אין איין געזעענער גאַס, אָדער איין ווינקל, און ווייל זיי האַרמאָנירן איינס מיטן אַנדערן.

ווייל בעריש ווײַנשטיין איז אַן ערלעכער, רעאַליסטישער זעער, באַאָ־באַכטער, זײַנען זײַנע ברייטע שורות עכט, עכטער מאַטעריאַל פאַר פּאָעזיע

און פאַר גוטער פּראָזע־דיכטונג. און מיט אַ געוואוינטער האַנט פלעכט ער זיי צונויף אין סטראָפן, אַמאָל אָפּשליסנדיק די לעצטע סטראָף מיט אַ פּאָר שורות פון אָנהייב, צו געבן דעם גאַנצן די פאַרענדיקטקייט און געשלאָסנקייט פון אַ ליד.

קיין באַזונדערע פאָרמען האָט נאָך ניט בעריש ווײַנשטיין; סײַדן די איינציקע פאָרם, דער איינציקער ריטם, וואָס גייט דורך די אַלע ברייטע שורות און סטראָפן פון בוך, קענען גענומען ווערן פאַר זײַן איין פאָרם. מען קען ברענגען אויסצוגן פון וועלכן ליד מען וויל. אומעטום איז ניט נאָר דער זעלביקער סטיל, נאָר דער זעלביקער ריטם. ער איז כמעט גלייך אומע־טום. עס טרעפן זיך אָבער ביי אים אויך שורות, וואו ער פאַרטייטשט רעזאָ־נירט, אַרגומענטירט, כאָטש אויך דאָ לאָזט ער אויך ניט אָפּ די ממשותדיקע זאַכן, די קעגנשטאַנדן, וועלכע לאָדן אָן זײַנע שורות און גיבן זיי וואָג און ווערט. אָט איז, צום בײַשפּיל, די ערשטע סטראָף פון ערשטן ליד אין בוך, „בעטהאָוון ביוסט":

„אומעטום פּאַסט דער ביוסט דײַנער, אויף איטלעכן שטאָטישן סקווער,
ס'פּנים דײַנס איז הימלעך, ווי אין אַלע שטעט, און טרויעריק, ווי אין
אַלע שטעט.
כאָטש דו ביסט שוין מער ניט פון פליש, נאָר פון גיפּס און בראָנז,
פליש קען גרינגער שטאַרבן, ווי אַלץ, אַפילו ווי גיפּס, ווי בראָנז."

דאָס איז, איבעריגענס, אַ שוואַכער פערז און אַ שוואַכער אָנהייב פאַר דער זאַמלונג, וועלכע האָט אַ סך לעבעדיקע אויפגעכאַפּטע און שאַרף איבערגעגע־בענע בילדער פונעם מגושמדיקן און קרומען אין דער גרויס־שטאָט. ווייטער גיט ווײַנשטיין איבער אין דעם ליד אַ פּאָר עפּיזאָדן פון בעטהאָווענס ביאָגראַ־פיע, אין דער פאָרם פון זעאונגען, וואָס דאַרפן אויפקומען ביים אָנבליק פון דער סטאַטוע פון גרויסן מוזיקער. און דער איינדרוק ווערט אויף אַ האָר ניט פאַרשטאַרקט פון די לעצטע שורות:

„אויפסניי צעפּאַלט פונעם גיפּס די בענקשאַפט פון אַדאַזשיאָ פון דער ניינטער
(סימפאָניע)...
באַוועגסט ווייך די טשעלאָס און צעפּירסט די ערד מיט טרויער,
גיסט פאַרביק אויס דעם גנאָד דײַנעם צו אַלע מענטשן..."

אַ סך עכטער זײַנען זײַנע סטראָפן וועגן כינעזער, נעגער, מאַטראָזן און אַלע אַנדערע מענטשן פון אַרבעט, פון דעם „דעק" פון לעבן. עס גיבן זיך אין בילדער און סצענעס פון געגנטן. דער איין־איינציקער ריטם זײַנער קלאַפּט מאָנאָטאָן, אָבער די בילדער זײַנען שאַרף און קאָנען זיך אָפּטמאָל

איינקריצן אין זכרון. נאָר ווען ער נעמט אויסלייגן אין די ברייטע שורות זיין רעוואָלוציאָנערע פילאָזאָפיע, זיינען זיינע כוחות צו שוואַך פאַר דעם, און ער ווערט לאַנגווייליק, אויב ער כאַפּט זיך ניט צוריק צו באַשרייבן ממשותדיקע זאַכן. אין אַ ליד „גאָט" פירט ער אַ קאָמישן דיספּוט מיטן אייבערשטן און וויל באַשטימען, ווער עס איז „הייליקער", גאָט אָדער לעניק. אין דער זעלבי־קער אָפּטיילונג האָט ער פונדעסטוועגן אַזש גאַנצע דריי לידער וועגן נאָנעס, און גאָרניט „רעוואָלוציאָנער" באַהאַנדלט.

# ווײַנשטיינס פּאָעמע בעטהאָווען

## II

וועגן בעטהאָווענס לעבן איז לייכט צו דערציילן פון אָנהייב ביזן סוף אין וויפיל ווערטער איר ווילט. אין דער ריזיקער ליטעראַטור וועגן דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר קאָנט איר לייכט געפינען אין אַ לערנביכל פאַר קינדער אַ פיינע דערציילונג וועגן זיין לעבן אין עטלעכע זייטלעך; און ראָמען ראָלאַן האָט אויף דער זעלביקער טעמע, — בעטהאָווענס לעבן, — אָנגעשריבן ביכער. פאַר דעם פּאָעט איז אַזאַ טעמע זייער שווער.

בעטהאָווען איז געווען איינער פון יענע גרויסע מענטשן, וועמען דער גורל האָט דורך זייער גאַנץ לעבן כסדר געשטעלט פאַר תוך־פראַגן פון דעם מענטשלעכן זיין אויף דער ערד. בעטהאָווענס לעבנס־גאַנג איז פּשוט, זיין גייסטיקע גבורה איז זייער גרויס, אָבער פאַרשטענדלעך. און אויב דער פּאָעט וויל אין אַ ביאָגראַפיע פון בעטהאָווען זיך האַלטן ביי די פּשוטע רעאַלע פאַקטן פון אָט דעם גרויסן לעבן, מוז ער דאָס טאָן אויף אַ דורכאויס אייגענעם וועג. דאָס האָט געטאָן בעריש ווײַנשטיין אין דער פּאָעמע „בעטהאָווען".

איינע פון די גרונד־סתירות פון קונסט: די וויטיקדיקסטע דער־פאַרונג איבערגעבן, מיטטיילן אין אַזאַ נייער האַרמאָנישער באַקליידונג, אַז דער נייער באַשאַף זאָל איינהאַלטן דעם גאַנצן וויטיק און אין דער זעלבער צייט פאַרוואַנדלט ווערן אין עפּעס, וואָס איז גאָר דער היפוך פון וויטיק, וואָס גיט אייך דערביי גאָר אַ מין באַפרידיקונג, באַרואיקונג, אַ באַזונדערן מין לויטערן תענוג.

אָבער דאָס איז אויך אַ גרונד־סתירה פון לעבן גופא: דער לעצטער וויטיק לייזט זיך אויף אין עפּעס, וואָס איז פון אים דער היפוך; און איינהאַלטנדיק דעם וואָרצל פון פּיין, פּלאַצט ער אַרויס אין בלעטער פון פרייד און לעבן.

אַזעלכע ריזן פון שאַפונג, ווי דער מעכטיקער בעטהאָווען, מיט אַ גורל אויף דער ערד, וואָס שטעלט נאָכאַנאַנד פאַר זיי אַזעלכע גרויסע נסיונות, אַז שוואַכערע וואָלטן דאָס קיינמאָל ניט אויסגעהאַלטן, האָבן אַלעמאָל געהאַט פאַר זיך דעם פשוטן אמת: פרייד דורך טרויער, לעבן דורך טויט; אַז זיי וועלן אויסטרינקען דעם גאַנצן ביטערן בעכער, וועט פון דעם אין זיי אויפגיין אַ גרויסע ליכטיקייט, וואָס וועט זיי אויסלייזן. דערביי דאָס באַוואוסטזיין: ווי זייער פּיין איז אַזוי גרויס, אַז ער פאַרברייטערט זיי מיטן גאַנצן מענטשלעכן מין, אַזוי וועט זייער אויסלייזונג ווערן די אויסלייזונג פון דעם גאַנצן מין מענטש. אַזוי קאָן מען רעזומירן די גאַנצע העראָאישע לעבנס־פילאָזאָפיע פון דעם פּראָמעטעאוס פון מאָדערנער טאָן־קונסט, לודוויג וואַן בעטהאָווען, וואָס האָט געזוכט באַפרייאונג פאַר זיך, באַפרייאונג פאַר דער קונסט און באַפרייאונג פאַר מענטשן אין לעבן דורך דער גרויסער פרייד, וואָס קומט דורך גרויסן טרויער.

דורך גרויסן טרויער צו גרויסער פרייד — בעטהאָווען איז פאַר אונז אַ קלאַסישער ביישפּיל פון דעם געניאַלן מענטשן, וועמעס לעבן און לעבנס־אַרבעט זיינען אַן אומאויפגעבראָכענע פונאַנדערוויקלונג פון אָט דער פאָרמולע: פרייד דורך טרויער.

בעריש ווײַנשטיין האָט אויפגעבויט אַ פּאָעמע פון בעטהאָווענס לעבן. ווײַנשטיין איז ניט קיין מוזיקער. מיר ווייסן אַלע, ווי טויט עס קאָן אָפּטמאָל זיין מוזיק פאַר דעם פּראָפעסיאָנאַל, און ווי פריש און ווירקנדיק זי קאָן זיין פאַר דעם ניט־מוזיקער. נאַטירלעך, ווײַנשטיין האָט זיך ניט פאַרנומען איבערצוגעבן אויף אַ וועלכן עס איז אופן בעטהאָווענס מוזיק, — אַ זאַך, וואָס מען קאָן דאָך ניט איבערזעצן אין קיין שום אַנדערן לשון. נאָר פילנדיק טיף די מעכטיקע מוזיק פון בעטהאָווען, האָט ווײַנשטיין זיך פאַרנומען צו איבערזעצן אין פּאָעטישע שורות דאָס, וואָס קאָן אין פּאָעזיע ווידערגעשאַפן ווערן — לעבן. ווײַנשטיין האָט זיך פאַרנומען איבערצוגעבן אין פּאָעזיע דאָס לעבן פון דעם געניאַלן מוזיקער גופא. ווײַנשטיינס פּאָעמע איז אַ פּאָעטישע ביאָגראַפיע פון דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר, און זי איז אים דורכאויס געראָטן.

אָבער בעטהאָווען, דער באַפרייער פון מוזיק, האָט זיין קונסט גלייך אַראָפּגענומען פון דעם ברייטן וועג, וואָס זיינע גרויסע רביים, היידן און מאָצאַרט, האָבן פאַר אים אויסגעטראָטן. בעטהאָווען האָט פון זיין קונסט געמאַכט דאָס, וואָס זי האָט דערנאָך געמוזט ווערן — דער באַזונדערער קול פון לויטערן מענטשלעכן פילן און דענקען. דעריבער גייט בעטהאָווענס לעבן דורך יעדער באַדייטנדיקער מוזיק־שאַפונג זיינער, בעת מאָצאַרט האָט

געקאָנט שרייבן וואונדערלעכע פריידיקע מוזיק, ווען ער אַליין האָט טיף געווייטיקט און איז געווען אויפן ראַנד פון פאַרצווייפלונג.

דער וועג צו פרייד איז ביי בעטהאָווען געווען אַ שווערערער, איידער ביי מאָצאַרטן, און דער דאָזיקער וועג האָט זיך געצויגן אין איין גראַדער ליניע דורך זיין לעבן. אין זיין מוזיק האָבן מיר בלעטער פון זיין אויטאָביאָגראַפיע, מיט זיינע גוואַלטיקע נשמה־ראַנגלענישן, מיט אַראָפּפאַלן אין טיפע תהומען און טרויער; בעת ביי מאָצאַרטן זיינען די אייגענע ליידן פון דעם קאָמפּאָזיטאָר אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשלאָסן פון זיין מוזיק.

בעריש וויינשטיין האָט דאָס אַלץ ריכטיק פאַרשטאַנען און דערשפירט, אין זיין צוגאַנג צו בעטהאָווען איז אַ ריכטיקער. ער האָט איינגעזען, אַז בעטהאָווענס גרויסע קאָמפּאָזיציעס זיינען געשאַפן געוואָרן פון נויט, ווי אָפּרופן פון דער נשמה פון דעם גרויסן מענטשן אויף זיינע טיטאַנישע פיינען און ראַנגלענישן. די פּאָעמע פירט אייך דורך זיבן הויפּט־עפּיזאָדן פון בעטהאָווענס לעבן און דורך אייניקע פון זיינע גרעסטע שאַפונגען, וועלכע זיינען דאָך אויך עפּיזאָדן פון דער זעלביקער וויכטיקייט און רעאַליטעט פאַר זייער באַשאַפער. וואָרים בעטהאָווען האָט פון זיין לעבן און פון זיין קונסט געמאַכט איינס.

די זיבן קאַפּיטלען פון דער פּאָעמע הייבן זיך אָן און לאָזן זיך אויס מיט טויט, — מיט דעם אָנהייב און סוף פון אַלצדינג אויף דער ערד. אין ערשטן קאַפּיטל האָבן מיר שאַרף געצייכנטע פּאָרטרעטן פון זיין שיכורן טאַטן און פון זיין מאַמע, דער פשוטער פאָלקס־פרוי, דער דינסט און וועשין, דער הייליקער קראַנקער מאַמע זיינער, וועלכע ער האָט אַזוי טיף געליבט, ווי נאָר אַזאַ זון קאָן ליבן אַזאַ מאַמע אין אַזאַ תהום פון עלנט און פּיין. דער סוף פון ערשטן קאַפּיטל איז דער טויט פון דער מאַמען און דער ערשטער גרויסער שטויס פאַרן ייִנגל אין דעם נאָך טיפערן תהום פון עלנט, וואָס וואַרט אויף אים אין דער גרויסער וועלט.

באַלד האָבן מיר בעטהאָווענס ערשטע ליבע צו אַ פרוי, און שפּעטער אַ צווייטע ליבע. נאָך שפּעטער — די ליבע צו אַ ייִנגל, זיין פּלימעניק. די אַלע פאַרשיידענע ליבעס נעמען אָן ביי אים וואָג און טיפקייט. בעטהאָווען פילט זיי, און בעטהאָווענס פילן איז ניט אַזוי לייכט. אַלע ליבעס בעטהאָווענס האָבן אַ גרונט־טאָן פון טרויער. זיינע ליבעס צו פרויען זיינען צו גרויס און צו ריין, אַז זיי זאָלן ניט זיין קיין אומגליקלעכע. אונטער רגעס פון גליק, אונטער צייטן פון שטילער רו, ווען זיין ליבע לייכט אַזוי לויטער און ניט־ערדיש, גייט דער אָפּגרונטיקער אונטערשטראָם פון זיין גורל. די אַלע לייכטנדיקע רגעס פון גליק און רו זיינען צו שוואַך צו קאָנען לאַנג זיך אויפהאַלטן אויף דער אויבערפלאַך פון אַזאַ פינצטערן אונטערשטראָם.

זיי זינקען אין די צעשטורעמטע טונקעלע וואַסערן, אין וועלכע עס צאַפּלט זיך זיין גאַנץ לעבן, זיין נשמה און זיין גוף. זיי זינקען אין דעם ים פון עלנט און חושך, אין וועלכן דער אומגליקלעכער גרויסער מענטש איז זיין גאַנץ לעבן געשוואומען. אים איז געגעבן געוואָרן דאָס שווערסטע פון אַלע אומגליקן, — ער, דער גרויסער קאָמפּאָזיטאָר, האָט געמוזט ווערן טויב, אַרויסברענגען אַ טויבער זיינע גרעסטע שאַפונגען און ניט הערן ניט זיי, ניט קיין קול פון אַ מענטשן, ניט קיין קלאַנג פון דער נאַטור, וועלכע ער האָט ליב געהאַט מיט זיין בעטהאָווענישער ליידנשאַפט.

מיט איבערמענטשלעכן כוח האָט ער אין דעם ים פון חושך און פיין געפונען רגעס פון בלענדיקן עקסטאַז. מיט טיטאַנישער גבורה האָט ער געפונען אַ גייסטיקע פאַרגיטיקונג פאַר אַלץ, וואָס דער גורל האָט ביי אים צוגענומען. און בעטהאָווען האָט מעכטיק און טיף גע־קאָנט דורכגיין די גאַנצע גאַמע פון מענטשלעכן פילן, פון מענטשלעכע ליידנשאַפטן. ביז צולעצט, אויפן 57סטן יאָר, איז זיין לעבן אויפגעלייזט און אויסגעלייזט געוואָרן.

דאָס איז דער לעצטער קאַפּיטל פון דער העראָאישער בעטהאָווען־פּאָעמע. אָבער אומקומענדיק, האָט ער געזיגט, און דער לעצטער קאַ־פּיטל אין וויינשטיינס פּאָעמע רופט זיך „נצחון". אַ סך יאָרן האָט בעט־האָווען געזוכט אַ פּאַסיקע פאָרם פאַר אַ געזאַנג וועגן דער גרויסער פרייד, צו וועלכער זיין לעבן האָט זיך געצויגן, און די ווערטער האָט ער גע־פונען אין שילערס אָדע. ערשט אַ פּאָר יאָר פאַר זיין טויט האָט ער די פאָרם געפונען, און עס איז פאַרטיק געוואָרן זיין גרויסע באַראַלע סימ־פאָניע.

פון דער ערשטער שורה אָן ביזן סוף פון דער פּאָעמע פילט איר, אַז בעטהאָווענס לעבן איז פאַר וויינשטיינען ניט קיין צופעליקע טעמע: עס איז אים אייגן, און דעריבער האָט ער זיך פאַר אַזאַ טעמע געמוזט נעמען. און זיין גאַנצער קרעפטיקער און פאַרביקער סטיל איז פאַר אַזאַ טעמע זייער גוט צוגעפּאַסט. ער האָט פאַר דעם די מיטלען, און ער האָט זיי גוט אויסגענוצט. די פּאָעמע איז עפּיש־גלייך אין אַ גע־הויבענעם טאָן. יעדע שורה איז נייטיק, און זייער אָפט ווערט איר פון באַזונדערע שורות דערפרייט אָדער אויפגעטרייסלט. נאָר עטלעכע מאָל מאַכט ער פון זיך אַליין באַמערקונגען, — קורצע, אויף איין שורה. פאַראַן ביי אים דער אויסרוף „אָ", אָבער ער באַנוצט דאָס אויף זיין אייגענעם אופן, אַלע מאָל מיט אַזאַ נייקייט און פרישקייט, אַז דאָס איז אַ פרייד פאַרן געהער.

וויינשטיינס קונסט איז אויסגעהאַלטן־ריין אין די טראָפּן, אין די ווענדונגען, אין דעם שווערן לשון און סינטאַקסיס, וואָס וואָלטן אין פּשוטער פּראָזע געווען אַ חסרון, אָבער וואָס מאַכן דאָ, אין דער באַזונדערער בעטהאָווען־פּאָעמע, די שורות פול אָנגעלאָדן מיט פרישן בילד און עכטער עמאָציע.

לייכט אויף די שפּיץ פינגער, האָט דער געניאַלסטער קינסטלער מאָצאַרט געקאָנט אַריבערקוקן צו ווייטע אויפגעשיינטע האָריזאָנטן פון זיין קונסט. בעטהאָווען אָבער האָט הילכיק געשפּרייזט פון באַרג־שפּיץ צו באַרג־שפּיץ, בעת ער האָט, ווי משה, זיך געפונען אין פולן אָנגעזיכט פון זוניקן לאַנד, פון דער נייער מוזיק פון ניינצעטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און דאָ איז געווען בעטהאָווענס נצחון.

וויינשטיינס סטיל פּאַסט זיך דאָ אַזוי גוט מיט דעם, וואָס דאָס איז אַ שטענדיקע דערמאָנונג דורך דער גאַנצער פּאָעמע אָן דעם געטלעכן מאַן, פאַר וועמען זיין קונסט איז געווען די העכסטע עבודה, און וועמעס מאָטאָ איז געווען „גאָט איבער אַלעס״; אָן דעם פּראָמעטעאוס פון מאָדערנעם מענטשלעכן גייסט, וואָס איז געווען דורכגעווייקט אין דער עסענץ פון פּאָעזיע, וועמעס איינפּאַכע שאַפונג איז געווען ניט פּשוט לויטער, נאָר אַן אויפלייטערונג, נאָך דעם ווי עס איז דורכגענומען געוואָרען מיט דונערן פון הויכער ליידנשאַפט, מיט בליצן פון טיפן געדאַנק. וואָרעם אַזאַ איז געווען לודוויג וואַן בעטהאָווען, וואָס האָט ניט צו זיך אין זיין גרויסער קונסט קיין גלייכן.



# א. מ. קליין

די לידער פון אַ. מ. קליין האָבן געמאַכט אַן איינדרוק מיט זייער אייגנ־אַרטיקן סטיל, מיט דער פיינער פאָרם און באַזונדערן טיף־יידישן מאַטער־יאַל, ווען מען האָט זיי געלייענט באַזונדער אין ענגלישע זשורנאַלן. נאָך באַ־שטימטער און טיפער ווערט דער איינדרוק ביים איבערלייענען זיי נאָכאַמאָל און אויפגעזאַמלטע אין דעם איצטיקן ערשטן בוך זיינעם.

אַ. מ. קליין געהערט צו יענע פּאָעטן, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרשמעלצן מאַטעריאַל און פאָרם פון צוויי גרויסע טראַדיציעס, פון דער ענגלישער פּאָעטישער טראַדיציע און פון דער טראַדיציע פון יידישקייט. אָפטמאָל האַלט מען די צוויי טראַדיציעס פאַר אומפאַראייגבאַר, פאַר צוויי וועגן, וואָס גייען אין דורכאויס פאַרשיידענע ריכטונגען. קליין האָט מיט זיין לידער־זאַמלונג אַנטשידן אָפּגעשטריטן אַזאַ מיינונג.

פאַר ענגליש־יידישע פּאָעטן, וואָס גלייבן, אַז זייער יידישקייט קען זיי נאָר שטערן אין זייער ענגליש־דיכטערשער אַרבעט, איז קליינס בוך ווי אַן אַרויספאָדערונג. עס איז ווי ער וואָלט געוואָלט אויפווייזן, אַז אויב עמיצער זעט אין דער ענגלישער פּאָעזיע און אין יידישקייט צוויי וועגן, וואָס גייען זיך אין גאַנצן פונאַנדער, נאַרט אים דאָ נאָר אָפּ זיין אויג. וואָרים אָט איז אַ גאַנץ בוך, וואָס איז פון אָנהייב ביזן סוף דורכאויס יידיש און וואָס איז אין דער זעלביקער צייט אויך ענגלישע פּאָעזיע, טיף פאַרוואָרצלט אין דער גרויסער ענגלישער פּאָעטישער טראַדיציע. דאָס איז באמת אַ וויכטיקער אויפטו.

אַ. מ. קליין איז דער טראַדיציאָנעלסטער יידישער פּאָעט, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן. ער וואָלט דאָס געווען, ווען ער וואָלט זיינע לידער גע־שריבן אויף יידיש אָדער העברעאיש. אין זיין יידישער טראַדיציע איז איינ־געשלאָסן אַלצדינג, וואָס איז יידיש: די יידישע תורה און רעליגיע, דער תלמוד, יידישער געראַנגל מיט אַ פיינדלעכער וועלט, יידישער גלות און באַדנלאָזיקייט, דער יידישער מיטלאַלטער און דאָס שפּעטערדיקע יידישע פאָלקס־לעבן אין מזרח־אייראָפּע, חסידות און די היינטיקע יידישע וועלט־

לעכקייט, פּאַלעסטינע און היטלער־אייראָפּע, יידישע געשיכטע און די פאַרצווייפלונג און האָפענונג פון יידישן היינט.

ביי דעם אַלעמען איז דער פּאָעט אַ גאַנצער מאָדערנער ייד. אברהם מ. קליין איז אַ יונגער אַדוואָקאַט אין מאָנטרעאָל און פירער אין דער ציוניסטי־שער באַוועגונג פון קאַנאַדע. אין דער זעלביקער צייט איז ער אויך איינער פון עטלעכע אָנפירער פון דער נייער פּאָעטישער באַוועגונג, איינער פון די פאָרשטייער פון דער מאָדערנער ענגלישער דיכטונג פון זיין לאַנד.

כמעט אַלע לידער אין דער זאַמלונג זיינען דירעקט אויף יידישע טעמעס און מיט יידישן מאַטעריאַל, וואָס נאָר יידן־לומדים זיינען מיט אים באַקאַנט. דער פּאָעט איז אַ יידישער למדן. אָבער ניט קיין קלענערער למדן איז ער אין דער גרויסער ענגלישער ליטעראַטור, אין וועלכער ער איז טיף פאַר־וואָרצלט; און נאָר אַ גוטער קענער פון דער אַלטער און נייער ענגלישער דיכטונג וועט באַנעמען זיינע באַרופונגען.

אין דעם זין איז כאַראַקטעריסטיש שוין דאָס סאַמע ערשטע ליד אין דעם בוך, וואו דער פּאָעט רעדט וועגן תלמוד און תנאים און גריכן און שעקספּיר. אָט די דערנענטערונג און פאַראייניקונג פון צוויי אַזעלכע פאַרשיידענע וועלטן גייען אַריין ווי אַ נייטיקער טייל פון אַ. מ. קליינס אָריגינעלן פּאָעטישן סטיל.

ניט־יידישע פּאָעטן און קריטיקער האָבן דאָס אָפּגעשאַצט און פאַרנומען אין קליינען אויף אַ געהעריקן אופן אַפילו ווען דער טיף־יידישער מאַטעריאַל זיינער איז פאַר זיי געוועזן צו ווייט און פרעמד. אויך אַ יידישער קריטיקער האָט דאָס הויך אָפּגעשאַצט — לודוויג לואיסאָן, וועלכער האָט אין בוך אַ פאָרוואָרט.

לואיסאָן, דער יידישער נאַציאָנאַליסט, איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער קרעפּטיקער, גאַנצער, פולער באַשטעטיקונג, וואָס א. מ. קליין גיט אין זיינע פיינע ענגלישע פערזן: יאָ, איך בין אַ ייד, בין דאָס אַלע מאָל געווען און וועל דאָס קיינמאָל ניט אויפהערן זיין. לואיסאָן איז אין דעם פאָרוואָרט אַזוי באַ־גייסטערט פון דער דאָזיקער געזונטער און ווי זעלבסטפאַרשטענדלעכער יידי־שער באַשטעטיקונג ביי קליינען, אַז ער פאַלט אַריין אין אַ קליינער איבער־טרייבונג און דערקלערט, אַז „אברהם קליין, דער יידישסטער פּאָעט, וואָס האָט ווען עס איז באַנוצט דאָס ענגלישע לשון, איז דער איינציקער ייד, וואָס האָט ביז איצט געבראַכט אין דער ענגלישער פּאָעזיע אַ נייעם בייג פון סטיל, פון אויסדרוק, פון שעפערישער אויסברייטונג.”

אויב מען קען דאָ מיט לואיסאָנען וועגן דעם אַביסל דעבאַטירן, איז ער אָבער גערעכט, ווען ער זאָגט ווייטער וועגן אונזער פּאָעט: „ער איז אַ סך אַ בעסערער ענגלישער פּאָעט, איידער יענע יידישע דיכטער, וואָס האָבן זיך

געמיט צו זיין ניט־יידישע ענגלישע פּאָעטן". וואָרים וואָס מער, וואָס פולער דער פּאָעט איז דאָס, וואָס ער איז, איינשליסנדיק זיין נאַציאָנאַליטעט, אַלץ אַ מער קרעפטיקער פּאָעט קען ער זיין.

עס זיינען געווען אין דער ענגלישער, רוסישער שפּראַך און אַנדערע שפּראַכן גענוג יידן־פּאָעטן, וואָס האָבן אין פאַרשיידענע צייטן פון זייער קאַר־יערע שטאַרק באַשטעטיקט, אַז זיי זיינען יידן, אָדער שטאַמען פון יידן. דאָס, פאַרשטייט זיך, האָט זיי נאָך ניט געמאַכט מער יידיש, ווי זיי האָבן געקענט זיין. עס זיינען געווען יידישע פּאָעטן אין אַנדערע לשונות, וואָס האָבן אויסגערופן הויך, שטאָלץ און דעמאָנסטראַטיוו זייער יידישקייט. עס זיינען געווען יידישע קינסטלער, וואָס האָבן געשטעלט יידן העכער פון אַנדערע פעלקער, איינשליסנ־דיק דאָס פאָלק, וועמענס שפּראַך זיי האָבן באַנוצט, און וואָס האָבן באַוואוסט־זיניק געוואָלט קולטיווירן אין זיך דאָס, וואָס זיי האָבן אָנגערופן „יידישע קונסט".

ניט אַזאַ איז אַ. מ. קליין. זיין יידישע זעלבסט־באַשטעטיקונג איז ניט באַרימעריש; און ער דאַרף ניט שטרעבן צו זיין אַ פולער ייד, — ער ווייסט, אַז ער איז דאָס. ער נעמט אָן זיין יידישקייט, ווי אַ פּשוטן, זעלבסטפאַרשטענד־לעכן פאַקט, פונקט אַזוי ווי ניט־יידן נעמען אָן און רעדן וועגן זייער אייגענער פאָלקישקייט.

פאַרשטייט זיך, באַמערקט לואיסאָן, קליין האָט געהאַט דעם מזל געבאָרן צו ווערן אין אַ משפּחה און אַ סביבה, וואו די יידישע וויסנשאַפט און טראַ־דיציע זיינען געווען אַזוי לעבעדיק און שטאַרק, אַז מען האָט זיך דאָ לייכט געקענט דערלויבן אַפילו אויפצונעמען דאָס אַלץ אָפּטמאָל מיט איראָניע. אין קליינס פּערזאָן איז פאַראַן אַ סך הומאָר און איראָניע. טאָקע דעריבער, זאָגט לואיסאָן, האָט קליין „געקענט נעמען ר' לוי יצחק בערדיטשעווערס טענות צום אייבערשטן וועגן דעם גורל פון פאָלק ישראל, און די פינצטערע טראַגעדיעס פון קרייצצוגן, און כעלם, די לעגענדאַרישע שטאָט פון נאַראָנים, און די לעגענדע וועגן דעם פּראַגער גולם, און די טענץ פון חסידים, און די פּירונגען און קליינלעכקייטן פון אַ מנין, און די וויזיע און דאָס לעבן פון ברוך שפּינאָזאַ, און פון דעם אַלעמען באַשאַפן פאַר אונז די עכטסטע און אויפריכטיקסטע ענגלישע פּאָעזיע, וואָס מיר האָבן היינט צו טאָג".

ווי אַזוי האָט אַזאַ מין ענגליש־יידישער פּאָעט אויפגענומען דעם גרויסן יידישן חורבן פון אונזער היטלער־צייט? אין דעם צווייטן ליד פון דער זאַמ־לונג האָבן מיר אַ מין וויכוח, וואָס דער פּאָעט פירט מיט דעם מין מענטש־לעכע באַשעפעניש, וואָס רופט זיך נאַצי, היטלעריסט. דער נאָמען פון דעם ליד איז אַ נאָמען פון אַ באַרימטער פּאָעמע פון לאָרד באַיראָן: „טשאַילד

האַראָלדס וואַנדערונגען". קליין פירט דעם וויכוח פון דער ערשטער, פון דער אייגענער פּערזאָן. פאַראַן דאָ געווגוג ביטערקייט, אָבער די גאַנצע זאַך גייט אין אַ רואיקן טאָן פון אַן אמתן דיספּוט. קליין דערמאָנט פרעהן, טיטוסן, טאָרקוועמאַדען און אַנדערע בלוטיקע שונאים פון יידן און קומט צו היטלערן און דעם האַקנקרייץ. ער פרעגט נאָר: וואָס קען איך טאָן, צו באַפרידיקן אָט דעם מין מענטש, דעם נאַצישן דייטש? אָבער קיין זאַך וועט יענעם ניט באַ־פרידיקן, וואָרים ער וויל נאָר זען פשוט דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון יידן.

„איז שאַלט אין די טרומייטערס! און זינגט מיט, בירגער, דאָס לידל, וואָס דער קראַנקער האַרסט ווסעל האָט אָנגעשריבן פאַר זיין גאַסן־פּרוי!".

די פּאָעמע ענדיקט זיך ניט מיט קיין אויסגעשריי פון פאַרצווייפלונג, נאָר מיט דעם פשוטן שטילן אמת, אַז דער היינטיקער קאָשמאַר וועט זיך מוזן ענדיקן, אַזוי ווי אַלע קאָשמאַרן, וואָס זיינען געווען פריער.

א. מ. קליין איז אַ מייסטער פון פּאָעטישע פאָרמען, פון פאַרשיידנאַרטיקע ריטמען, און אַ סך פּערזן ביי אים מוזן פאַרכאַפּן דעם לייענער מיט אַ נייער מוזיק. ער איז אַ גרינדלעכער קענער פון אַמאָליקע און היינטיקע יידן. ער האָט איבערגעגעבן יידישע געשטאַלטן און יידישע זאַכן, וועגן וועלכע ער זאָל קענען דערציילן אין באַלאַדעס און סאָנעטן און אין אַלערליי פאָרמען, אַלטע און מאָדערנע און ניי־געשאַפענע. ער קען גוט אויך די ניט־יידישע וועלט, אָבער ער קען זיך דערלויבן צו פאַריידישן אַפילו די נאַטור און פאָרשטעלן אַ סאָווע, ווי אַ רב אין אַ שטריימעל.

מיט דעם זעלביקן אייגנאַרטיקן, רייכן סטיל זיינעם און מיט דער זעל־ביקער מוזיק־באַגלייטונג קען ער אַפילו דערציילן אַ מעשהלע פון הימל. אָט האָט ער (ניט אין דעם בוך) אַ צייט־ליד, „ביים פעסטונג־גרובן אין הימל", דערציילט ער, ווי איין טאָג איז דאָרטן אויבן, ביי גאָטס טראָן, גע־וואָרן אַזוי טרויעריק פון דעם, וואָס אויף דער ערד טוט זיך אָפּ, אַז מען האָט אָפּגעשטעלט די שירה; איין מלאך האָט גענומען וויינען אויף אַ קול, און האָט אָנגעהויבן פּאַטשן פאַר פרייד מיט די פליגלען.

גאָט האָט אַרונטערגעקוקט אויף דער ערד, און אָט וואָס ער האָט דערזען:

... דאָרט אונטן מענטשן וואָיען,
אין אָקסן־צוג געפירט צו אייזיקן לאַנד.
אין בלוטיקע וואונדן קערפּערס ברוין־און־בלויע.
עס זוכט אַ קינד זיין אָפּגעפליקטע האַנט.
און ווייסנשאַפט שמעקט קריג פאַרחתמעטן אין סלאַיעס,
אָן צאָל זשעניען מעדיצין אַנטמאַנט.

אַ וואונדער־פידלער וואַשט מיט צאַרטע פינגער
מיט לויג אַ רינשטאָק אונטער וואַכמאַנס רוט,
אַ הילף־רוף הערט זיך פון אַ פריסטער יונגן,
אָן מוט, אָן ציל אַ צווייפלער תפילה טוט.
און גאָט פאַרנעמט אַ פויל־גערוך פון הונגער
און דעם גערוך פון האַלב־פאַרטריקנטן בלוט.

**עס איז אַ גרויסער ספק, צי אָט די אַלע גרוילן, וואָס זיינען, אגב, געווען דער אָנהייב פון דער היטלער־הערשאַפט, צי אָט די גרוילן האָט מען געזען אַמאָל אין סדום. וואָס־זשע האָט אויף דעם געזאָגט דער אייבערשטער? ער האָט ניט געזאָגט גאָרנישט. דער גוטער גאָט האָט נאָר אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ און האָט אויף דער ערד אַרונטערגעשיקט די סדום־מלאכים. לאָמיר האָפן, אַז צום לעצטן מאָל.**



# קאַרל שאַפּיראָ

קאַרל דזשעי שאַפּיראָ איז איינער פון די פּאָפּולערסטער פון די אַמעריקאַנער פּאָעטן פון ייִנגערן דור. די איצטיקע זאַמלונג „פּערזאָן, אָרט און זאַך" איז זיין ערשט בוך, אָבער שוין לאַנג פאַר דעם איז ער געווען באַוואוסט אין דער היגער ליטעראַרישער וועלט, און מען האָט אים ניט איינמאָל דערמאָנט, ווען מען האָט געשריבן וועגן אַנדערע פּאָעטן, הגם ער האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק און האָט קיין סך ניט פאַרעפנטלעכט.

שוין מיט די ערשטע לידער זיינע, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין ליטעראַרישע זשורנאַלן מיט דריי יאָר צוריק, האָט ער געצויגן צו זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. די פיר לידער־גרופּעס, וואָס ער האָט געדרוקט פאַר דער צייט אין דעם עלטסטן אַמעריקאַנער זשורנאַל פאַר פּאָעזיע „פּאָעטרי", פון שיקאַגאָ, זיינען אַלע פון דעם זשורנאַל פּרעמירט געוואָרן. פון די פיר פּריזן, וואָס „פּאָעטרי" האָט אים געגעבן, זיינען די לעצטע צוויי געווען: אין נאָוועמבער פון יאָר 1941 — דער דזשינעט סיועל דעיוויס פּריז, און לעצטן נאָוועמבער — דער לעווינסאָן פּריז.

די לעווינסאָן פּרעמיע גיט די שיקאַגאָער „פּאָעטרי" אַלע יאָר פאַר די בעסטע לידער פון אַן אַמעריקאַנער פּאָעט. אין 1914 האָט די פּרעמיע געוואונען קאַרל סאַנדבורג. אין 1942 איז דער געווינער געווען דער באַוואוסטער פּאָעט און הויפּט פון קאָנגרעס־ביבליאָטעק, אַרטשיבאַלד מעקליש. צווישן די אַנדערע פּאָעטן, יונגע און עלטערע, באַרימטע און נייע, וואָס האָבן געוואונען די אויסצייכענונג, זיינען געווען: לינדסי, מעסטערס, וואַלעס סטיווענס, סאַרעט, ראָבערט פראָסט, ראָבינסאָן, עימי לאָועל, עלינאָר וואַילי, האַרט קרעין, עדנאַ סט. ווינסענט מילעי, מעריען מור, האָרעיס גרעגאָרי, לואיז באָגען, ה. ד., ע. ע. קאָמינגס, ראָבינסאָן דזשעפערס, ראָבערט פּען וואָרען, — פאַרשטייער פון דער גאַנצער מאָדערנער אַמעריקאַנער פּאָעזיע, פון אַלע אירע ריכטונגען און פון פאַרשיידענע דורות. שאַפּיראָ איז דער ערשטער עכט־ייִדישער נאָמען, וואָס האָט געוואונען די ייִדישע לעווינסאָן־פּרעמיע.

עס זיינען פאַראַן היינט גענוג ייִדן אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע, און

אייניקע פון זיי פאַרנעמען אַן אַנגעזעעענעם אָרט. קאַרל שאַפּיראָ איז פון אָנהייב אָן געקומען מיט אַן אייגענעם קול, וואָס איז באַלד דערהערט גע־וואָרן.

די איבער פופציק לידער אין דער איצטיקער זאַמלונג זיינען אַלע דורכ־גענומען מיט אַ שטאַרקן געפיל פון מאָדערנעם לעבן אין אַמעריקע און מיט אַ שטאַרקן סאָציאַלן געפיל. קאַרל שאַפּיראָ איז דורכאויס אַ סאָציאַלער פּאָ־עט. אין דער זאַמלונג איז ניטאָ קיין איין ליד, וואָס איז געשריבן געוואָרן לשם ליד אַליין, אָן אַ טיף־פערזענלעך דורכגעפילטער, גוט־דורכגעטראַכטער און שאַרף איבערגעגעבענער אויסטייטשונג, באַלויכטונג, אָדער קריטיק פון עפּעס אין אַרומיקן היינטיקן לעבן.

קאַרל שאַפּיראָ האָט ניט אין דער זאַמלונג קיין לידער וועגן פאַרגאַנ־גענע צייטן אָדער ווייטע זאַכן. אַלץ איז דאָ וועגן היינט און וועגן דעם פּ אָ ע ט ס אוממיטלבאַרער סביבה. אַ ליד וועגן עמאַ גאָלדמאַן איז וועגן איר טויט. אַ פיין ליד וועגן עדגאַר עלען פּאָו האָט אויך נאָך איצט געקאָנט געשריבן ווערן און נאָר פון אַ פּאָעט, וואָס האָט קאַרל שאַפּיראָס שאַרפן מאָדערנעם לעבנס־באַנעם.

קאַרל שאַפּיראָ האָט זייער אַ שאַרף אויג און איז אַן אויסגעצייכנטער, פּינקטליכער באַאָבאַכטער. און שאַרף איז אויך זיין מאָדערנע דיקציע און פאָראַזירונג. און פונקט אַזוי שאַרף איז ער אויך אין זיין בילדלעכקייט און אין קריטיק און אורטייל איבער אַלץ, וואָס ער זעט. צו דעם קומט נאָך אַן אייגענער סטיל, אַן אייגנאַרטיקער פּאָעטישער מעטאָד, וואָס טיילט אים אויס אין אַלע זיינע פערזן, אין די ערשטע לידער און אין די גאָר לעצטע. עס איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס מען האָט קאַרל שאַפּיראָ באַלד באַ־מערקט.

קאַרל שאַפּיראָ איז איצט אַלט 29 יאָר. ער איז געבאָרן געוואָרן אין באַלטימאָר סוף 1913. ער האָט שטודירט אין אוניווערסיטעט פון ווירדזשי־ניע און ניט געענדיקט דעם קורס, דערנאָך אין דזשאָנס האָפּקינס אין באַל־טימאָר און ווידער ניט געענדיקט. שטודירט האָט ער מעדיצין. דערנאָך האָט ער אין זיין היים־שטאָט, באַלטימאָר, גענומען אין פּראַט אינסטיטוט אַ ביבליאָטעק־קורס. אין פרילינג פון יאָר 1941 איז ער אַוועק אין דער אַרמיי. ער איז געווען אַ געוויסע צייט אין קעמפּ לי, ווירדזשיניע. פון פאָריקן פרילינג אָן איז ער אין דער מעדיצינישער אָפּטיילונג פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין אויסטראַליע.

שאַפּיראָ איז אַ פּאָעט מיט אידייען און מיט אַ שאַרפער סאָציאַלער איינשטעלונג, הגם ניט מיט אַ באַשטימטן סאָציאַלן פּראָגראַם, ווי עס האָט געהאַט אין ענגלאַנד אין די דרייסיקער יאָרן די אָודען־ספּענסער־לואיס

גרופּע. ווי די פּאָעטן פון יענער גרופּע, איז שאַפּירא זייער עמפּינדלעך צו אומרעכטן, אומגעלומפּערטקייטן, פּאַראורטיילן אין היינטיקן לעבן. ווי יענע פּאָעטן, איז ער אין גאַנצן אין אונזער היינטיקער צייט און נעמט אַלע זיינע בילדער און זיין לשון פון דעם היינט און דעם אַרום.

ער איז רעוואָלוציאָנער אין דעם זין, ווי דאָס האָט פאָרמולירט איינער פון יענע ענגלישע פּאָעטן, סטיווען ספּענדער: „דער פּונקט, ביי וועלכן די מאָדערנע פּאָעזיע ווערט רעוואָלוציאָנער — האָט ספּענדער געשריבן, — איז ווען זי פּרואווט קלאָר מאַכן אמתן אין שייכות צו דער וועלט אַרום אונז: די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ערשיינונגען. די מאָדערנע פּאָעזיע איז רע־וואָלוציאָנער, ווייל זי האָט זיך אָנטשידן אין די „מעגליכע וועלטן" פון אַלטע לעגענדעס: זי איז צוריק אין דער וועלט ,וואָס רינגלט אונז אַרום".

דאָס איז אויך שאַפּיראָס געבאָט, און ער פאָלגט אים שטרענג אַלע מאָל. דערצו איז ער אָפטמאָל זייער ביטער, בייסיק, סאַטיריש. ער האָט נאָך ניט דערוויל קיין שום געניעץ פּאָזיטיוון וועג. דאָס ראַטעוועט אים אפשר פון ווערן אַ פּאָעט־פּרעדיקער. ער האָט אָבער אַ פעסטן גלויבן אין דעמאָקראַטיע און אין אַמעריקע.

זיין אייגנאַרטיקער סטיל האָט זיך אויך אויסגעפורעמט אונטער דעם שטאַרקן איינפלוס פון דער דערמאָנטער ענגלישער גרופּע פּאָעטן, באַ־זונדערס פון וו. י. אָודען. ער איז אָבער כמעט אומעטום זייער קלאָר, און ער האַלט זיך אָן פעסט אָן די זאַכן פון דער היינטיקער אַרומיקער וועלט.

ווען ער אורטיילט ניט, קריטיקירט ניט, ווערט ער אַמאָל אַביסל סענ־טימענטאַל, באַזונדערס אין זיינע ערשטע לידער — אין די שפּעטערדיקע לידער איז ער בכלל אויסגעהאַלטענער און סאָלידער. אַ צווייטער אַמערי־קאַניש־יידישער פּאָעט, דעלמאָר שוואַרץ, האָט שוין אָנגעוויזן, אַז שאַפּירא ווייזט אַרויס אַ נייגונג צו קלאַסישע מוסטערן, צו קלאַסישער גאַנצקייט, פּאַרענדיקטקייט און קלאָרקייט.

שאַפּירא האָט אין דעם בוך עטלעכע מלחמה־לידער. דאָס זיינען ניט קיין לידער פ אַ ר מלחמה, און ניט ו ו ע ג ן דער מלחמה, נאָר פּערזון געשריבן פ ו ן ד ע ם מ י ט ן פון דער איצטיקער מלחמה, לידער פון אַ פּאָעט־סאָלדאַט אין אַקטיווער מלחמה־דינסט.

קאַרל שאַפּירא איז בכלל אַ פּאָעט מיט אַ געזונטן אויסקוק אויפן לעבן, אָבער מיט ווייניק רואיקייט און געמיטלעכקייט. וואו זיין צאָרן אָדער שפּאָט ווערט שטיל, איז ער טרויעריק. אונזער היינטיק לעבן און זיין אוממיטלבאַ־רע סביבה האָבן ניט פאַר אים אין ערגעץ קיין שום אידיליע. קאַרל שאַ־פּירא איז איינער פון די פּאָעטן, וואָס זיינען באַרופן צו געבן אויסדרוק דער טראַגיק פון אונזער היינט.

צווישן די בעסטע זאַכן אין בוך זיינען זיינע מלחמה־לידער: „היימוויי", „אַן אָפּגעשניטענע בלום", און אַנדערע. די „בלום" איז איינס פון זיינע רואיקסטע לידער, און עס איז מערקווירדיק קלאַסיש־אויסגעהאַלטן און קלאָר פון דער ערשטער שורה ביזן סוף, און קלאָר און פיין אויך ווי אַ קלאַסישער סימבאָל. און „נאָסטאַלדזשיאַ" איז אַן איינפאַכע קלאַסישע עלעגיע.

אפשר האָט נאָר אַ יידישער פּאָעט געקאָנט אָנשרייבן אַזאַ פליכטלינג־ליד, ווי „עי טראַווילאָג פאַר עגזאַילס" (רייזע־באַשרייבונגען פאַר פליטים). יעדנפאַלס וואָלט געווען נאַטירלעך צו ערוואַרטן ביי אַ יידישן פּאָעט, איידער ביי אַ ניט־יידישן, אַזאַ פאַראַלגעמיינונג פון דעם גורל פון פאַרטריבענע, היימלאָזע וואָגלער פון דער ערד. דער דאָזיקער גורל איז אין דער איצטיקער היטלער־צייט באַקאַנט אַלעמען, אָבער אונז, יידן, איז דאָס גוט באַקאַנט שוין אַ פּאָר טויזנט יאָר.

עס איז מערקווירדיק, וואָס שאַפּיראָ, וועלכער גיט אינם בוך מוסטערן פון פאַרשיידנסטע ריטמען, האָט פאַר אָט דעם פליכטלינג־ליד געפונען אַ גאָר אַלטע קלאַסישע פאָרם.

דער וואָגלער קוקט פאַר זיך אין אַ וויטן הימל. קוק אַרויף, קוק טיף אַריין אַהין, אין דעם סוף־וועג פון תפילה, אין הייליקן דאָם. און פרעג דעם הימל, פרעג, וואָס ענטפערט ער דיר? — „פאַרנומען איז דער הימל: דאָ איז ניט דיין היים".

אָט איז דער ים. קוק טיפער אַראָפּ אין זיין תהום — אפשר דאָ, — אַ וויג, צי אַ קבר? אָבער ווינט און כוואַליעס זיינען מסכים: „פאַרנומען איז דאָס וואַסער: דאָ איז ניט דיין היים".

> זע און געדענק. קוק אויף דעם ברייטן לאַנד,
> וויט, ווייט, פול מיט פאַבריקן און מיט גראָזן.
> דיין, דורכגיין דאָ געווים וועט מען דיך לאָזן.
> רייך, פרעג ביים וואַלד און פרעג ביים פעטן ליים.
> וואָס הערסטו איצט? וואָס ענטפערט דיר דאָס לאַנד?
> — פאַרנומען איז די ערד; ניין, דאָ איז ניט דיין היים.

הימל, ים און ערד — אַלץ איז שוין פאַרנומען. אַזאַ פּשוט און אַזאַ אוניווערסאַל ליד וועגן וואָגלער האָט געמוזט איינפאַלן אַ יידישן דיכטער.

יידן ווערן, אגב, דערמאָנט ביי שאַפּיראָ אין אַ ליד „אוניווערסיטעט", וואָס הייבט זיך אָן אַזוי: „ווייטאָן דעם נעגער און אויסמיידן דעם ייד — דאָס איז דאָ דער קורס פון לערנען".

שאַפּיראָ האָט אין דער זאַמלונג אַ ליד אין גאַנצן אויף אַ יידישער

טעמע — וועגן זיין באָבע, וואָס זיצט איינגעבויגן איבער איר אַלטן צאינה וראינה. „איר לעבן איז פול מיט טויטע און מיט איר אייגענער אַגאָניע. די געשיכטע האָט זי געטראָגן דורך פרעמדע לענדער און אַ סך הייזער, אין זעלבסטפאַרשטענדלעכן גלות, מיט אַ צומישעניש פון לשונות און באַ־שעפטיקונגען ביי אירע קינדס־קינדער".

דאָ האָט איר אַ פּאָר שורות, אין דעם גורל פון דער אַלטער שטילער באָבען, די גאַנצע טראַגעדיע פון יידישער אויסוואָרצלונג און איבערפלאַנ־צונג און אייביקן וואָגל.

אַ גאַנצע רייע לידער אין שאַפּיראָס ערשטן לידער־בוך זיינען אומפאַר־געסלעך מיט די פיגורן, וואָס ער צייכנט אָן מיט אַ פּאָר שאַרפע שטריכן, מיט די זאַכן, וואָס ער גיט לעבעדיקערהייט מיט אַ פּאָר שאַרפע דעטאַלן. „אַן אַפּטייק", „אַן אויטאָמאָביל־קראַך", „שפּיטאָל", „די קעלנערין" און אַנדערע זיינען באמת פיינע פּאָעטישע מאָנומענטן פון אונזער היינט.

קאַרל שאַפּיראָס בוך זאָגט אונז צו, אַז מיר וועלן אין אים האָבן אַ זייער וויכטיקן אַמעריקאַנער פּאָעט.

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אָן דער באַטייליקונג פון דעם פּאָעט. אויסגעקליבן די לידער און רעדאַקטירט די זאַמלונג האָט עוועלין ק., ווע־מען שאַפּיראָ האָט דאָס בוך געווידמעט.

(„פאָרווערטס", זונטיק, יאַנואַר, 1943)



# אַ דראַמע פון אַן אַמעריקאַנער פּאָעט
# וועגן אַ יידישן נאָמען

צווישן די טאַלאַנטפולע אַמעריקאַנער שריפטשטעלער, פּאָעטן און קרי־טיקער פון יינגערן דור באַווייזן זיך אַלץ מער יידישע נעמען, — באַזונדערס צווישן פּאָעטן. אין דער זעלביקער מאָס, ווי עס איז געוואַקסן אין צאָל און אין אָנזען די יידישע באַפעלקערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין די לעצטע פופציק־זעכציק יאָר, איז אויך געוואָרן גרעסער אין צאָל און אין חשיבות דער אָנטייל פון יידן אין דער אַמעריקאַנער קולטור בכלל, און באַ־זונדערס אין דער היגער ענגלישער ליטעראַטור און פּאָעזיע. און די באַ־טייליקונג פון יידן אין דער ליטעראַטור פון אַמעריקע איז געוואָרן גרע־סער און וויכטיקער, וואָס מער יידן האָבן זיך דאָ איינגעלעבט און גייסטיק איינגעוואָרצלט.

דער ערשטער באַדייטנדיקער יידישער נאָמען אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע איז געקומען אין די זיבעציקער־אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונ־דערט. דאָס איז געווען די פּאָעטעסע עמאַ לאַזאַרוס, וועמעס סאָנעט „דער נייער ריז (דהיי ניו קאָלאָסוס) איז אויסגעגראַווירט אויף אַ טאָוול אין דער „סטאַטוע פון פרייהייט”, ביים אַריינגאַנג אין האַפן פון ניו־יאָרק. עמאַ לאַ־זאַרוס איז געשטאָרבן אין 1887, אין עלטער פון אַכט־און־דרייסיק יאָר. זי איז געווען באַפריינדעט מיט ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן און אַנדערע חשובע אַמעריקאַנער שריפטשטעלער פון יענער צייט. עמערסאָנען האָט זי געווידמעט איר ערשטע לידער־זאַמלונג. אירע ערשטע אַרבעטן אין פערזן, דראַמע און פּראָזע זיינען געווען אין סטיל און טאָן פון איר צייט, און אין אינהאַלט האָבן זיי מיט יידן און יידישקייט ווינציק געהאַט צו טאָן. זי האָט פאַרעפנט־לעכט אַ ראָמאַן פון דעם לעבן פון דעם דייטשן דיכטער געטע, און דער באַרימטער רוסישער שריפטשטעלער טורגעניעוו האָט דעם ראָמאַן געלויבט. זי איז געווען אין גאַנצן אין דער ענגלישער און דייטשער קולטור־טראַדיציע, און אַ באַקאַנטער אַמעריקאַנער פּאָעט האָט איר דעמאָלט אַפילו פאַרגע־וואָרפן, פאַרוואָס זי איז אין איר פּאָעזיע אַזוי פרעמד פון איר אייגענעם פאָלק.

אָבער אַט זיינען געקומען די רוסישע פּאָגראָמען אין די אַכציקער יאָרן, וואָס האָבן אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, און עמאַ לאַזאַרוס ווערט אַ פייערדיקע יידישע נאַציאָנאַליסטקע. זי שרייבט אַ דראַמע וועגן די מיטלאַלטערלעכע רדיפות און בלבולים אויף יידן. זי שרייבט זאַכן מיט אַזעלכע נעמען, ווי „על נהרות בבל". איר לידער־זאַמלונג טראָגט דעם שטאָלצן נאָמען „לידער פון אַ סעמיט" און איז געווידמעט איינער פון די וואַרעמסטע פריינט פון יידן, דער ענגלישער שריפטשטעלערין דזשאָרדזש עליאָט, וועלכע האָט אָנגעשריבן דעם ראָמאַן „דניאל דעראָנדאַ". אין דער דייטשער קולטור פאַרנעמט איצט ביי איר דער יידישער פּאָעט היינריך היינע דעם אָרט פון דעם „עכטן" דייטש געטע; זי גיט אַרויס אַ באַנד איבערזעצונגען פון היינעס לידער.

נאָך עמאַ לאַזאַרוס באַווייזן זיך יידן אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע ערשט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אַרום דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אייניקע פון זיי האָבן אָפּט און גערן גענומען יידישע טעמעס און האָבן אַפילו דעמאָנסטראַטיוו אַרויסגעשטעלט זייער יידישקייט. אַנדערע האָבן זיך ווי יידן קיינמאָל מיט קיין זאַך ניט אויסגעטיילט. די מערסטע יידישע פּאָעטן האָבן זייער יידישקייט ניט באַהאַלטן און ניט איינגעצאַמט און האָבן ביי געלעגנהייטן גענומען יידישע טעמעס. דער אַנטאָלאָגיסט לואיס אונטער־מייער האָט געשריבן אייניקע זאַכן אויף יידישע טעמעס און האָט אויך אַרויס־געגעבן אַ באַנד היינע־איבערזעצונגען און אַ בוך וועגן היינען. לעצטנס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ בוך איבערזעצונגען פון היינעס פּראָזע מיט אונטער־מייערס אַ פאָרוואָרט. אָבער מיט אַ פּאָר אויסנאַמען, וואָס האָבן ניט געצויגן קיין באַזונדער גרויסע אויפמערקזאַמקייט, האָבן מיר קיין גרעסערע יידישע פּאָעמעס אָדער גאַנצע לידער־זאַמלונגען מיט יידישן אינהאַלט ביז לעצטנס ניט געהאַט.

אין דעם יינגערן דור אַמעריקאַנער פּאָעטן זיינען שוין יידן פאַרטראָטן זייער שטאַרק. איינער פון די טאַלאַנטפולערע פון זיי, דעלמאָר שוואַרץ, האָט ניט לאַנג צוריק אַרויסגעגעבן אַ פּאָעטישע דראַמע מיט אַן עכט־אַמעריקאַנער נאָמען, „שענאַנדאָא", אָבער אויף אַן עכט־יידישער טעמע און פון היינטיקן אַמעריקאַנער יידישן לעבן. די דראַמע האָט שטאַרק אויסגענומען און איז אין פאַרלויף פון איין יאָר אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ פּאָר צייטשריפטן, אין אַן אַנטאָלאָגיע און אין אַ באַזונדערן בוך.

די אַנטאָלאָגיע, אין וועלכער דעלמאָר שוואַרצעס פּיעסע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון דעם באַוואוסטן פּאָעט, דראַמאַ־טורג און אַנטאָלאָגיסט אַלפרעד קרעימבאָרג, אויך אַ ייד. דאָס איז אַ זאַמלונג פון פּאָעטישע דראַמעס, פּיעסן אין פערזן. קרעימבאָרג גיט דאָ אַן אויסקלייב

פון פּאָעטישע דראַמעס, אָנהייבנדיק מיט די גרויסע דראַמען־שרייבער פון אַלטן גריכנלאַנד און דורכן מיטל־אַלטער ביז אונזערע טעג. מיר האָבן אין דער זאַמלונג פיר־און־דרייסיק פּיעסן, און די לעצטע פון זיי איז דעלמאָר שוואַרצעס „שענאַנדאָא".

די פּיעסע איז זייער אינטערסאַנט אין דער פאָרם. זי איז אַ פיינער געמיש פון פּראָזע מיט פּאָעזיע. די טעמע איז דאָ אַ קאָנפליקט אין אַ האַלב־אַמעריקאַניזירטער יידישער מיטל־קלאַס פאַמיליע צוליב דעם, וואָס פאַר אַ נאָמען צו געבן אַ ניי־געבוירן יינגל.

דער פאַמיליע־נאָמען פון דער משפּחה איז פיש, און צוויי זיידעס, איינער פון זיי שוין טויט, הייסן יעקב. די מוטער וויל אַ נאָמען געבן איר קינד נאָך איר פאַרשטאָרבענעם טאַטן — יעקב, און אָן שווער פאַרגעסט זי. אין טאָג פון ברית קומט דער צווייטער זיידע און קלערט אויף זיין שנור, עלסין, אַז ביי יידן פירט מען זיך ניט אַזוי, אַז ביי יידן טאָר מען ניט אַ נאָמען געבן נאָך אַ לעבעדיקן טאַטן, אָדער זיידן אָדער וועמען ניט־איז; אויב מען טוט עס, קען ער, דער זיידע, נאָך שטאַרבן.

דער קלוגער אַלטער געשעפטסמאַן טענהט אַביסל מיט דער שנור, דריקט איר אויס מיטגעפיל צוליב איר אומגליקלעכן לעבן מיט זיין זון, גיט איר אַ פּאָר קאָמפּלימענטן און פּועלט סוף־כל־סוף, אַז דער ניי־געבאָרענער זון זאָל ניט באַקומען זיין נאָמען.

איצט איז אַ פּראָבלעם: ווי אַזוי גיט מען דעם יינגל אַ נאָמען? עלסי וויל האָבן אַ גאָר פיינעם, אַן אויסערגעוויינלעכן נאָמען. די שכנה, מרס. גאָלדמאַרק, לייענט איר פּאָר נעמען פון דער „סאָסייעטי־פּעידזש" פון אַן ענגלישער צייטונג — עלמער, דזשעימס, אָסוואַלד, רופּערט, דעלמאָר... ס'אַ שיינער נאָמען — „דעלמאָר" — באַמערקט עלסי (דאָס איז, אגב, דער נאָמען פון מחבר אַליין, דעלמאָר שוואַרץ), אָבער מרס. עדנאַ גאָלדמאַרק לייענט ווייטער: מיטשעל, טרעיסי, נאָרמאַן, ראַלף, וואַשינגטאָן, קריסטאָפער... עלסין געפעלן די נעמען, אָבער זי איז ניט זיכער, צי זיי וואָלטן זיך געפּאַסט צו „פיש" — וואַשינגטאָן פיש? קריסטאָפער פיש? ניין, זי וויל האָבן עפּעס אַ פּאַסיגערן און אַן אומגעוויינלעכן קלאַנג אין נאָמען.

אין דער ווייטערדיקער פּלוידעריי זאָגט איר עדנאַ גאָלדמאַרק, אַז זי ווייסט אַלצדינג וועגן די „פיר הונדערט", וואָס זיי טוען, וואוהין זיי פאָרן. אָט, למשל, די טאַלבאָט ברוסטערס, וואָס ווערן דאָ דערמאָנט אין דער צייטונג, פאָרן אַוועק אין יאַנואַר קיין פלאָרידע. מר. ברוסטער האָט אַ מאַיאָנטעק אין טאָל שענאַנדאָא...

— ס'אַראַ וואונדערלעכער נאָמען: שענאַנדאָא פיש! — רופט זיך אָפּ עלסי.

דאָ הייבט דאָס קינד אָן שרייען, און דער געשריי הערט ניט אויף אין דער גאַנצער ווייטערדיקער האַנדלונג. מרס. גאָלדמאַרק באַמערקט, אַז דאָס איז, אייגנטלעך, אַ נאָמען ניט פון אַ פּערזאָן, נאָר פון אַן אָרט, אָבער דער נאָמען איז אינטערעסאַנט. און עלסי זאָגט: ששש, בעיבי, דו האָסט אַזאַ שיינעם נאָמען.

אַזוי בלייבט דאָס: דאָס קינד וועט הייסן שענאַנדאָאַ פּיש. דער מאַן, וואָלטער, שטימט־איין; אויך זיינע משרתים, וואָס חנפענען אים, און אַלע קרובים. אָבער עלסי האָט אַ ברודער, בייטן, אַ דאָקטאָר, דאָס שיינדל אין דער משפּחה, און ווען בייטן קומט אָן און דערוויסט זיך וועגן דעם נאָמען, וואָס מען האָט אויסגעקליבן פאַר זיין פּלימעניק, ווערט ער אָן אויפגעקאָכטער: „ווי אַזוי האָט דיר גאָר געקאָנט קומען אין קאָפּ אַזאַ נאַרישער נאָמען? — שרייט ער צו דער שוועסטער. און ער נעמט טענהן, אַז אַזאַ נאָמען וועט אומגליקלעך מאַכן דאָס קינד אויף דעם גאַנצן לעבן, עס וועט זיין אַ חוזק.

דער רייכער שוואָגער, וואָלטער פּיש, באַליידיקט זיך. ער זעט ניט איין, אַז דער נאָמען שענאַנדאָאַ זאָל זיין אַ נאַרישער; און, נישקשה, ער איז אַזוי גוט ווי אַנדערע, און זיין זון מעג האָבן אַן אומגעוויינלעכן נאָמען.

עס ווערט אַ קריגעריי, אַ סקאַנדאַל. דאָ קומט אָן דער ראַבאַי, דר. עדעמסאָן, אַ רודף־שלום, אַ פּשרה־מאַכער, ווי אַ ראַבאַי דאַרף זיין. דער סוף איז, אַז בייטן גיט זיך אונטער, און דאָס קינד הייבט אָן זיין קאַריערע צווישן דער באַפעלקערונג פון אַמעריקע מיטן נאָמען שענאַנדאָאַ פּיש.

דאָס איז בקיצור דער אינהאַלט פון דער קאָמעדיע. מען קען וועגן דער פּיעסע האָבן פאַרשיידענע מיינונגען, אָבער די טעמע און דער אינהאַלט זיינען געוויס אינטערעסאַנט. די דראַמע איז אָבער אַ סך מער, ווי די מעשה אַליין. דאָס איז אַ פּאָעטישע דראַמע, און די פּאָעזיע קומט מיט אַ געשטאַלט, וואָס איז דאָס זעלביקע קינד, ווי עס וועט זיין אין פינף־און־צוואַנציק יאָר אַרום. די געשטאַלט איז ענלעך צום כאָר, אָדער דעם שליח אין דער אַלט־גריכישער דראַמע. זי באַטייליקט זיך ניט אין דער האַנדלונג און ווערט ניט באַמערקט פון די פּערזאָנען אין דער דראַמע. ביי דעלמאַר שוואַרץ מאַכט די געשטאַלט וויציקע און טיפזיניקע באַמערקונגען און פּירושים אויף דעם, וואָס עס קומט פאָר, און דאָס גיט דער דראַמע צו מער טיפקייט, אַ ברייטערן זין, און פון דער אַנדער זייט, מער הומאָר, און, דער עיקר, אַ פיינע פּאָע־טישע אויסטייטשונג. אין די פּירושים פון דער שענאַנדאָאַ־געשטאַלט האָבן מיר באַרופונגען היסטאָרישע, פילאָזאָפישע און קינסטלערישע. עס באַקומט זיך אַ שאַרפזיניקע קליינע קאָמעדיע מיט אַ זין, וואָס גייט ווייט אַריבער די ענגע גרענעצן פון דער משפּחה פון די ניו־יאָרקער יידישע „אַלראַיט־ניקעס", וואו די קאָמעדיע שפּילט זיך אָפּ.

ווען עס קומט דער מאָמענט דורכצופירן די ברית־צערעמאָניע, פילאָ־זאָפירט שענאַנדאָאַ אַזוי:

וױ טיף עס איז דער ריטואַל:
דען מיט אַ וואונד — קאָן זיין אַ בעסערער צייכן? —
אַ ייד אויף אייביק מאַכט מען פון דעם קינד!
גיך לערנט מען אים אויס, ווי ער מוז לעבן,
אַ יורש פון לאַנג־דויערדיקן פּיין:
בין איך מגזם, קוק איך אויף צוריק
אויף היטלערס אויפקום?
עדות זאָגט די וועלט־געשיכטע
אויף דער אַגאָניע פון דעם אויסדערוויילטן פאָלק, —
געווײַלט אויף וואָגלעניש און אויף פאַרפֿרעמדונג
אין יעדן לעבן און אין יעדן לאַנד.

ווען עס דערהערט זיך אַן אויסגעשריי פון גרויסן ווייטיק, זאָגט אויף דעם שענאַנדאָאַ (און מיט דעם ענדיקט זיך די פּיעסע):

„זיי שטיל, אַ קינד, דען אויב אַ מעסער מאַכט דיך צום וויינען, וואָס וועסטו טאָן, ווען דו וועסט מוזן שטאַרבן? ווען דער פאַרשטאַנד וועט אויס־שרייען אין גוף: ייד בין איך? ווען די גרוילן פון היינטיקן לעבן וועלן זיין דיין איינציקער וואוין־אָרט? ווען דער שטאַרבנדיקער מערב וועט באַגיין אומבאַשרייבלעכע זינד אַנטקעגן דעם כבוד פון מענטש, אין די אויגן פון גאָט? כאָטש פון צייט צו צייט, ווי די ריינע גרויע שאָטנס פון פרימאָרגן, ווייס מען פון פאַרבייגייענדיקער באַפרייאונג, אין די שפּילן פון טונקל־געוואָרענעם טעאַטער..."

דעלמאָר שוואַרצעס „שענאַנדאָאַ" האָט אַלע סימנים פון אַן אויטאָביאָ־גראַפישער פּיעסע, און אויטאָביאָגראַפישער מאַטעריאַל איז פאַראַן אויך אין אַנדערע זיינע שריפטן. אינטערעסאַנט איז אויך אַזאַ אָריגינעלער מעטאָד ביי אים. אין „שענאַנדאָאַ" האָבן מיר דעם צוקונפטיקן מענטש, וואָס קוקט אויף דעם ניי־געבאָרענעם קינד, וואָס דאָס איז ער אַליין. אין אַ צווייטער פּיע־סע קוקט אַ מענטש אין טעאַטער, אויפן לייוונט, אויף אַ פאַרליבט פּאָרל, וואָס וועט ווערן זיינע עלטערן. מיט אַזאַ מעטאָד באַקומט דער פּאָעט אַ בייעם מיטל צו פאַרבינדן אָפּגעטיילטע מאָמענטן, אָפּגעזונדערטע געשעענישן און געבן זיי אַ דיכטערישע אויסטייטשונג.

דעלמאָר שוואַרץ איז געבאָרן געוואָרן אין 1914, אין דעם יאָר, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע וועלט־מלחמה, און דאָס דערמאָנט שע־נאַנדאָאַ אין סאַמע אָנהייב פון דער פּיעסע, וואָס טראָגט דעם נאָמען. דער

פּאָעטישער זין פון דער פּיעסע איז דאָס, וואָס מענטשן פון דעם וואַנדער־פאָלק טראָגן דאָ אויף זיך דעם טרויעריקן צייכן ניט נאָר פון זייער אייגענער אייביקער טראַגעדיע פון וואָגל, נאָר פון דעם וואָגל, פון אויסגעוואָרצלטקייט פון אַלץ און אַלעמען.

דעלמאָר שוואַרץ איז אַרויסגעוואַקסן און איז רייף געוואָרן ווי אַ פּאָעט אין דער צייט צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה, אין יענער טונקעלער צווישן־צייט פון אומרו, ווען אַלצדינג איז צעמישט און פאַר־טונקלט געוואָרן, ווי פאַר אַ געוואַלטיקן שטורעם. ער געהערט אָבער ניט צו די פאַרלאָרענע, צו די אומגלויביקע, הגם ער איז אויך ניט צווישן די פאַנאַטיקער, וואָס באַרואיקן זיך מיט פּאַרטיקע ענטפערס אויף די פּיינלעכע פראַגן פון דער צייט. ער פאַרמאָגט ניט נאָר אַ גרויסן דיכטערישן און לי־רישן טאַלאַנט, נאָר אויך זייער אַ סך וויסן און קולטור, פיינעם הומאָר און אָפענע אויגן פאַר אַלצדינג אין היינטיקן לעבן. דעלמאָר שוואַרץ איז אויך עכט־מאָדערן מיט דעם, וואָס ער איז אין גאַנצן פריי פון אַלע ריין־פּאָעטישע אָבערגלויבנס. ער איז אויך אַ קריטיקער.

ער האָט אָנגעשריבן אַ סך לידער, דערציילונגען, עסעיען און פיר דראַ־מעס. די מערסטע שריפטן זיינע זיינען ביז איצט געווען ליריש און אויטאָ־גראַפיש; אָבער, ווי קרעימבאָרג באַמערקט, טרעט ער אין זיי אַריבער די גרענעצן פון פּערזענלעכן און צייטלעכן, און די זאַכן באַקומען אַן אַלגעמיינע באַדייטונג און ווערט.



# אָמאַר כאַיאַם און זיין „רובאַיאַט״

אַ דאַנק דער געניאַלער איבערזעצונג פון עדוואַרד פיצדזשעראַלד (1809-1883) האָט אָמאַר כאַיאַם, דער פּערסישער דיכטער־אַסטראָנאָם, אין אייראָפּע און אַמעריקע אַריבערגעשטיגן אין רום אַלע אַנדערע פּערסישע דיכטער צוזאַמענגענומען. באַזונדערס גרויס איז אָמאַר כאַיאַמס פּאָפּולאַריטעט אין די לענדער פון ענגלישער שפּראַך. דאָ זיינען אין משך פון די לעצטע פופציק יאָר פאַרשפּרייט געוואָרן מיליאָנען קאָפּיעס פון פיצדזשעראַלדס „רובאַיאַט״ אין הונדערטער פאַרשיידענע אויסגאַבן. אין די מערסטע ענגלישע און אַמעריקאַנער היימען, וואו מען האַלט בכלל ביכער אין אַ שראַנק, געפינט זיך אויך אַן עקזעמפּלאַר פון אַ שיינער אויסגאַבע פון „רובאַיאַט״. עס איז דאָ אַנטשטאַנען אַן אמתער אָמאַר כאַיאַם קולט. עס האָבן זיך געגרינדעט אָמאַר כאַיאַם געזעלשאַפטן, וואָס גיבן אַרויס פּריוואַט אַלערליי מאַטעריאַלן, וואָס האָבן צו טאָן מיט כאַיאַם פאָרשונג און מיט פיצדזשעראַלדן. וויניקסטנס צוויי מוזיקער האָבן געשריבן מוזיק צו כאַיאַמס סטראָפן. אַ סך אילוסטראַטאָרן האָבן באַצירט דעם טעקסט. עס זיינען געמאַכט געוואָרן דראַמאַטיזאַציעס פון „רובאַיאַט״. כאַיאַם ענטוזיאַסטן האָבן ספּעציעל זיך אויסגעלערנט פּערסיש, כדי צו קענען לייענען אָמאַרן אין אָריגינאַל און אַליין אים פּרוּוון איבערזעצן. עס זיינען, חוץ פיצדזשעראַלדס, שפּעטער אַרויסגעגעבן געוואָרן וויניקסטנס נאָך אַ פּאָר טוץ באַקאַנטע איבערזעצונגען אין ענגליש פון אַנדערע, אין פערזן און אין פּראָזע. אין דער איבעריקער אייראָפּע איז כאַיאַמס פּאָפּולאַריטעט אויך געשטיגן. הגם ניט אַזוי שנעל. אַ סך איבערזעצונגען זיינען דערשינען אין דייטש און פראַנצויזיש. אין דעם איצטיקן מאָמענט איז אָמאַר כאַיאַמס „רובאַיאַט״ איבערגעזעצט אין די פאָלגנדיקע לשונות: ענגליש, דייטש, פראַנצויזיש, רוסיש, דעניש, האָלענדיש, אונגאַריש, שפּאַניש, איטאַליעניש, אירלענדיש, גייליש, אוקראַיניש, עספּעראַנטאָ, טערקיש, ציגיינעריש, לאַטייניש, העברעאיש און יידיש.

די סיבה פון אַזאַ אומגעהייערן רום פון אַן אָריענטאַלישן דיכטער־דענקער און גראָד אין די לענדער מיט אַזאַ אַגרעסיוון גייסט, ווי ענגלאַנד און אַמעריקע, ליגט קודם כל אין דער מייסטערשאַפט פון פיצדזשעראַלדס איבערזעצונג. אייגנטלעך קען מען די אַרבעט ניט אָנרופן אַן איבערזעצונג אין דעם שטרענגן זין פון וואָרט; זי האָט דאָס אויך ניט געקענט זיין, פּשוט צוליב

דעם, וואָס אין איר אָריגינאַל איז גאָר ניטאָ אַזאַ פֿאָעמע. כאַיאַמס פֿערזן אין פּערסיש זיינען איינצלנע, פֿאַרענדיקטע און באַזונדערע פֿיר־האַלב־שורהדיקע סטראָפֿן, ענלעך צו עפּיגראַמען, „רובאַיען", וואָס האָבן אין די זאַמלונגען קיין שום פֿאַרבינדונג ניט און געפֿינען זיך ניט אין קיין שום סדר, חוץ וואָס זיי זיינען, ווי דער שטייגער איז אין אַלע „דיוואַנען" (זאַמלונגען פֿון פּערזן ביי פּערסישע דיכטער), אַראַנזשירט אַלפֿאַבעטיש, לויט דעם לעצטן אות פֿון גראַם ביים סוף פֿון שורה.

דאָס האָט פֿיצדזשעראַלד פֿון די באַזונדערע קליינע שנירלעך פּערל גע־מאַכט דאָס וואונדערלעכע שטיק צירונג, וואָס איז איצט אַ באַליבטע קלאַסישע פּאָעמע אין דער ענגלישער שפּראַך. ער איז פּאָפּולערער פֿון אַ סך פֿון די באַ־קאַנטסטע ענגלישע דיכטער און ווערט מער פֿון זיי געלייענט. פֿון אַ פּאָר צופֿעליקע מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען אים געקומען צו דער האַנט, האָט ער ניט נאָר באַלד דערזען און דערפֿילט אַ דיכטער נשמה, וואָס איז אים געווען אייגן, נאָר האָט פֿון אָמאַרס שטאַרק פֿאַרלאָזענעם און פֿאַרגעסענעם גאָרטן צונויפֿגעקליבן און אָפּגעפֿרישט דעם בעסטן בוקעט און האָט אָמאַרן אין מערב אויפֿגעשטעלט אַ גרויסן מאָנומענט, וועלכן דער אָריענטאַלישער חכם און דיכטער און גרויסער עניו האָט זיכער אַליין קיינמאָל ניט געחלומט צו באַ־קומען אין מזרח.

כאַיאַם האָט אין זיין לאַנד און אין זיין צייט געשמט פֿאַר דעם גרעסטן געלערנטן, — פֿילאָזאָף, מאַטעמאַטיקער, אַסטראָנאָם, מעדיקער און קענער פֿון די הייליקע שריפֿטן. עס איז ניט געווען דער צווייג פֿון וויסן, אין וועלכן ער איז ניט געווען אַן אויטאָריטעט. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען אַסטראָנאָ־מיע און מאַטעמאַטיק. ער איז אפֿשר אין זיין צייט געווען איינער פֿון די גרעסטע געלערנטע אויף דער גאַנצער וועלט, ווייל אין אייראָפּע איז אין יענער צייט (אין עלפֿטן און צוועלפֿטן יאָרהונדערט) געווען שטאָק־פֿינצטער, און נאָר אויפֿן מאַכמעדאַנישן מזרח, אין אַראַביע און פּערסיע, און ביי די דרום־אייראָפּעאישע יידן, האָט העל געשיינט די זון פֿון מענטשלעכן וויסן און מענטשלעכער קולטור.

אָמאַרס תלמיד און גרויסער פֿאַרערער, ניזאַמי אַרוזי פֿון סאַמאַרקאַנד, רופֿט אים אָן „דער באַווייז פֿון אמת" און רעדט וועגן אים מיטן גרעסטן יראת הכבוד. ער זאָגט, אַז ער האָט קיין גרעסערן מענטשן פֿון אים אין ערגעץ אויף דער וועלט ניט געקענט.

און אָט דעם „באַווייז פֿון אמת" האָט די געשיכטע געמאַכט גראָד פֿאַר איינע פֿון די גרעסטע לעגענדעס אין דער וועלט־ליטעראַטור. מיט אַזוי פֿיל פֿאַרשיידענע לעגענדעס איז זיין אמתע געשטאַלט אַרומגעוועבט געוואָרן באַלד נאָך דעם, ווי ער האָט, אין 1123, „פֿאַרבאָרגן זיין פּנים אין שטויב", אַז נאָך

עד היום איז די אָריענטאַליסטן און כאַיאַם־פאָרשער ניט געלונגען פונאַנ־דערצופלאָנטערן דאָס געוועב, און דאָס וועט אפשר קיינמאָל ניט באַוויזן ווערן.

דער גאַנצער אָמאַר כאַיאַם באַדן אין דער ליטעראַטור איז אַ צוזאַמענ־פלעכט פון אמת און לעגענדע. יעדעס פאָלק, און באַזונדערס דאָס פּערסישע פאָלק, האָט אַלעמאָל ליב געהאַט אַרומצואוועבן דעם נאָמען פון זיינעם אַ גרויסן מענטשן מיט אַן אָרעאָל פון שיינע לעגענדעס. שוין די ערשטע ידיעות וועגן אָמאַר כאַיאַמען, וואָס זיינען צו אונז דערגאַנגען, פון דעם אויבנדערמאָנטן ניזאַמי אַרוזי, זיינען אַ געמיש פון לעגענדע און היסטאָרישן פאַקט. און מערק־ווירדיק איז, אַז וואָס מער מען האָט געפאָרשט און אַנטדעקט נייע מאַטעריאַלן וועגן דעם פּערסישן דיכטער־דענקער, פון זינט דער ערשטער אויסגאַבע פון פיצדזשעראַלדס פּאַראַפראַזירונג אין יאָר 1859, אַלץ מער איז געשטיגן די לעגענדאַרישקייט פון אָמאַר כאַיאַם.

בקיצור איז די געשיכטע פון כאַיאַמס אויפקום אין מערב אַזאַ:

צום ערשטן מאָל ווערט אָמאַר כאַיאַם דערמאָנט אין אייראָפּע אין אַ ווערק וועגן רעליגיע אין פּערסיע, פון דר. טהאָמאַס הייד, אין 1700. דאָרטן איז איין פערז איבערזעצט אויף לאַטייניש. אין 1817 האָט דער באַרימטער ווי־נער אָריענטאַליסט פון האַמער־פּורגשטאַל אין אַ פּערסישער אַנטאָלאָגיע גע־געבן איבערזעצונגען פון אַ פּאָר צענדליק אָמאַרס רובאַיען. ער רופט אים אַן דער פּערסישער וואָלטער. אין כמעט דערזעלביקער צייט זיינען דערשינען איבערזעצונגען פון אָמאַר און ווערק וועגן פּערסישער פּאָעזיע און פּאָעטיק פון פרידריך ריקערט. שפּעטער האָבן באַדענשטעטט און פאָן שאַק געגעבן איבערזעצונגען פון גרעסערע קאָלעקציעס פון „רובאַיאַט". אין דער לעצטער צייט זיינען דערשינען אַ סך נייע איבערזעצונגען פון דעם פראַנצויזישן טעקסט פון ניקאָלאַ, פון פיצדזשעראַלדן און אויך פון פּערסישן אָריגינאַל.

אין פראַנקרייך איז אין 1867, אַכט יאָר נאָך פיצדזשעראַלדס ערשטער אויסגאַבע, דערשינען די ערשטע פולשטענדיקע איבערזעצונג פון אַ גרעסערן מאַנוסקריפּט פון „רובאַיאַט", 464 רובאַיען, געמאַכט פון ניקאָלאַ. די אַרבעט ווערט געהאַלטן פאַר אַ קלאַסיש ווערק אין דער כאַיאַם ליטעראַטור, און אַ סך איבערזעצונגען זיינען געמאַכט געוואָרן פון איר. שפּעטער זיינען דערשינען נאָך אַנדערע פראַנצויזישע איבערזעצונגען.

פיצדזשעראַלד האָט געהאַט פאַר זיך צוויי מאַנוסקריפּטן, צוערשט איינעם מיט 158 פערזן, וואָס זיין פריינט און לערער פּראָפעסאָר קאוועל האָט אַנטדעקט ניט קאַטאַלאָגירט אין אַ ביבליאָטעק, און וואָס איז געחתמעט פון דעם איבער־שרייבער אַזוי: „איבערגעשריבן פון גאָטס קנעכט מאַכמוד יערבודאַקי, וואָס בייטיקט זיך זייער שטאַרק אין גאָטס חסדים, פאַרענדיקט מיט נצחון אין דעם יאָר 867 (1461) פון דער הירזשרא. זאָל אים גאָט אָפּהיטן פון בייז".

פון ניקאָלאַ האָט פֿיצדזשעראַלד גענומען אַ פּאָר פערזן פאַר זיין דריטער אויסגאַבע (1872). ער פּאָלעמיזירט דאָרטן אין דעם פאָרוואָרט מיט ניקאָלאַ וועגן דער פאַרטייטשונג פון אָמאַרס כאַראַקטער און אָמאַרס טעקסט.

אין דעם טייל פון אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישער ליטעראַטור, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט פּערסישער דיכטונג, איז די גאַנצע צייט אָנגעגאַנגען אַ שטרייט וועגן אָמאַר כאַיאַמס „רובאַיאַט". די פאַרשיידנסטע און ווידערשפּרעכלעכסטע מיינונגען זיינען דאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרן. פאַר אייניקע איז ער געווען דער ציניששטער און גאָטלאָזיקסטער שרייבער. שוין פאָן האַמער־פּורגשטאַל איז צו אים געווען זייער אומפריינטלעך (עמערסאָן האָט פון פאָן האַמערס אַנטאָלאָגיע איבערזעצט אַ פּאָר רובאַיען פון כאַיאַם און האָט, מיט זיין וואונדערלעכן איינבליק אין זאַכן, פאָראויסגעזאָגט, אַז אָמאַרס אויפשטייגענדיקער שטערן וועט באַלד פאַרשטעלן די אַנדערע פּערסישע דיכטער. דאָס איז געווען לאַנג פאַר פֿיצדזשעראַלדס אַרבעט). מען האָט אים אַטאַקירט אויפן שאַרפסטן אופן. פאַר אַנדערע ווידער איז אָמאַר געווען פונקט דער היפּוך: אַ הייליקער, וואָס האָט אַליין באַקעמפט דעם ציניזם און די געזונקענקייט פון זיין דור און סביבה. פאַר דעם פראַנצויז ניקאָלאַ, אַ מענטשן מיט אַ שטרענגען פּוריטאַנישן גייסט און מיט ווייניק הומאָר, וואָס איז אַליין, אונטער דער ווירקונג פון דער פּערסישער מיסטישער דיכטונג, געוואָרן אַ סופי (מיסטיקער), איז אָמאַר געווען אַ סופיסטישער דיכטער ווי די אַנדערע גרויסע פּערסישע פּאָעטן פון זיין צייט און ביז האַפיזן. אין זיין געוויסנהאַפּטיקער איבערזעצונג פאַרטייטשט ניקאָלאַ אָמאַרס טעקסט לויט דער סופיסטישער פראַזעאָלאָגיע, לויט וועלכער די אויסדרוקן „ווייַן", „שכרות", „ליבע", „געליבטער" א. אַז וו. זיינען נאָר אַטריבוטן פון גאָטהייט און אַלערליי מיסטישע וועגן צו און פון גאָט. וואו די געפאַר פון אַפּיקורסות איז אין טעקסט צו שטאַרק, און ניקאָלאַ קען זיך ניט העלפן, גיט ער כאָטש אַ באַמערקונג, אַז, פאַרשטייט זיך, האָט דאָ אָמאַר געמיינט די גאָטהייט.

דער אמת איז, אַז כאַיאַם איז באַין אופן ניט געווען קיין אָנהענגער פון דער סופי סעקטע. ער, אַזוי ווי זיין רבי, דער גרויסער פּערסישער פילאָזאָף און מעדיקער איבן סינאַ, אָדער אַוויצענאַ, איז געווען אין דער דאַמאָלטיקער האַלב־באַרבאַרישער סביבה פון רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ און דאָגמאַטיזם, דער פאַרטרעטער פון גריכישער פילאָזאָפיע, פון סקעפּטיס, רעאַליזם און פרייער פאָרשונג. דערצויגן אויף דעם סעמיטישן מאָנאָטעאיזם, האָט ער אין זיך אַריינגענומען עלעמענטן ניט נאָר פון די אַלט־פּערסישע און אינדישע מיסטיקער, נאָר אויך פון די גריכישע פילאָזאָפישע סיסטעמען. די אייניקע מיסטישע רובאַיען ביי אים זיינען נאָר אַ באַווייז, אַז ער איז ניט געווען, און האָט ניט געקאָנט זיין, קיין אַטעאיסט און גאָט־באַקעמפער.

ער איז געווען אַ מענטש פֿון וויסן און אמת קודם־כּל, אַ דענקער און אַ פֿאָרשער, וואָס האָט געפֿאָרשט די הימלען און האָט גאָרניט געפֿונען פֿאַר דעם מענטשן, חוץ די ערד; אַ דיכטער, וואָס האָט נאָר אויף אַזוי ווייט איינגעשטימט מיט די סופֿים, אַז גאָטהייט איז „אַל־כאַק", „דער אמת". זיין אינערלעכע צעריסנקייט, די אומגליקן פֿון זיין פּערזענלעכן לעבן און פֿון דעם לעבן פֿון זיין גרויסן קולטור־רייכן און פֿיל געפּרוּווטן און דאָך אַזאַ לעבנס־לוסטיקן פֿאָלק, די פֿאַרפֿאָלגונגען, וואָס ער האָט געמוזט אויסשטיין אין משך פֿון זיין גאַנצער קאַריערע מצד אַלערליי פֿאַלשע פּרומאַקעס און גאָטס סטראַפּטשעס פֿון צווישן די זעלביקע סופֿים און דערווישן, ווי פֿון דער מאַכמעדאַנישער אָרטאָדאָקסיע, וועלכע ער, דער גרויסער און איינזאַמער חכם, דער מענטשלעכסטער און מיטליידפֿולסטער דיכטער, האָט געמוזט פֿיינט האָבן מיט דער טיפֿסטער שנאה, — דאָס אַלץ איז גענוג צו דערקלערן אַ סך פֿון די סתירות, אויף וועלכע מען שטויסט זיך אָן אין די „רובאַיען", וואָס זיינען נאָך אים געבליבן.

אָמאַרס צייט איז גראָד געווען די צייט פֿון דעם אויפֿבלי פֿון דער פּערסישער ליטעראַטור און דיכטונג. ער איז געבוירן געוואָרן אין דער צווייטער העלפֿט פֿון עלפֿטן יאָרהונדערט, מיט הונדערט יאָר נאָך פֿירדוסין, דעם פּערסישן האָמער, וואָס האָט ביי די פּערסיער אויפֿגעוועקט זייער נאַציאָנאַלן גייסט. אָבער צו אָמאַרס צייט, כאָטש די דיכטונג האָט זיך רייך צעבליט און האָט געגעבן שפּעטער אַזעלכע ערשטקלאַסיקע שטערן, איז זי אָבער, צוליב דעם רעליגיעזן פֿאַנאַטיזם און פּאָליטישע סיבות, געווען, צוגלייך מיט דער טעאָלאָגיע, טיף געזונקען מאָראַליש. דער רוסישער אָריענטאַליסט זשוקאָווסקי טיילט איין די קלאַסישע צייט פֿון פּערסישער דיכטונג אין דריי פּעריאָדן: דער עפּישער, דער פּאַנעגירישער און דער מיסטיש־דידאַקטישער. אָמאַר האָט געהאַט פֿאַר זיך דיכטער פּאַנעגיריקער. די דיכטונג איז געוואָרן אַ דינסט ביי די שטאַרקע, ביי די אַלערליי מושלים, סולטאַנען און מיניסטאָרן, אָפּטמאָל מושלים אויף אַ טאָג. און דאָס האָט די שיינע און יונגע פּערסישע דיכטונג שטאַרק דעגראַדירט און געמאַכט פֿון איר אַ שפּילכל אין די הענט פֿון די אַמאָל טאַלאַנטפֿולע בעל־מאכות, אָבער זייער אָפּט מאָראַליש געזונקענע און איבערגעפּירטע מענטשן, וואָס האָבן אָפֿן צוגעגעבן, אַז זיי וועלן מיט זייער וואָרט לויבן זייערע באַשיצער און שלאָגן זייערע שונאים, אָדער די, וואָס וועלן זיי ניט וועלן טאָן קיין טובות. פּערסיש איז זייער אַ מוזיקאַלישע שפּראַך און איז אויסערגעוויינלעך רייך אין גראַמען. עס איז דעריבער בכלל לייכטער געווען צו שרייבן פּערזן, איידער פּראָזע אויף פּערסיש. האָבן מאַסן דיכטער אָנגעשריבן גאַנצע בערג מיט אַלערליי פּערזן, מערסטנס נאָך איין שאַבלאָן.

נאָך טיפער געזונקן זיינען די אַלערליי דאַמאָלטדיקע כלי־קודש, פּראָ־ פעסיאָנעלע און פרייוויליקע, די עם־הארצישע „צוויי און זיבעציק סעק־ טעס", וועגן וועלכע עס ווערט דערמאָנט אין איין רובאַי. אַ סך פון זיי האָבן נאָר לפּנים געגעבן זייערע ווערטער „וויין", שכרות" א. אַז .וו., אַ מיסטיש־ פרומען פּירוש, און געמיינט האָבן זיי טאַקע פּשוטע ערדישע זאַכן.

קעגן אַט די אַלע פאַלשקייטן אין דער טעאָלאָגישער און דיכטערישער וועלט, קעגן דעם רעליגיעזן יאַריד, פּונקט ווי קעגן דער דאָגמע פון רעליגיע, איז אָמאַר אויפגעשטאַנען. ער האָט רעוואָלטירט קעגן ליגן אין אַרומיקן לעבן, אָבער אויך קעגן די פּרעטענזיעס פון דער וויסנשאַפט, פון וועלכער ער אַליין איז געווען דער גלענצנדסטער פאַרטרעטער, און פון טעאָלאָגיע, אין וועלכער קיינער איז ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי ער. ער האָט דער־ קלערט אונזער מענטשלעכן שכל פאַר פולשטענדיק באַנקראָט. און נאָך אַכט הונדערט יאָר פון אַזעלכע גרויסע נצחונות פון מענטשלעכן וויסן, האָט דאָך ספּענסער נאָר ווידערהאָלט אָמאַרס ווערטער: מיר ווייסן ניט. אַגנאָסטיציזם, סקעפּטיציזם, דערפירט ביז צו די לעצטע לאָגישע שלוסן — דאָס איז כאַ־ ראַקטעריסטיש פאַר אָמאַרן.

די סופים אין זיין צייט איז ער געווען אַ דאָרן אין אויג. זיי האָבן אים ניט געקאָנט ניט אויסשפּייען, ניט אַראָפּשלינגען. זיי האָבן געציטערט פאַר זיין שאַרפן וואָרט, פאַר זיין קלאָרן פאַרשטאַנד און חריפות. ער, ווידער, האָט געהאַט אַלע אורזאַכן זיך צו היטן מיט זיינע רייד, און ער איז בכלל געווען אַ צוריקגעצויגענער, אַ גרויסער שוויגער, און האָט, ווי די ביאָגראַפן גיבן צו פאַרשטיין, ניט גערן געלערנט אין דער עפנטלעכקייט און ניט גערן געשריבן. דאָס דערקלערט, פאַרוואָס ער איז געווען אַזוי פּאָפּולער, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער איז געווען אַזוי גרויס. די גאַנצע סביבה איז געווען קעגן זיין גייסט.

אַ שפּעטערדיקער שרייבער דערציילט, אַז ער איז געווען „פאַרגרייזט אין אומפאַרשעמטסטן אומגלויבן". און ער ברענגט אַ פּאָר רובאַיען, וואו אָמאַר צווייפלט אין די עיקרים פון גאָטס באַשאַף. פאַר יענער צייט איז דאָס געווען אַ שרעקלעכע עבירה. ע. ה. ווהינפילד, אַ באַקאַנטער כאַיאַם פאָרשער און דער אויטאָר פון אַ גוטער ענגלישער איבערזעצונג פון אָמאַרס רובאַיען, חידושט זיך, וואָס ער האָט בכלל געקענט בלייבן לעבן אין יענער צייט און נאָך אין זיין שטאָט נעשאַפּור, וואָס איז גראָד געווען דער צענטער פון די ווילדסטע טעאָלאָגישע אָרגיעס פון די „צוויי און זיבעציק סעקטעס", וואָס דאָס איז דערגאַנגען ביז צו אַ בלוטיקן בירגער־קריג. און י. מ. ק. שי־ ראַזי, דער אויטאָר פון אַ ניט לאַנג צוריק דערשינענער ביאָגראַפיע פון אָמאַר כאַיאַם, זאָגט עדות, אַז עס איז אין יענער צייט געווען גענוג אַ וואָרט

אויף עמיצן, אַז ער איז ניט אַזוי פרום, און אַ צערייצטער המון זאָל אַזאַ מענטשן צערייסן אויף שטיקער.

און ניט קוקנדיק אויף דעם, זיינען אין רובאַיאַט פאַרבליבן פערזן, וואָס זיינען די אָפנסטע און ביטערסטע סאַטירע אויף די דעמאָלטיקע פרומאַ־קעס און דערווישן. פונדעסטוועגן דערציילן נאָך אַנדערע שרייבער פון יענע צייטן, אַז אָמאַר „האָט אומזיסט זיך געמיט צו פאַרבאָרגן זיין אומגלויבן". און אַז ער האָט אַפילו אונטערגענומען אַ נסיעה קיין מעקא, כדי אויסצו־בעסערן זיין רעליגיעזע רעפּוטאַציע. צי דאָס האָט אים אַ סך געהאָלפן, ווייסן מיר ניט. מיר ווייסן בכלל זייער ווייניק וועגן זיין לעבן, ווייל ער ווערט אין די ערשטע אַנדערהאַלבן הונדערט יאָר נאָך זיין טויט כמעט אין גאַנצן ניט דער־מאָנט, און דער מאַנוסקריפּט פון 158 פון זיינע פערזן איז דאַטירט מיט דריי הונדערט און פופציק יאָר שפּעטער.

די איבערשרייבער פון אָמאַרס פערזן האָבן אויך אַ סך בייגעטראָגן צו דעם, אַז עס זאָל פאַרלוירן ווערן אָמאַר כאַימס אידענטיטעט. די טעקסטן פון אַלערליי מאַנוסקריפּטן זיינען זייער שטאַרק פאַרשיידן אין דער צאָל פערזן (פון עטלעכע און זיבעציק ביז צוועלף הונדערט), און אָפטמאָל אויך אין די ווערטער גופא. עס איז מעגלעך, אַז דער אויבנדערמאָנטער אָרימער מאַכמוד האָט, פאַרענדיקנדיק זיין איבערשרייבונג „מיט נצחון", זי אויך פאַרענדיק מיט אַ פּאָר וויכטיקע גרייזן, ווי די אַנדערע קאָלעגן זיינע. די שפּעטערדיקע סופים האָבן ביי אָמאַרן געפונען אייניקע ערטער, וואָס האָבן זיך געלאָזן אַדאָפּטירן, און זיי האָבן גענומען מאַכן פון אָמאַרן אַ סופי, אַן אייגענעם, דורך מיסטישע אויסטייטשונגען פון זיינע ווערטער. אַ סך פון די איבערשרייבער זיינען אַליין געווען פאַנאַטישע סופים און האָבן אויף זייער אייגענער אחריות פאַרקריפּלט דעם טעקסט. עס זיינען אינגאַנצן פאַראַן נאָר אייניקע געציילטע מאַנוסקריפּטן, אויף וועלכע מען קאָן זיך ערשט ניט פאַרלאָזן.

אַ נייע ווענדונג אין דער כאַיאַם פאָרשונג האָט געגעבן דער באַקאַנטער רוסישער אָריענטאַליסט וואַלענטין זשוקאָווסקי, אין זיין באַרימטער אַרבעט: „אָמאַר כאַיאַם און די וואַנדערנדיקע רובאַיען" (פּעטערבורג, 1897). ער האָט אויפגעדעקט די לעגענדאַרישקייט פון אַ סך פאַקטן, וואָס ווערן אָנגעגעבן וועגן אָמאַרס לעבן און האָט אויך אויסגעפונען, אַז 82 רובאַיען, וואָס גע־פינען זיך אין אָמאַרס „רובאַיאַט", געפינט מען אויך אין די „דיוואַנען" (זאַמלונגען) פון אַ סך אַנדערע דיכטער, סיי פון אָמאַרס צייט און נאָך מער ביי די שפּעטערדיקע, ביז צו האַפיזן. דאָס באַווייזט, אַז עס זיינען אין די פאַרשיידענע מאַנוסקריפּטן אַריינגעשריבן געוואָרן פרעמדע פערזן. אַמאָל האָט דאָס געטאָן אַ קעגנער, אַלס אַן ענטפער אויף אַ באַשטימטן פערז,

מיט וועלכן ער האָט ניט איינגעשטימט. אין אָמאַרס אייגענער צייט איז גע־ווען אַ דיכטער מיט אַ סך אַ באַשיידענערן טאַלאַנט, אָבער אַן אויפריכטיק פרומער און איבערצייגטער קעגנער פון אָמאַר כאַיאַם, וואָס האָט זיך צוריק־געצויגן פון דער וועלט און האָט געמאַכט פאַר זיין לעבנס אַרבעט צו באַ־קעמפן אָמאַר כאַיאַמען מיט וואָרט. זיין נאָמען איז געווען איבן יעמין, און עס איז ניט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, אַז אויך זיינע מיטלמעסיקע פערזן זיינען אַריינגעפאַלן אין אָמאַרס „רובאַיאַט״.

וועגן זייער אַ סך רובאַיען איז איצט אוממעגלעך צו זאָגן, ווער זייער מחבר איז געווען. נאָר וועגן אַ באַשרענקטער צאָל קען מען באַשטימט זאָגן, אַז זיי זיינען אָמאַרס. די עטלעכע מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען געפונען גע־וואָרן ביז איצט זיינען, ווי מיר האָבן שוין געזען, זייער פאַרשיידן אין דער צאָל פערזן — פון 60 ביז 1,200.

נעמענדיק אָבער דעם קערן פון אָמאַר כאַיאַמס „רובאַיאַט״, געפינט מען אין אים דעם בעסטן און שענסטן אויסדרוק פון דעם געניוס פון זיין פאָלק. און דאָס פערסישע פאָלק איז אַ ראַפינירט און קולטורעל פאָלק.

אָמאַר כאַיאַמס „רובאַיאַט״ איז אַ טיף נאַציאָנאַל ווערק. דורך כאַיאַמס נשמה זיינען ווי דורך אַ פּריזם דורכגעגאַנגען אַלע אויסשטראַלונגען פון דעם פאָלקס נשמה, אַלע אַספּעקטן פון פערסישן פילן און דענקען, געליי־טערט אין אַ מעכטיקן גייסט.

אין „רובאַיאַט״ געפינען מיר, אינאיינעם מיט די שטענדיקע מאָטיוון פון אָריענטאַלישן פאַטאַליזם, טענער פון פאַרצווייפלונג און יאוש פון אַ נשמה, וואָס צאַפּלט זיך, וואָס רעוואָלטירט צייטנווייז קעגן דעם אומבאַ־וואוסטן מזל, וואָס גיט זיך אונטער — ניט צו מענטשן, נאָר צו גאָט. דער לייט־מאָטיוו פון „רובאַיאַט״ איז אויך „דער טרויער פון דעם הילפלאָזן מענטשן אונטער דעם אומדערבאַרעמדיקן מזל.

„ווי מוז דעספּאָטיש אונזער מזל זיין,<br>וואָס אַכט ניט אויף דעם הילפלאָזן אין פּיין!<br>און פאַלט ער ווען אויף אַ פאַרבלוטיקט האַרץ,<br>שטעכט ער זיין מעסער נאָכאַמאָל אַריין.״

אַ צווייטער מאָטיוו, אַן ענטפער אויפן ערשטן, איז די ראַנגלעניש פון דעם מענטשן פאַר זיין פרייהייט, פאַר זיין נשמה און זיין ווירדע; אַ רע־וואָלט קעגן דער מענטשלעכער און דער געטלעכער אומגערעכטיקייט.

ניט אומזיסט האָט מען אָמאַרן פאַרגליכן מיט בייראָנען. און ניט אומ־זיסט זיינען פיצדזשעראַלדס באַליבטע פּאָעטן אין דער יוגנט געווען מור

(„לאַלאַ רוק") און בייראָן („העברעאישע מעלאָדיעס"). דער צוקונפטיקער פּאַרטייטשער פון אָמאַר כאַיאַם פאַר דער מערבדיקער וועלט האָט אין זיך געטראָגן געגוג באַהאַלטענעם „וועלט־שמערץ" און רעוואָלט אַנטקעגן מענטש־לעכע און געטלעכע יאַרידן.

פיצדזשעראלד איז געווען מער ראַציאָנאַליסט און מאַטעריאַליסט, איי־דער אָמאַר כאַיאַם האָט אין זיין צייט און סביבה געקענט זיין. כאַיאַם האָט אין זיך איינגעזאַפּט סעמיטישע קולטור און מאָנאָטעאיזם צוזאַמען מיט גרי־כישער פילאָזאָפיע. גאָט איז פאַר אים געווען דער אמת. און אַפילו וויסנדיק קלאָר, אַז „די טיר איז צו", און „קיין שליסל וועט ער ניט געפינען", און אַז דער „שלייער וועט זיך ניט אַנטהילן", האָט ער דאָך געמוזט ווייטער פאָרשן אים, זיך ציען צו אים, צו דעם אמת, וואָס איז גאָט.

אָט וואו די סופיס האָבן אים געקענט מאַכן פאַר זייערן אַ צייט נאָך זיין טויט, — ווען נאָר אייניקע פערזן וואָלטן ניט געווען אַזאַ שאַרפער אַרויס־טריט קעגן זייער גלייכן פון אַלע צייטן!

איר געפינט אין כאַיאַמען איובן, ווי, למשל, אין די רובאַיען 78, 79, 84 און אַנדערע. איר געפינט נאָך אָפּטער קהלתן. און מיט וואָס זיינען די צוויי וואונדערלעכע תפילות, רובאַיען 80 און 81, ניט קיין קאַפּיטלעך תהילים, ניט קיין געבעטן פון אַ נשמה, וואָס איז פול מיט עניוות און ליבע?

אַן אַמעריקאַנער געלערנטער האָט געמאַכט אַ זייער אינטערעסאַנטן פאַרגלייך צווישן אָמאַרן און שאָפּענהויערן און האָט אָנגעוויזן, ווי אַזוי, אַרויסגייענדיק פון דיזעלבע פּרעמיסן, מוזן זיי קומען צו פאַרקערטע פּראַק־טישע שלוסן: איינער דורך אידעאַליזם צו באַטראַכטונג און נירוואַנאַ, און דער צווייטער דורך רעאַליזם צו דער פילאָזאָפיע פון אכול ושתה כי מחר נמות.

אין די פאַר הונדערט שורות פון דער מערקווירדיקער פּאָעמע, וואָס גיט כאַיאַמען, אין אַן אַנדער איראָפּעאישן קלייד, ווי ער האָט געקאָנט דערשיינען פאַר אונז, האָבן מיר העל־קלינגענדיקע טענער פון פּשוטער פרייד און ליבע צו דער ערד און ערדישן לעבן. און אַזוי פול איז ער מיט ליבע צו אַלץ, וואָס לעבט.

מען האָט אָמאַרן נאָך פאַרגליכן מיט היינען. ווי אין היינען זיינען אין אָמאַרן פאַרשמאָלצן צוויי עלעמענטן: אַ סעמיטישער און אַן אַריש־העלעניס־טישער. דערביי רוט ביי אים יפת אין געצעלט פון שם. אויב כאַיאַם איז געוואָרן נאָענט רי איראָפּעער, איז ער אונז טאָפּלט נאָענט.

די גרויסע מעלות פון כאַיאַמען דעם דיכטער זיינען גרויסע מעלות פאַר יעדער דיכטונג בכלל: זיין אויסערגעוויינלעך קלאָרע און שאַרפע דיק־

ציע, זיין סטיל, זיין בילדלעכקייט, די וואָגיקייט פון וואָרט און די אויסער־געוויינלעכע מוזיקאַלישקייט, אינערלעכע אַזוי ווי אויסערלעכע. פיצדזשעראַלדס מעטאָד איז געווען דער איינציק מעגלעכער צו געבן דעם פּרסי פאַר דער אייראָפּעאישער וועלט. פיצדזשעראַלד האָט געגעבן געניי דעם גייסט פון „רובאַיאָט" און האָט דערביי אויך בשום אופן ניט פאַרנאַכלעסיקט דעם קערפּער.

מען האָט פיצדזשעראַלדן פאַרגעוואָרפן זיין צו פרייע איבערזעצונג. אָבער נאָר אויף אַזאַ אופן איז בכלל מעגלעך געווען צו ווייזן אונז אָמאַרן. אגב איז אַ באַוואוסטער כאַיאַם פאָרשער, עדוואַרד הערון־עלען, וואָס האָט אַליין איבערגעזעצט וואָרטערלעך דעם זעלביקן מאַנוסקריפּט, וועלכן פיצ־דזשעראַלד האָט געהאַט פאַר זיך, און וואָס האָט גרינטלעך נאָכגעפּאָלגט פיצדזשעראַלדס אַרבעט, יעדן שריט זיינעם, געקומען צום שלוס, אַז פיצ־דזשעראַלד האָט ניט אומזיסט געשריבן צו זיין פריינד, פּראָפעסאָר קאָועל, אַז „קיין איבערזעצער האָט קיינמאָל אַזוי פיל ניט געאַרבעט איבערן אָריגי־נאַל, ווי איך", „כאָטש ניט כדי צו געבן אַ וואָרטלעכע איבערזעצונג".

דער סך־הכל פון הערון־עלענס אַנאַליז איז: „פון פיצדזשעראַלדס פערזן זיינען 49 טרייע און שיינע פאַראַפראַזירונגען פון איינצלנע רובאַיען; 44 זיינען אויפגעבויט פון מער ווי איין רובאַי אין אָריגינאַל; צוויי זיינען אינ־ספּירירט פון פערזן אין ניקאָלאַס טעקסט; צוויי רעפלעקטירן דעם גאַנצן גייסט פון דער אָרגינעלער פּאָעמע; צוויי זיינען באַאיינפלוסט פון אַ ווערק פון דעם פּערסישן דיכטער אטאַר, און נאָך צוויי זיינען צוערשט אינספּירירט געוואָרן פון אָמאַר, און דערנאָך באַאיינפלוסט געוואָרן פון די אָדען פון האַפיז.

דער אומדאַנקבאַרסטער שטאָף אין אַ פּאָעמע, דאַכט זיך, זיינען אַבסטראַק־ציעס. אָמאַר אין זיין „רובאַיאָט" אָפּעריִרט אַזוי אָפט מיט די אַלגעמיינסטע אַבסטראַקטע באַגריפן, וואָס קענען נאָר געבן, וואָס וועלן זיין לאַנגווייליק פאַר דעם לעזער דעם ניט־ספּעציאַליסט אפילו אין פּראָזע, און דאָך — ווי אָריגי־נעל, ווי פריש. די אידייען אַליין זיינען אויך באַקאַנט, און דאָך — אַזוי אינ־טערעסאַנט דאָס אַלץ צו הערן אין דער וואונדערלעכער ריטמישער איבערגע־בונג. זיין לעבנסלוסט איז ניט היסטעריש און ניט מיסטיש. זיינע „ווייך, ווייב און געזאַנג" אויסרופן קומען אַרויס אַזוי נאַטירלעך און שאַקירן ניט. און איר הערט דאָ ניט די רייד פון סתם אַ פאַרשיכורטן, נאָר דאָס רעדט צו אונז די לויטערסטע נשמה, וואָס איז „נאָך ביים באַשאַף געפלויגן נאָך פּען און טאָוול, פּאַראַדיז און העל", וואָס האָט אַלץ געזען און פאַרנומען. ביי אַלע אַנ־דערע פּערסישע דיכטער האָבן מיר מיסטיק, פּאַנטעאיזם און דעם מענטשן אַ פאַרשמאָלצענעם אין דעם וועלט־פייער, וואָס טיילט זיך קוים־קוים פון דעם וועלט־שטאָף אַרויס. ביי אָמאַרן האָבן מיר אָמאַרן גופא, דעם מענטשן אָמאַר

אַלכאַיאַמי, וואָס איז איצט פּונקט אַזוי יונג און מאָדערן, ווי ער איז מיט אַכט הונדערט יאָר צוריק געווען אַלט און רייף מיט חכמה.

די סתירות אין אָמאַר כאַיאַמען קען מען זען פּשוט, ווי פאַרשיידענע שטימונגען און פאַרשיידענע פאַזן פון באַנעמען דאָס לעבן. אַזוי פּרואוון דאָס דערקלערן זשוקאָווסקי און אַנדערע אויטאָריטעטן. אָבער מיט די אַלע סתירות, וואָס ווייזן, דאַכט זיך, אויס גאָר אוממעגלעך אין איינעם און דעם זעלביקן מענטשן, שטייט ער, דער מענטש, פאַר אונז אַזוי בולט, אַז נעמט צו איינע פון די סתירות, וועט זי שטאַרק פעלן, ווייל אַלץ אין אים איז אַזוי באַלאַנסירט, געדאַנק און וואָרט זיינען אַזוי האַרמאָניש, סיי באַזונדער און סיי איינס אַנטקעגן דעם אַנדערן.

אַ זאַך, וואָס לעבט אַן אייגן לעבן, לאָזט זיך ניט דעפינירן. אָמאַר האָט זיך זיין גאַנץ לעבן געצויגן צו אַזאַ מין דעפיניציע פון דעם לעבן גופא. לויט אַ לעגענדע, זאָל דאָס האָבן געווען זיין תפילה פאַרן טויט. ער אַליין איז פאַר זיינע פאַרשער און מפרשים געווען דאָס זעלביקע. און די געשיכטע האָט אים ווי צוגעגעבן דעם לעצטן זשעסט, פאַרבאָרגנדיק אייניקע שטריכן פון זיין גייסטיקער אידענטיטעט. דער אָריענטאַלישער סקעפּטיקער אָמאַר שטייט פאַר אונז מיט דעם זשעסט: „נעמט מיך אַזאַ, ווי א י ר קענט מיך אויפנעמען.״

אַ טיף־וויברירנדיקע נשמה קאָן ניט ניט געבן קיין פולקאָמע פאָרם. דער מייסטער טרעט אָפט ביים ראַנד פון באַנאַליטעט און פאַלט קיינמאָל ניט אַראָפּ. זיין טרויער שאַקירט קיינמאָל ניט, זיין „באַנאַליטעט״ איז אין ערגעץ ניט באַנאַל. איר נעמט אָן זיין טעמע, וואָס זי זאָל ניט זיין. זיין פּעסימיזם קען עמיצן אויסווייזן צו פּאָפּולער. עמיצער וועט, אגב, זאָגן, אַז אויף אַזאַ פראַגע קען מען היינט י אָ געבן אַ וועלכן עס איז ענטפער. ער וועט אָבער מוזן צוגעבן, אַז קיינער האָט די פראַגע גופא ניט געשטעלט אַזוי שאַרף און אַזוי שיין. דער אינהאַלט ווערט דאָ יעדנפאַלס דערהויבן פון דער וואונדערלעכער פאָרם.

ווען דער אָרימער איבערשרייבער יערבודאַקי האָט פאַרענדיקט זיין באַשיידענע קאַליגראַפישע אַרבעט „מיט נצחון״, האָט ער פאַר די שפּעטערדיקע דורות איבערגעגעבן און צוגעגרייט נאָך אַ גרעסערן טריאומף, דעם טריאומף פון פאָרם, און אַ נייעם שטרייט איבער זיין מייסטער אָמאַר כאַיאַם צווישן די אפּיקורסים און סופים פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

יעפים ישורין

# י. קיסין־ביבליאָגראַפיע


**איוועניסקי, מ.:** „ווילנא“, דבר, **תל־אביב, אָקטאָבער 9, 1935.**

**אייזלאַנד, ר.:** „ס'איז אָוונט, מיין נשמה“ (ביים פרישן קבר פון י. קיסין „טאָג“, **ניו־יאָרק, יולי 9, 1950.**

**אַראָנסאָן, גריגאָרי: אַ נייע לידער־אַנטאָלאָגיע.** „דער וועקער“ **ניו־יאָרק, יאַנואַר 15, 1944, ז"ז 10־11.**

**אָשעראָוויטש, מ.** דער „פאָרווערטס“, **75 יאָר יידישע פרעסע אין אַמעריקע, ג. י. 1945, זז. 59, 61.**

**אָשעראָוויטש, מ.:** די **געשיכטע פון „פאָרווערטס“,** פאָרווערטס **ניו־יאָרק נאָוועמבער 9, 1947.**

**באַטאַשאַנסקי, יעקב:** ניו־יאָרק גיט אַרויס אַ ריזיק זאַמלבוך וועגן ווילנע. די **פרעסע, בוענאָס־איירעס, יוני 5, 1935.**

„ „ **י. קיסין, דער פאָעט און פאָעטישער מענטש.** די פרעסע, **בוענאָס־איירעס, יולי 1, 1950.**

„ „ **אַ בוך וואָס באַלויכט 700 יאָר יידיש לעבן און שאַפן אין ליטע.** די פרעסע, **בוענאָס־איירעס, יאַנואַר 9, 1952.**

**ביאַלאָסטאָצקי, ב. י.:** אַ וויכטיק בוך וועגן ווילנע. דער פריינד, **ניו־יאָרק, יוני־יולי, 1935, ז"ז 9־12.**

„ „ **ב. וולאַדעק — אין לעבן און אין שאַפן.** דער פריינד, **ניו־יאָרק, מאַי 1936, ז' 9.**

„ „ **דער „בונד“ און די יידישע ליטעראַטור.** אונזער צייט, **ניו־יאָרק, נאָוועמבער־דעצעמבער 1947, זייט 52.**

„ „ **י. קיסין — כאַראַקטער־שטריכן פון פאַרשטאָרבענעם שרייבער און פאָעט.** פאָרווערטס, **ניו־יאָרק, יולי 25, 1950.**

„ „ **דער פאָעט קיסין. 41 יאָר סעמעטערי דעפּאַרטמענט אַרבעטער־רינג, ניו־יאָרק, 1951, ז"ז 66־69.**

**בן־דוד: דער מאָנומענט „ליטע“.** לעצטע נייעס, **תל־אביב, מערץ 14, 1952.**

**גלאַטשטיין יעקב: צו די שלושים נאָך י. קיסין.** מאָרגן־זשורנאַל, **ניו־יאָרק, יולי 28, 1950.**

„ „ **ליטע — אַ מאָנומענט.** אידישער קעמפער, **ניו־יאָרק, דעצעמבער 28, 1951, ז"ז 12־13.**

[גלאַנץ, א.] א. לעיעלעס: וועלט און וואָרט. טאָג, ניו־יאָרק, יולי 1950,8.

„ „ וועלט און וואָרט. טאָג, ניו־יאָרק, דעצעמבער 1, 1951.

[גלאַנץ, א.] א. לעיעלעס: וועלט און וואָרט. „טאָג“, נ. י. אָקט. 1952,11.

העריטאַן, ב. צ.: ווילנע — ירושלים דליטע. „שיקאַגאָ“, סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1935, ז"ז 41־42.

וויערניק, פּ.: אונעזר פּיל־שפּראַכיקע ליטעראַטור. מאָרגן־זשורנאַל, ניו־יאָרק, מאַי 5, 1935.

[וויינרייך, דר. מאַקס] פּ. בערמאַן: צום אייביקן אָנדענק פון ליטווישן יידנטום, פאָרווערטס, ניו־יאָרק נאָוועמבער 11, 1951.

„ „ דער אינהאַלט פון גרויסן זאַמלבוך „ליטע“. פאָרווערטס, נאָוועמבער 18, 1951.

זינגער, ש. ד., ב. וולאַדעק: אין לעבן און שאַפן, צוקונפט; נ. י. אָקט. 1938. ז. 618.

יודעלאָוויטש, י. ש.: ליטע. אַפריקאַנער אידישע צייטונג, יאָהאַנעסבורג, דעצעמבער 28, 1951, און יאַנואַר 18, 1952.

ישורין יעפים: פופציק יאָר „צוקונפט“ (1882־1943), צוקונפט, ניו־יאָרק, מאַי־יוני, 1942, זייט 350.

„ „ 50 יאָר „צוקונפט“ — ביבליאָגראַפיע. צוקונפט, ניו־יאָרק, אָקטאָבער 1942, ז. 636.

לאַדסקי, מ.: פּנקס „ליטע, לעצטע נייעס, תל־אביב, אַפּריל 4 און 18, 1952.

לאַדסקי, מ.: פּנקס „ליטע“. די פּרעסע, בוענאָס איירעס. אויג. 12, 1952.

לאַנדוי, זישא: אַנטאָלאָגיע — די אידישע דיכטונג אין אַמעריקע ביז 1919, פאַרלאַג אידיש, ניו־יאָרק, 1919, ז"ז 137־143.

לעבעדיגער (דער): אויפן ליטעראַרישן יאַריד. מאָרגן־זשורנאַל, ניו־יאָרק, יאַנואַר 29, 1950.

„ „ אויפן ליטעראַרישן יאַריד, מאָרגן־זשורנאַל, ניו־יאָרק, יולי 16, 1950.

מוקדוני דר. א.: יונגע שריפטן פון אַ פופציק־יעריקן שרייבער. — אַ בוך פון ברכות און אָפּשאַצונגען פון ב. וולאַדעק צו זיין 50־יעריקן יובילי. מאָרגן־זשורנאַל, ניו־יאָרק, פעברואַר 26, 1936.

„ „ צום אַכציקסטן געבורטסטאָג פון אַב. קאַהאַן, מאָרגן־זשורנאַל, ניו־יאָרק, אַפּריל 23, 1941.

„ „ חורבן ליטע. מאָרגן־זשורנאַל, ניו־יאָרק, דעצעמבער 9, 1951 און דעצעמ־בער 16, 1951.

מינקאָוו, נ. ב.: אַן אַנטאָלאָגיע מלחמה־לידער. דער פריינד, ניו־יאָרק, נאָוועמבער־דע־צעמבער, 1943, ז"ז 10־11.

„ „ י. קיסין (אויפן פרישן קבר). קולטור און דערציאונג, ניו־יאָרק, נאָועמ־בער, 1950, ז"ז 7־8.

מיימאָן ב.: י. קיסין, פאָרווערטס, ניו־יאָרק, יוני 28, 1950.

מענעס ,א.: ליטע. צוקונפט, ניו־יאָרק, יאַנואַר 1952, ז"ז 41.39.

נאַקס, דר. עזריאל: ממעקים. „לידער פון דער מלחמה“ פון י. קיסין, צוקונפט, ניו־יאָרק, דעצעמבער 1944, ז"ז 770־772.

ניגער, ש.: פון אַ לעזערס און אַ שרייבערס נאָטיץ־בוך, טאָג, ניו־יאָרק, יוני 21, 1925.
„ „ געלייענט און געשריבן, טאָג, ניו־יאָרק, יאַנואַר 29, 1939.
„ „ געלייענט און געשריבן, טאָג, ניו־יאָרק, מאַי 9, 1942.
„ „ געלייענט און געשריבן, טאָג, ניו־יאָרק, יולי 4, 1948.
„ „ ליטע. טאָג, ניו־יאָרק, מאַי 4, 1952.

סדן דב.„ מבוא־שירה, בריש וינשטיין. הוצאת ספרים מ. ניומן. תל־אביב תשי״א. ז׳ 13.

סודאַרסקי, דר. מ.: צום אָנדענק פון אַ גוטן שרייבער און ליבן חבר. „טאָג״, ניו־יאָרק, סעפטעמבער 17, 1950.

סיג: ב. וולאַדעק — דער 50־יעריקער, דער מאָמענט, וואַרשע, מערץ 27, 1936.

סיגאַל, י. י.: י. קיסין קענעדער אָדלער, מאָנטרעאָל, יולי 17 1950.

פיניס, י. א.: וועגן דעם זאַמלבוך־„ווילנע״. האוואַנער לעבן, האַוואַנאַ, מאַי 10, 1935.

פרומקין, א.: ווילנע אין וואָרט און אין בילד. „פרייע אַרבעטער שטימע, ניו־יאָרק, מאַי 31, 1935.

ראַבינאָוויטש, ש.: „ווילנע״. צוקונפט, ניו־יאָרק, סעפטעמבער 1935.

ראַגאָף הלל: „ווילנע״. פאָרווערטס, ניו־יאָרק, יוני 23, 1935.
„ „ אַב. קאַהאַן באַקומט אַ ליטעראַרישע מתנה פון זיינע ווילנער לאַנדסלייט, פאָרווערטס, ניו־יאָרק, מערץ 30, 1941.

ראַוויטש מלך: פון מיינע באַגעגעענישן. יקותיאל קיסין. די פרעסע, בוענאָס איירעס, יולי 10, 1944.
„ „ „לידער פון דער מלחמה״. קענעדער אָדלער, מאָנטרעאָל, אויגוסט 4, 1944.

ראָזשאַנסקי, שמואל: וועגן ב. וולאַדעקס געזאַמלטע שריפטן. אידישע ציימונג, בוענאָס־איירעס, מאַי 14, 1936.

רייזען, אברהם: אַ ליד צום אָנדענק פון י. קיסין. פאָרווערטס, ניו־יאָרק, יולי 1, 1950.

רייזען זלמן: י. קיסין (יקותיאל גאָרניצקי). לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָלאָגיע, דריטער באַנד, ווילנע 1929, ז״ז 633־635.

שולמאַן אליהו: אָרום אידיש און אַרום דער אידישער ליטעראַטור, דער וועקער, ניו־יאָרק, אויגוסט 1, 1950, זייט 11.

שטאַרקמאַן, משה: „דער ווילנער״ — רעדאַקציע פון יעפים ישורין, טאָג, ניו־יאָרק, מערץ 29, 1941.
„ „ ספר און שווערד. לידער פון מלחמה פון י. קיסין, טאָג, ניו־יאָרק, אָקטאָבער 17, 1943.

שילמאַן, ב.: דאָס בוך „ליטע״. פרייע אַרבעטער שטימע, נ. י., פעב. 29, 1952. ז. 5.

שענדעריי, א.: מסכת ליטע. אידישע ציימונג, בוענאָס איירעס, יאַנואַר 9, 1952.

תלוש: י. קיסין (צו זיין ערשטן יאָרצייט. ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, יוני 29, 1951 און יולי 27 1951.

אחיספר, ניו־יאָרק, 1943. י. קיסין, זייט 442.

אידישע פרעסע, ריאָ דע זשאַנעיראָ, ב. וולאַדעק — צוויי ביכער. פעברואַר 21, 1936.

דבר, תל־אביב, אויגוסט 30, 1935, בספלות ובאמות.
ווילנער טאָג, מאַי 1935, דאָס זאַמבלוך „ווילנע״.
טאָג, ניו־יאָרק, פעברואַר 19, 1936, אַ באַנד שריפטן פון ב. וולאַדעק און אַ בוך וועגן אים.
טאָג, ניו־יאָרק, יוני 27, 1950, קיסין, באַקאַנטער אידישער דיכטער געשטאָרבן אין עלטער פון 64 יאָר.
מאָרגן־פרייהייט ניו־יאָרק, יוני 27, 1950, באַקאַנטער דיכטער י. קיסין געשטאָרבן.
פאָרווערטס, ניו־יאָרק, יוני 26, 1950, י. קיסין, באַקאַנטער דיכטער און „פאָרווערטס״־מיטאַרבעטער, געשטאָרבן צו 64 יאָר.
פאָרווערטס, ניו־יאָרק, יוני 27, 1950, טרויער־אויסדרוקן אויפן טויט פון דיכטער י. קיסין.
פאָרווערטס, נ. י. יולי 2, 1950. די לויה פונ׳ם דיכטער י. קיסין, קומענדיקן דאָנערשטאָג.
פאָרווערטס, ניו־יאָרק, יולי 7, 1950, גרויסער עולם קומט אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד צו י. קיסין.
פאָרווערטס. ניו־יאָרק. אָקט. 11 1950. פּאַבליק לייברערי קריגט ביכער זאַמלונג פון פאַרשטאָרבענעם פאָרווערטס שרייבער י. קיסין.
פאָרווערטס, ניו־יאָרק, יוני 20, 1951, היינטיקן זונטיק די מצבה־אויפדעקונג אויף דעם קבר פון י. קיסין.
פאָרווערטס, ניו־יאָרק, יוני 22, 1951, היינטיקן זונטיק די מצבה־אויפדעקונג אויפן קבר פון י. קיסין.
פאָרווערטס, ניו־יאָרק, יוני 24, 1951, היינט, זונטיק, די מצבה־אויפדעקונג אויפן קבר פון י. קיסין.
The Universal Jewish Encyclopedia, Vol. 6, New York, 1942, P. 407. I. Kissin (Pseudonym of Jekuthiel Gornitzki).



